


צוויי־כאָדעשדיקער
ליטעראַריש־קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססס״ר

נאָיאַבער 3 דעקאַבער

1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

# אינהאלט



---


הויפּט-רעדאקטאָר א. ווערגעליס.

רעדקאָלעגיע: נ. אויסלענדער, א. גאָנטאר, ה. דאָבין, מ. טייף, ב. מילער, י. פאליקמאן, ס. פרײַ, ר. רובין.

פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר מ. לעוו.

# טריבונע פון לעבן



שמועל גאָרדאָן

געבוירן אין 1909 אין קאָוונע. פאַרענדיקט דעם מאָסקווער מעלוכע-אוניווערסיטעט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1928. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. וווינט אין מאָסקווע.

## צעלינא

בא דעם צײַטווײַליקן הילצערנעם בריק, וואָס הוידעט זיך אַף פּאָנטאָן-שיפלעך, האָבן, ווי שניט-צײַט באַם עלעוואַטאָר, זיך אויסגעשטעלט אין א לאַנגער ריי יאָמטעוודיק-אויסגעפּוצטע לאַסט-מאַשינעס. קיינער אָבער פון די שאָפערן און פּאַסאַזשירן האָט איבעריקס ניט געײַלט זיך אריבערכאַפּן אַף יענעם ברעג טײַך, ווײַל אײַלן זיך אהין איז שוין אלציינס ניט געווען צו וואָס, — די סאָווירטן, וועלכע ליגן אפן רעכטן ברעג אישים, האָבן שוין סײַווי געהאַט פאַרנומען דעם אויבנאָן פון דער לאָנקע, ווו יעדן יאָר אין דער צײַט פאָרט זיך צונויף אפן ראַיאָנעם פעסטיוואַל קימאַט די גאַנצע דערוואַקסענע באַפעלקערונג פון אלע אכצן יעסילער סאָווירטן. קיינמאָל האָט זיך נאָך דער הילצערנער בריק אזוי פריילעך ניט געהוידעט אַף די שיפלעך, ווי הײַנטיקן זונטיק, אין טאָג פונעם ראַיאָנעם פעסטיוואַל, געווידמעט פערציק יאָר קאַזאַכסטאַן און פערציק יאָר קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון קאַזאַכסטאַן.

בישכיינעס מיט דעם צײַטווײַליקן בריק בויט זיך א שטענדיקער — פון אײַזן און בעטאָן. און כאָטש ער האָט נאָך דערווײַל ניט קיין פאַרדינסטן פאַר דער צעלינא, איז ער דאָך אויסגעפּוצט, ווי דער סאַמע געהויבענער גאַסט. א קלייניקײַט עפּעס: די מאַשינעס וועלן שוין סאָף ווינטער ניט דאַרפן זיך אראָפּלאָזן אפן טײַך מיט אופגעעפנטע קאַבינעס, קעדיי מע זאָל באַצײַטנס קאָנען ארויסשפּרינגען פון דאָרט, אויב דאָס אײַז וועט פּלוצעם נעמען קרעכצן, און פרילינג, ווען עס צעשפּילט זיך דער אישים, וועט די אומגעגנט ניט בלײַבן אָפּגעשניטן פונעם ארום...

צו דער עפענונג פונעם פעסטיוואַל איז שוין געבליבן ניט מער ווי א שאָ, און אַף באַקענען זיך מיט אלע „גאַסן“ און „געסלעך“, וואָס זײַנען הײַנט אינדערפרי אויסגעוואַקסן דאָ אַף דער לאָנקע און באַזעצט געוואָרן מיט רוסן, קאַזאַכן, אוקראַינער, ייִדן, ארמענער, דאַרף מען אמווייניקסטנס כאָטש א דרײַ שאָ. הונדערט שפּראַכן זאָל איך קענען, וואָלט איך אַף הונדערט שפּראַכן זיך דאָ געקאָנט דורכריידן.

פאַר דער לעצטער צײַט בין איך אויסגעווען אין א היפּש ביסל סאָווירטן פון קוסטאַנײַער און צעלינאָגראַדער געגנטן. מיך וווּנדערט שוין ניט, וואָס דאָ, אפן פעסטיוואַל, שטויס איך זיך נאָכאַנאַנד אָן אַף שילדן פון סאָווירטן, וואָס הייסן: „מאָסקאָווסקי“, „בוזולוקסקי“, „ראָסטאָווסקי“, „קורסקי“, „אָרלאָווסקי“, „מינסקי“...

אזוי איז שוין דאָ אפּאָנעם געווען אײַנגעפירט צווישן די ערשטע צעליניקעס: אָנרופן די סאָווירטן מיטן נאָמען פון דער שטאָט, פונוואַנען מען איז געקומען. געווען איז מען, הייסט עס, א מאָסקווער און מען איז געבליבן א מאָסקווער, געווען א קורסקער און געבליבן א קורסקער...

און די ריי בא דעם בריק ווערט אלץ ניט קלענער. עס האַלטן דאָרט אין איין צוקומען און צוקומען יאָמטעוודיק-אויסגעפּוצטע מאַשינעס.

פּלוצעם ווערט אן אָנגעלויף: פון „דוורעטשני“ האָט מען געבראַכט א קאַטיער! עטלעכע און דרײַסיק קילאָמעטער האָט מען אים געפירט מיט דער יאַבאָשע, די קינדער זאָלן הײַנט האָבן

פאַרגעניגן זיך דורכפאָרן איבערן סאַמע מיט פון דעם אישים.

פול מיט מענטשן איז דער אַרוף־באַרג. דאָרט טראָגן זיך אום אַף צעהיצטע פערד באַיאָרטע קאַזאַכן אין געראַמע נידעריקע שטיוול און אין ברייטע כאַלאַטן, אַרומגעגאַרטלטע מיט געקווייטלטע פאַטשיילעס. דאָס גרייט מען זיך צו דער נאַציאָנאַלער קאַזאַכישער שפּיל קאָסבאַר. דער אַראָפּ־באַרג איז אויך באַלאַגערט מיט מענטשן: די פוטבאָל־קאָמאַנדע פון קאַראַקאָלסקער סאָווירט שפּילט מיטן משעמפּיאָן פון יעסילער ראַיאָן — מיט די דוורעטשנער.

ניט ווײַט פון דער צײַטווײַליקער בינע, אַרום וועלכער עס האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט מאַן, זײַנען געשטאַנען סטענדן, באַהאַנגענע מיט דיאַגראַמעס און פאָטאָ־בילדער פון די, וועלכע זײַנען לויטן רוף פון דער פּאַרטיי געקומען פאַרוואַנדלען דעם ווילד־פאַרוואַקסענעם קאַזאַכישן סטעפּ אין פעלדער טווע, אין גערטנער גרינס, אין עפּל־ און ווײַנשל־סעדער. ווען פון די דאָזיקע ערשטע צעליניקעס וואָלט זיך געפאָדערט נאָך אַ יאָר צי צוויי נעכטיקן אין וואַגאָנדלעך און אין ברעזענטענע בײַדלעך, וואָלטן זיי זיך געוויס נישט פאַרטראַכט וועגן די שוועריקײַטן, אויב נאָר פון דעם וואָלט זיך געווענדט, אַז די ערד זאָל זײַן בעקוועד אויסכאָוועון ווינטערווייץ און ווײַנגערטנער... מע וואָלט זיך ניט פאַרטראַכט, ווי עס פאַרטראַכטן זיך ניט קיין סאָלדאַטן באַם גיין אין אַטאַקע, — ס'איז צעלינאַ!

די דיאַגראַמעס אַף די סטענדן דערציילן, אַז פאַר זעקס־זיבן יאָר איז אין דעם ניט איבעריקס גרויסן יעסילער ראַיאָן אויפגעהויבן געוואָרן עטלעכע הונדערט טויזנט העקטאַר און אַז שוין אין די ערשטע יאָרן האָט ער פאַרקויפט דער מעלוכע ניט ווייניקער ברויט, ווי די גרעסטע געגנטן פון דאָרעם־אוקראַינע. די דיאַגראַמעס אַף די סטענדן דערציילן אויך וועגן דער צווייטער צעלינאַ: דאָס באַקומען אַ סך פלייש און מילך.

אַף איינעם פון די סטענדן איז אויסגעהאַנגען אַ בילד אין אייל־פאַרב „די ערשטע זעקס" פון דעם דוורעטשנער טעסליער וולאַדימיר סערגייענקאָ. סאָף ווינטער. דער ווײַס־בלוילעכער שניי איז באַשײַנט מיט דער אָוונטיקער זון, וואָס האָט זיך גענומען פאַרקלײַבן אין אַ וואָלקן, איבערלאָזנדיק אַפן באַראָט פון דער אָנקומענדיקער ווינטערנאַכט די ערשטע זעקס צעליניקעס. דער שאָטן פונעם פאַרבײַשווימענדיקן וואָלקן גליטשט זיך איבערן דעכל פונעם וואַגאָנדל, אין וועלכן די געקומענע וועלן דאַרפן וווינען. דאָס דאָזיקע וואַגאָנדל האָט געבראַכט אַהער אין סטעפּ דער דיזעל־טראַקטאָר „54". ביזן סאַמע האָריזאָנט ציט זיך פונדאַנען אַ טונקעלע באָראָזדע, די ערשטע באָראָזדע, וואָס דער ערשטער טראַקטאָר האָט אויפגעהויבן אינעם פאַרשנייטן סאָף־ווינטערדיקן סטעפּ. דער אָפּשײַן פונעם שײַטער, אַף וועלכן עס הענגט אַ פאַרייכערטער טשײַניק, פאַלט אַף די נאָך גאָר יונגע, קימאַט קינדערשע פּענעמער פון די צוויי באָכערים, וואָס וואַרעמען זיך באַם פײַער. זיי זײַנען אָפּפאָנעם טראַקטאָריסטן, ווײַל ביידע האַלטן אין איין צוקוקן זיך צום טראַקטאָר, וואָס שטייט אויסגעשפּאַנט אין אַ זײַט.

צי האָט אָט די יונגע פרוי מיטן ברעקל קינד אַף די הענט זיך פאַרגעשטעלט, וואָס אַזוינס איז צעלינאַ? אירע גרויסע ליכטיקע אויגן, דער שמייכל אַף די פולבלעכע ליפּן ענטפערן: „יאָ"... און ווײַל זי האָט עס זיך פאַרגעשטעלט, איז זי מיטגעפאָרן מיט איר מאַן דעם טראַקטאָריסט, מיט איינעם פון די צוויי באַם שײַטער — אַ סימען, אַז זיי זײַנען אַהער אַראָפּגעקומען אַף זײַן און בלײַבן אין אַ גליקלעכער און מאַזלדיקער שאָ.

אינעם סאַמע פאָדערגרונט פונעם בילד שטייען געאַרעמט צוויי פרויען, ביידע אין קורצע פּעלצלעך, אין ברייטע קירזאָווע שטיוול און אין סאָלדאַטסקע אושאַנקעס. זיי שטייען באַם אײַנגעפרוירענעם אין דער ערד „סטויפּיקל", אַף וועלכן ס'איז צוגעקלאַפּט אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט: „סאָווירט דוורעטשני"...

...אין דעם לויטערן הימל האָט ווי פריער געסאַרפּעט די זון, און דאָך האָב איך מער געפילט די קעלט, וואָס ווייעט פונעם בילד, די קעלט פון דער צופאַלנדיקער סאָפּווינטערנאַכט.

איך מאַך אַ טראָט נעענטער צום בילד, ווי איך וואָלט מיטן דאָזיקן טראָט זיך געוואָלט דערנעענטערן צו דער „פאָדערשטער ליניע".

מיטאַמאָל דערהער איך הינטער זיך:

— זע נאָר, ווי אונדזער ליע יאַקאָוולעוונע איז דאָ אָנגעמאָלט!..

— ליע יאַקאָוולעוונע?

ווער איז עס, אָט די ליע יאַקאָוולעוונע? שוין ניט דאָס ערשטע מאָל הער איך דאָ אָנרופן איר נאָמען.

דער אָנגעפאָדערנער אוילעם איז געשטאַנען אַרום דער בינע, געזעסן אַפן קאַזאַכישן שטייגער — די פיס הינטער זיך אַף דער הוילער ערד — און זיך צוגעהערט צו דער אַרויסטרעטונג פונעם סעקרעטאַר פון יעסילער ראַיקאָם פון דער פּאַרטיי, דעם העלד פון סאָציאַליסטישער מי אַנאַטאָלי ראָדיאָנאָוויטש ניקולין.

נאָך דער פײַערלעכער עפענונג פונעם פעסטיוואַל האָט אַרום די סטענדן זיך פאַרזאַמלט אַן אוילעם, אַז ס'איז מאַמעש שווער געווען אַהין צוטרעטן.

— אַוווּ איז דאָס ליע יאַקאָוולעוונע, וואָס מע זעט זי ניט? — האָט אַנאַטאָלי ראָדיאָנאָוויטש עמעצן אַ פרעג געטאָן.

— אַף דער סטאַנציע. פאַר דעם קאַראַקאָלסקער סאָווירט איז אָנגעקומען אַ פּאַרטיע קאָמבײַנען „עסקאַ־3", איז גאָלדבערג נאָך פאַרטאָג אַהין אַוועקגעפאָרן.

— אַ־אַ... נו, פאַרשטייט זיך.

אין דעם, ווי דער סעקרעטאר האָט ארויסגעבראכט אָט דעם „א-א... נו, פארשטייט זיך“, האָב איך אופגעכאפּט דעם זעלבן דערהויבענעם און אײַנצײַטיק זאכלעכן טאָן, מיט וועלכן ער האָט מיר הײַנט אינדערפרי געהאט אויסדערציילט די געשיכטע פון זעקס יאָר צעלינא.

צווישן די קאָמוניסטן פון דעם יעסילער ראיאָן האָט ניקולין אויך דערמאָנט דעם דירעקטאָר פונעם קאראקאָלסקער סאָווירט גאָלדבערג.

איצט, ווען איך ווייס שוין, אז די פרוי אפן בילד, וואָס שטייט פון רעכטס, איז ליע גאָלדבערג, פארשטיי איך שוין אויך, אז די אנדערע איז יעוודאָקיא אנדרייעוונא זײַטשוקאָווא, דער בארימטער דירעקטאָר פון סאָווירט „איזשעווסקי“. די ערשטע טריט אָבער אף דער צעלינא האָט יעוודאָקיא אנדרייעוונא געמאכט אין „דוורעטשני“, ווו דער הויפּט-אגראָנאָם איז דאן געווען ליע גאָלדבערג.

* * *

אין עטלעכע טעג ארום, ווען מיר איז אויסגעקומען זײַן אין „לענינישן קאָמיוג“, איינעם פון די גרעסטע סאָווירטן אין קאנט, ווו דירעקטאָר איז דער גענעראל-מאיאָר, העלד פון סאָוועטנפארבאנד אנדריי לארינאָוויטש יעפימאָוו, האָב איך ערשט באנומען דעם פולן באטײַט פון ניקולינס „א-א... נו, פארשטייט זיך!..“

אומקערנדיק זיך מיט יעפימאָוון אפן צענטראלן באציִרק נאָך א לאנגן טאָג ארומרײַזן איבער די צעוואָרפענע בריגאדעס, זײַנען מיר פארבײַגעפאָרן טאסטי-טאלדי, א סטאנציע מיטן זעלבן נאָמען, וואָס דאָס טײַכל ארום סאָווירט.

דערווײַל איז טאסטי-טאלדי, ווי אלע איבעדיקע סטאנציעס און פּאָלוסטאנקעס אף דער נײַער נאָך ניט פארענדיקטער אײַזנבאן-ליניע יעסיל-טורגײַ, ניט פארצייכנט אף קיין איין קארטע, אָבער טומלדיק איז דאָ שוין באלד אזוי, ווי אף אן אלטער מאגיסטראל. צי דאָס, וואָס אזא ברעקל סטאנציע, ווי טאסטי-טאלדי, ווו די צוגן האלטן, דאכט זיך, ערשט אין לערנען זיך גיין אף די פריש-אויסגעלייגטע רעלסן, נעמט שוין אוף אזויפיל גרויסע עשעלאָנען, האָט אים פארוונדערט, צי עפּעס אנדערש, נאָר אנדריי יעפימאָוו האָט פּלוצעם געהייסן דעם שאָפער אָפּשטעלן די מאשין און איז אוועק צום הויכן בארג-אָנשיט, ווו מע האָט געהאלטן אין אויסלאָדן טראקטאָרס און קאָמבײַנען.

פון דעם, וואָס דער עטלעכע-און-פופציקיאָריקער גענעראל-מאיאָר האָט מיר דערציילט וועגן „לענינישן קאָמיוג“, איז געוואָרן קלאָר, אז אוועק איז ער, יעפימאָוו, צו די אָנגעלאָדענע פּלאטפאָרמעס ניט ווײַל די אָנגעקומענע טעכניק איז פאר אים, פארן „לענינישן קאָמיוג“. א סאָווירט, וואָס האָט געקאָנט אין משך פון אוועלכע צען טעג פארזייען צוויי און זעכציק טויזנט העקטאר ערד און דערבײַ נאָך אונטערטראָגן א מאטאָנע נײַן טויזנט העקטאר אופגעהויבענע צעלינא איינעם פון די זעקס נײַגעשאפענע סאָווירטן, נייטיקט זיך דערווײַל ניט אין קיין נײַע מאשינעס. פארוואָס זשע האָט אנדריי לארינאָוויטש פּאָרט אָפּגעשטעלט די מאשין און זיך פארקליבן אף דעם הויכן בארג-אָנשיט?

ווי אן ענטפער אף אָט דער פראגע, האָט זיך צו אונדז מיטאמאָל דערטראָגן זײַן רויִקע שטים:

— רעכטס, רעכטס. גענוג! גלײַך, גלײַך. טאק. אָט!

דאָס האָט ער אָפּגעגעבן א קאָמאנדע די, וואָס זײַנען געזעסן אין דער הייך בא די רודערס פון די אײַנגעשלאָסענע קאָמבײַנען. פון די קאָמבײַנערס האָט זיך געפאָדערט אי געניטקײַט, אי געוואגטקײַט באם אראָפּפאָרן פון דער פּלאטפאָרמע אפן שמאָלן בארג-אָנשיט און פון דאָרטן זיך נאָכדעם אראָפּלאָזן אין דער נידער. און כאָטש צווישן די צוואנציק- און איין-און-צוואנציקיאָריקע באָכערימלעך, וואָס זיצן בא די רודערס, איז נישטאָ קיין איינער, וואָס זאָל האָבן פאָרסירט דעם דניעפּער, דעם ווײַסל, צי דעם אָדער, זײַנען זיי אים דאָך ניט ווייניקער נאָענט, ווי די טאטעס זייערע, וועלכע ער האָט געפירט אף בערלין.

איז אָט וואָס עס האָט געשטעקט אין ניקולינס „א-א... נו, פארשטייט זיך“. כאָטש זיך פאָרשטעלן ליע יאקאָוולעוונען אין דער ראָל פונעם גענעראל אפן הויכן בארג-אָנשיט באם אויסלאָדן די פּלאטפּאָרמעס און אָפּגעבן קאָמאנדעס איז ניט אזוי גרינג...

— איז ווּהין, הייסט עס, האָט איר באשטימט פאָרן? קיין קאראקאָלסק צי אף דער פּאָדערשטער? — האָט מיך א פרעג געטאָן אנאטאָלי ראָדיאָנאָוויטש.

— איר ווילט זאָגן — צוריק אין „טיפן הינטערלאנד“?

— דער קאראקאָלסקער סאָווירט, ווו ליע גאָלדבערג איז דירעקטאָר, גייט נאָך דערווײַל ניט ארײַן אין דער זאָנע פון „טיפן הינטערלאנד“. סאָווירטן פון „טיפן הינטערלאנד“ זײַנען אין אונדזער ראיאָן פאראן דערווײַל בלויז צוויי: „סוואָבאָדני“ און „דוורעטשני“, — האָט דערקלערט ניקולין.

איך געדענק שוין ניט אקוראט, ווו און פון וועמען איך האָב דאָ צום ערשטן מאָל געהערט: סאָווירטן פון דער „פּאָדערשטער ליניע“, סאָווירטן פון „הינטערלאנד“, פון „טיפן הינטערלאנד“. די דאָזיקע אײַנטיילונג איז לאכלומן ניט געווענדט אין ווײַנאָרט, נאָר אין גאָר אנדערע סימאָנים. אשטייגער, דער „אײַזנבאנער“ — איינער פון די גרעסטע סאָווירטן אין לאנד, מיט וועלכן עס פירט אָן שוין דאָס אכטע יאָר דער העלד פון סאָציאליסטישער מי זײַוול אראָנאָוויטש פראנק, — ליגט הארט בא דער אײַזנבאן, און דאָך איז דער דאָזיקער סאָווירט נעענטער צי דער „פּאָדערשטער ליניע“, איידער „סוואָבאָדני“ צי „דוורעטשני“, וועלכע זײַנען היפּש דערווײַ-

טערט פון א סטאנציע און דערצו נאָך יינגער פונעם „אײַזנבאנער“.

קיין איין סאָווידט אין צעלינער קאנט האָט פאר די דאָזיקע יאָרן ניט פארקויפט דער מעלוכע אזויפיל ברויט, וויפל עס האָט פארקויפט דער „אײַזנבאנער“. צו פיר און צו פינף מיליאָן פוד א יאָר, דערצו נאָד וואָלוול ברויט, צו פערציק קאָפעקעס א פוד. און דאָך זײַנען אין די סאָווירטן פון „טיפן הינטערלאנד“, אין „סוואָבאָדני“ און „דוואָרעטשני“, די הײַזער נישט אָנגעוואָרפן, ווי אײנעם איז געפעלן, און ניט געבויט, ווי אינעם „אײַזנבאנער“, פון סאמאן, — מע זאָל זיי דארפן שוין אפן צווייטן-דריטן יאָר אונטערשפארן מיט סלופעס.

צעלינא איז ברויט. גוטע הײַזער, וואסערלייטונג, סעדער, אלייען איז אויך צעלינא. הײַנט פארוואָס איז אָף די פארשטויבטע גאסן און געסלעך פון דעם „אײַזנבאנער“ קימאט ניט צו זען קיין ביימל, דעמלט, ווען אין די סאָווירטן פון „טיפן הינטערלאנד“, אין „סוואָבאָדני“, „דוואָרעטשני“, „איזשעווסקי“, זײַנען פארפלאנצט סעדער און אין דער באטאָגיקער היץ באָדן זיך דאָרט די הײַזער אין קילן שאָטן פון וואקסיקע קליאָנען, טאָפאָלן, אקאציעס; און וואסער פירט מען דאָרט אויך ניט פאנאנדער אין ציסטערנעס. ס'איז דורכגעפירט וואסערלייטונג. אפילע די קאָנטאָרן אין אזוינע סאָווירטן, ווי „אײַזנבאנער“, דערמאָנען גיכער אין א שטאב אָף דער „פאָדערשטער ליניע“. דערפאר אפאָנעם גיט זיך טאקע אויס, אז די מענטשן אין די דאָזיקע סאָווירטן שיידן זיך מיט עפעס אונטער פון די אײַנוווינער אין „הינטערלאנד“. זיי זײַנען מער וואָכעדיק געקליידט, מער פארטאָן. צײַטנווײַז דוכט זיך, אז די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך אָפגעוווינט אונטערשיידן טאָג פון נאכט.

די פארטיי ווייסט, פארשטייט זיך, וועגן דעם, די פארטיי ווייסט, וואָס איז אזוינס פינף מיליאָן פוד ברויט צו פערציק קאָפעקעס א פוד, און דערפאר האָט די רעגירונג, לויט דער איניציאַטיוו פון דעם ערשטן צעליניק, ווי מע רופט דאָ ניקיטא סערגייעוויטש כרושטשאָוון, אָנגענומען א באשלוס אויסבויען פארן „אײַזנבאנער“ א נײַעם צענטראלן יישעוו. א יישעוו פון צוויי- און דרײַשטאָקיקע הײַזער, מיט ברייטע גאסן, אספאלטירטע טראָטוארן, אלייען גרינס. אין דעם צענטראלן באצירק איז פארפלאנירט אלץ, וואָס איז נייטיק פאר א שטאָט: וואסערלייטונג, סעדער, פלעצער...

פריער אָדער שפעטער קומט דאָס זעלבע פאר אויך אין אנדערע סאָווירטן. זיי קלײַבן זיך איבער פון דער „פאָדערשטער ליניע“ אין „טיפן הינטערלאנד“.

איז אָט: אָנשטאָט פאָרן אָף דער „פאָדערשטער“, פירט מיך די מאשין קיין „קאראקאָלסקי“, וועלכער איז דאָ פארעכנט צו די סאָווירטן פון דעם „הינטערלאנד“.

* * *

דער צענטראלער באצירק פונעם קאראקאָלסקער סאָווירט, וווּ פאר די לעצטע כאדאָשים זײַנען צוגעקומען עטלעכע נײַע גאסן מיט שטיינערנע הײַזער, ליגט אפן הויכן ברעג פונעם טײַכל קאראקאָל, וואָס זומער טריקנט עס ערטערווײַז אויס ביזן סאמע דעק און אין פרילינג גיסט זיך עס פאנאנדער אזוי, אז מע זעט קוים ארויס פונעם וואסער די ביימלעך לענגוים דעם ברעג.

מײַן קומען אהער האָט פארוווּנדערט דעם דירעקטאָר פון סאָווירט ליע גאָלדבערג:

— נאָכן „אײַזנבאנער“ צו אונדז? אָסער, אויב איך הייב אָן צו פארשטיין! אונדזער „קאראקאָלסקי“, אין פארגלײַך מיטן „אײַזנבאנער“, ווי זאָל איך אײַך זאָגן... מיר זײַנען דאָך קימאט דער סאמע קלענסטער סאָווירט אין ראיאָן. 18 טויזנט העקטאר כאבאקל, און ברויט האָבן מיר פארקויפט דער מעלוכע א מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט פוד אינגאנצן... און איר האָט אפאָנעם געמיינט...

ביסלעכווײַז ווערט מען צו אלץ צוגעוווינט, און מיך וווּנדערט שוין איצט ניט, ווען איך הער, אז צוויי הונדערט קילאָמעטער איז קיין שטרעקע ניט, טויזנט העקטאר ערד קיין שעטעך ניט, און א מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט פוד ברויט איז... און דאָ קומען מיר ארויף אפן זינען די יידישע יישוווים פון קרים, וווּ איך האָב אמאָל געהאט געוווינט און וועלכע איך האָב נאָכדעם פיל מאָל באזוכט און באשריבן. אָט דער „קלײנינקער“ סאָווירט „קאראקאָלסקי“ איז לויטן פארזיי-שעטעך קימאט אזוי גרויס, ווי צוואנציק קרימער יישוווים.

צי דערפאר, ווײַל דאָ באגעגענען זיך נאָך הײַזער געבויט פון סאמאן, צי דערפאר, ווײַל די גאסן זײַנען דאָ ענלעך אָף די גאסן פון די קרימער יישוווים, נאָר צײַטנווײַז האָט זיך מיר אויסגעגעבן, אז איך בין אָף דעם קרימער סטעפ אין די יאָרן, ווען מע האָט דאָרט געברענט דעם קורײַ, ווי מע ברענט איצט דאָ דעם קאָוויל. דאָרט איז אויך געווען צעלינא. דאָרט אָבער האָט מען געהויבן הונדערטער העקטאר, דאָ — טויזנטער. דאָרט — הויפטזאכלעך מיט פערד און דאָ — מיט מעכטיקע טראקטאָרס...

אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, איז מיר פאר דער גאנצער צײַט ניט אויסגעקומען דאָ צו זען א פערד אין געשפאַן.

דער געמיש פון רייכעס, וואָס עס טיילט ארויס די אויסגעוואָרעמטע ערד, רייכעס פון פרישגעבאקן ברויט, פון נאָרוואָס אָנגעמעלקטער מילך און פון טשערעט, האָט אויך דערמאָנט אָן קרים.

— פאראן בא אונדז עטלעכע מענטשן פון ארום דזשאנקאָי, זאָגן זיי אויך דאָס זעלבע. און איך קום פון אנדערע מעקוימעס, פון ווײַסרוסלאנד... געארבעט דאָרט אלס אגראָנאָם... אונדזער קאנט איז אפן קאזאכסטאנער סטעפ ניט ענלעך.

אַף דער פראַגע, צי האָט מען זי אַהער געשיקט, צי זי איז געפאָרן לויטן אייגענעם ווילן, האָט ליִע גאָלדבערג געענטפערט:

— כ'וועל אײַך זאָגן דעם עמעס, אַז איך פאַרשטיי ביכלאַל ניט דעם אונטערשייד פון געשיקט און געפאָרן אַליין, פון פרײַוויליק און ניט פרײַוויליק. איך בין אַ קאָמוניסט, און ווען די פאַרטיי אונדזערע ווענדט זיך צום פאָלק, איז פריִער פון אַלץ ווענדט זי זיך צו אונדז, קאָמוניסטן.

ווי קליין עס זײַנען ניט, לויט ליִע גאָלדבערגס פאַרשטעלונג, די פעלדער פון „קאַראַקאַלפּסקי" און ווי שנעל עס זאָל זיך איבער זיי ניט טראָגן אונדזער אווטאָמאָביל, דאָך דאַרף געדויערן אַ טאָג, אויב ניט מער, אַף אויסזײַן אין אַלע פינף בריגאַדעס פונעם סאָווירט. דערצו האָט נאָך געטראָפן אַזוי, אַז אין יענעם ווינטיקן טאָג, וואָס איז פלוצעם אויסגעפאַלן, האָט מען ליִע יאַקאָוולעווען אַרויסגערופן אין ראַיאָן אַף אַ צונויפלי פון פרויען-אַקטיוו, און מיר איז אויסגעקומען אומפאָרן איבער די בריגאַדעס אין דער באַגלייטונג פון דעם מאָסקווער באָכערל, דעם שאָפער באָרים.

ליִע יאַקאָוולעוונע זאָל מיר אַפריִער נישט געווען דערציילן וועגן אייניקע פון די, מיט וועמען איך האָב זיך נאָכדעם געטראָפן אין די בריגאַדעס, וואָלט איך זיך מיסטאָמע געמוזט באַנוגענען מיט די ביז גאָר קאַרגע ידיִעס, וואָס יעדער איינער האָט אָנגעגעבן וועגן זיך. די דאָזיקע ידיִעס האָבן בערעך אויסגעזען אַזוי: „געקומען בין איך אַהער פון דאָרט און פון דאָרט, ווען דאָ איז נאָך גאָרנישט געווען, און צוגעטראָטן צו דער אַרבעט". שוועריקײַטן? נו, פאַרשטייט זיך, אַז עס זײַנען דאָ געווען שוועריקײַטן און עס זײַנען פאַראַן שוועריקײַטן. אָבער דערפאַר איז דאָך דאָ מעסוקן אינטערעסאַנט. ס'אַרא ראַכוועס, ס'אַרא טעכניק. דער, וואָס קאָן שווימען, זוכט נישט קיין טײַכלעך, ער זוכט אַ יאַם. אָט...

אין יעדער בריגאַדע הענגט אַ טאָוול, אַף וועלכן עס זײַנען פאַרשריבן אַלע טוישווים פונעם דרײַ-פירהײַזיקן יִשעוו. די אײַנוווינער פון די דאָזיקע יִשווים זײַנען דורכווים טראַקטאָריסטן, קאָמבײַנערס. קיין שטענדיק אָרט אַף דעם טאָוול, וואָס וואָלט זיך אייגנטלעך גאָר געדאַרפט אָנרופן ערן-טאָוול, האָט דאָ קיינער ניט. דאָס איז אָפּהענגיק פון דעם, ווער וויפל פּראָצענט האָט הײַנט אויסגעפילט.

ציפערן... ציפערן... וואָס מער איך טראַכט זיך אין זיי אַרײַן, אַלץ שטאַרקער וואַקסט אין מיר דער פאַרלאַנג: אַפן אָרט פונעם טאָוול אויפהענגען אַ געוויינלעכן קינאָ-עקראַן, און זאָלן ניקאָלײַ פּיראָגאָוו און וואַסילי שעדאָוו, עליע אַראָנאָוו און וולאַדימיר פּלעטניאָוו, אַבדואַלי סאַמאַבאַיעוו און אַלבערט ווײַסגור אַ קוק טאָן אַף זיך אַליין און באַנעמען, וואָס איז אַזוינס צוויי הונדערט, דרײַ הונדערט פּראָצענט. זאָל דער עקראַן באַווײַזן אָט די יאָטן, ווי זיי ראַנגלען זיך צוזאַמל מיטן שלאָף, און ווי דער שלאָף טוט מיט זיי אָפּ אַ שפּיצל — פאַרוויגט זיי אַף צען-פופצן מינוט, און ווי פאַר די דאָזיקע מינוטן פאַרקריכט דער טראַקטאָר אַפן פעלד פון דער שכייניסדיקער בריגאַדע... זאָל ליִע יאַקאָוולעוונע גאָלדבערג אַ קוק טאָן, ווי זי זיצט אין דער קאַלטער בודקע פונעם טראַקטאָר, וואָס איז ווינטער ניט קיין טראַקטאָר, נאָר אַ מאַשין פאַר פּאַסאַזשירן. פלוצעם פליט אָן אַ בוראַן און מע בלײַבט שטעקן אין מיטן רעכטן וועג. פון די בערג שניי, וואָס טראָגן זיך אום איבערן סטעפּ, זעט מען זיך אַליין ניט אַרויס. ווער ווייסט, וויפל צײַט עס וועט נאָך אויסקומען זיצן אין דער קאַלטער בודקע פונעם טראַקטאָר, און וועגן דעם קומט אויס צו טראַכטן, ווײַל בײַ די הייבערס פונעם מאָטאָר זיצט אַ באָכערל, וואָס איז נאָך קיין פולע נײַנצן יאָר ניט אַלט. קעדיי דאָס באָכערל זאָל ווייניקער לייגן אַכט אַף דער קעלט, וואָס ציט פון די אײַזערנע ווענטלעך, און זיך אַזוי ניט צוהערן צום געוווי פון דעם בוראַן, וואָס דערמאָנט דעם געוווי פון וועלף, נעמט ליִע יאַקאָוולעוונע דערציילן געשיכטעס פון איר ווײַטער קינדהײַט, פון אירע קאָמיוגישע יאָרן, און אַז זי ווערט אַנשוויגן, בעט ער, דאָס באָכערל, — נו, און ווײַטער?

זאָל דער דאָקטער פון „דוואָרעטשני" אַנע פּיוונענקאָ זיך דערזען אַפן עקראַן אין באַנאַכטיקן צעבושעוועטן סטעפּ. דער בוראַן גאַנוועט צו פון אונטער די אָנגעצונדענע פאַרעס דעם וועג, און די מאַשין גליטשט זיך אַראָפּ מיט די פאָדערשטע רעדער אַפן געפּלאַצטן אײַז פון דעם אישים. אַנע פּיוונענקאָ באַווײַזט קוים אַרויסשפּרינגען פון דער האַלב-פאַרטרונקענער קאַבינע אַף אַ קריִע. דאָס אײַזקאַלטע וואַסער אין די וואָליקעס בריט די פיס. די איבערגעפרוירענע הענט האַלטן קוים אײַן דאָס רענצל, נאָר אַנע סעמיאָנאָוונע לאָזט זיך צופוס אינעם באַנאַכטיקן צעבושעוועטן סטעפּ. עס וואַרט אַף איר אַ קראַנקער.

— אין זייער שווערע באַדינגונגען געפינען זיך דערווײַל נאָך בײַ אונדז די בריגאַדעס, — דאָס זײַנען געווען די ערשטע ווערטער, מיט וועלכע ליִע גאָלדבערג האָט מיך באַגעגנט בײַ מײַן צוריקערן זיך פון דער רײַזע איבער די בריגאַדעס.

— איך האָב אָבער דאָרט ניט געטראָפן קיינעם, וואָס זאָל מעקאַנע זײַן די מענטשן, וואָס וווינען אַף די צענטראַלע באַצירקן...

— דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס אין די בריגאַדעס וווינט אונדזער קאַדראָווע אַרמיי, ווי מיר רופן די טראַקטאָריסטן און קאָמבײַנערס... ס'איז דען צו באַגרײַפן, מיט וואָס פאַר אַ מעכטיקער טעכניק דאָס לאַנד האָט אונדז באַוואָפנט? אַז עס גיבן זיך באַנאַכט אַ צינד אָן די פאַרעס, דוכט זיך, אַז מען איז אין אַ גרויסן האַפן. אין די טעג, ווען עס גייט דאָס גרויסע ברויט צו די עלעוואַטאָרס, זײַנען אונדזערע וועגן ניט ווייניקער באַלעבט, ווי די מאָסקווער גאַסן. דאָס אַלץ דאַרף מען אַליין זען, אַנדערש איז שווער צו באַ-

גרײַפֿן, וואָס אַזוינס איז צעלינאַ. פֿאַר זעקס־זיבן זומערס אויסבויען אין סטעפּ אַזויפֿיל ישובֿים, אַזויפֿיל עלעקטראָסטאַנציעס, עלעוואַטאָרס... עס לאָזט זיך דען אַלץ אויסרעכענען? ס׳וועלן דורכגיין נאָך אַ פּאָר יאָר, און מיר אַליין וועלן פֿאַרגעסן, אַז אונדזער ישובֿ איז באַשטאַנען נאָר פֿון אָט דער איין־און־איינציקער גאַס — ליִע יאַקאָוולעוונע האָט אָנגעוויזן אויף אַ פּאָטאָ, וואָס איז געהאַנגען צווישן פֿילצאָליקע גראַמאָטעס, מיט וועלכע ס׳איז באַלוינט דער סאָווירט. אויף דער פּאָטאָ ציט זיך אַוועק אַ גאַס פֿון וואַגאָנדלעך און פּאַלאַטקעס. זיי שטייען אײַנגעגראָבן אין שניי קימאַט ביז די סאַמע פֿענצטער.

— אָט אין וואָס פֿאַר אַ „פּאַלאַצן" עס איז אויסגעקומען ווינטערן די מאָסקווער, די לענינגראַדער, קיִעווער, מינסקער יוגנטלעכע, וואָס זײַנען געוווינט געווען צו גרויסשטאָטישע דירעס מיט פּאַרקעט, מיט גאַז, מיט וואַנעס. ווייניק קענען מיר נאָך אונדזער יוגנט. וויפֿל מאָל איז מיר אויסגעקומען מאַמעש מיט גוואַלד אַראָפּשלעפּן די טראַקטאָריסטן פֿונעם טראַקטאָר, זיי זאָלן כאָטש אויף אַ פּאָר שאָ זיך צולייגן שלאָפֿן! אָט פֿון וואָס פֿאַר אַ יוגנט עס באַשטייט די „קאַדראָווע אַרמיי" אונדזערע.

מיטאַמאָל איז זי אַנשוויגן געוואָרן:

— איר הערט? אַ סאָלאָוויי.

ווירקלעך. באַם טײַך האָט געזונגען אַ סאָלאָוויי.

— איר הערט, איר הערט, — האָט ליִע יאַקאָוולעוונע נישט אויפֿגעהערט זיך בידעשן, אַרויסרוקנדיק זיך דערבײַ קימאַט אינגאַנצן פֿון פֿענצטער, — נײַן, דאָס דאַרף מען דאָך באַגרײַפֿן. ווער ווייסט, צי דער סטעפּ הערט דאָ ניט צום ערשטן מאָל אַ סאָלאָוויי? מיר האָבן פֿון לאַנג שוין באַמערקט, אַז אייניקע געוויקסן גייען נאָך דעם מענטשן, לאָזט זיך אויס, אַז פֿייגלען פֿליִען אונדז אויך נאָך...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך ווידער אומגעקערט צו דעם איבערגעריסענעם געשפּרעך:

— ס׳איז קיין סאָד ניט, אַז אין איין צימער וווינען אַמאָל בײַ אונדז צו צוויי פּאָרפֿאָלק, און אַמאָל קומט אויס באַזעצן אַ יונג פּאָרל בײַ עמעצן אין קיך אויך... בויען און בויען — אָט וואָס מיר דאַרפֿן איצט... נישקאָשע, אָט די ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס קומען צו אונדז מיט קאָמסאָמאָלסקע פּוטיאָווקעס, וועלן מיט דער צײַט אויסבויען בעסערע הײַזער, ווי אויף די „אינדיווידועלע גאַסן", ווי מיר רופֿן זיי דאָ.

„אינדיווידועלע גאַסן"!

קימאַט אין יעדן סאָווירט באַגעגענען זיי זיך, אָט די „אינדיווידועלע גאַסן", כאָטש הייסן הייסן זיי גאָר „אישימער", „טראַקטאָרנע"... אָבער רופֿן רופֿט מען זיי לויטן נאָמען פֿון דער שטאָט, פֿונוואַנען עס שטאַמט דער ערשטער אײַנוווינער. וווּנדערט טאַקע, וואָס די „אינדיווידועלע גאַס" אין קאַראַקאָלסק האָט זיך ניט אַ נאָמען געגעבן „פּאָלטאַווער", ביפֿראַט נאָך, אַז ניט נאָר דער ערשטער אײַנוווינער פֿון דער דאָזיקער גאַס, דער שמיד מעלניק, שטאַמט פֿון פּאָלטאַווע. אַזוי איז שוין דאָ: האָט זיך נאָר באַוויזן אַ נײַער מענטש, מעג מען שוין זײַן אַבסאָלוט זיכער, אַז אין אַוועלכע דרײַ־פֿיר כאָדאָשים אַרום וועט זיך דאָ אָנקלײַבן אַ גאַנצע לאַנדסמאַנשאַפֿט פֿונעם זעלבן קאַנט צי פֿון דער זעלבער שטאָט, פֿונוואַנען עס שטאַמט דער ערשטער שאָליעך.

אַזוי איז דאָ טאַקע געווען מיט די פּאָלטאַווער. געקומען אַ גאַנצע לאַנדסמאַנשאַפֿט און אויסגעבויט זיך אַ פּאָלטאַווער גאַס: פֿריילעכע, ליכטיקע הײַזער מיט צאַרט־בלויע לאָדנס, מיט אויסגעשניצטע פֿייגלען אויף די קאַרניזן, מיט בלומען־טעפּלעך אויף די פֿענצטער און יונגע אַקאַציע־ביימלעך הינטער די פֿענצטער, מיט טויבנשלאַקן אונטער די שיפֿערנע דעכער און אַרומגעצאַמטע הויפֿן, איבער וועלכע עס דרייען זיך גאַדלעסדיק אום אָנגעבלאָזענע אינדיקעס, קאַטשקעס און הינער. דאָס ערשטע, וואָס וואַרפֿט זיך אין די אויגן, אַז מע גייט אַרײַן צו די פּאָלטאַווער, זײַנען די אויסגעוייטע האַנטעכער אין די ווינקלען און די באַגילדעטע, עטוואָס פֿאַרייכערטע ראַמען, אין וועלכע עס זײַנען אַרײַנגעפּאַסט בילדער פֿון דעם באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע, ווען זיי זײַנען נאָך געווען כאָסן־קאַלע.

בײַ פֿיאָדאָר יעפֿימענקאָ אין שטוב זײַנען אונטער די אויסגענייטע אוקראַיִנישע האַנטעכער געהאַנגען אין די באַגילדעטע אָנגעגלאָזטע רעמלעך גראַמאָטעס, וועלכע ער און די פֿרוי זײַנע, אַנע מאַקסימאָוונע, און דער בעניאַכיד זייערער גריגאָרי האָבן באַקומען פֿאַר די זיבן יאָר צײַט, וואָס זיי זײַנען אויף דער צעלינאַ. אין אַ באַזונדער רעמל הענגען די דרײַ אוקאַזן פֿונעם פּרעזידיום פֿון אויבער־סאָוועט וועגן באַלוינען דעם קאָמבײַנער פֿיאָדאָר לאַזאַרעוויטש יעפֿימענקאָ מיטן טיטל העלד פֿון סאָציאַליסטישער מי, די קאָמבײַנערן אַנע מאַקסימאָוונע יעפֿימענקאָ מיטן אָרדען „ערן־צייכן" און דאָס פֿערצניאָריקע באָכערל זייערס גריגאָרי מיטן מעדאַל „פֿאַר אויסגעצייכנטער אַרבעט".

וועגן דעם, וויִאַזוי דער קאָמוניסט פֿיאָדאָר יעפֿימענקאָ האָט גענומען צו זיך אויפֿן קאָמבײַן פֿאַר געהילפֿן די פֿרוי זײַנע מיטן זון און ווי פֿאַר דער גאַנצער צײַט פֿונעם שניט האָבן זיי קיין איין מאָל ניט גענעכטיקט אין דער היים, האָט מיר געניי דערציילט דער שאָכן זײַנער, דער שמיד מעלניק, און דערבײַ זיך „באַקלאָגט", אַז פֿאַרן זומער האָט יעפֿימענקאָ אים ניט געגעבן קיין פּרוטע צו „פֿאַרדינען", קיין איין מאָל איז דער קאָמבײַן ניט געווען אין רעמאָנט...

* * *

נאָך אַ שאָ פֿאָרן פֿון „קאַראַקאָלסקי" שנײַדן מיר איבער די „גרענעץ", און עס טוען זיך אַ לאָז אונדז אַנטקעגן די פֿעלדער פֿונעם סאָווירט „דוואָרעטשני" — דאָס „טיפֿע הינטערלאַנד".

דער שאָפער, וואָס האָט ביז אהער געיאָגט די מאשין אף דער גרעסטער שנעלקײַט, איז מיטאמאָל איבערגעגאַן אף אזא שטילן גאנג, אז די ניט איבעריקס פלינקע סורקעס באַווײַזן אונדז איבערלויפן דעם וועג. דאָס איבערשליסן דעם מאָטאָר האָט געקאָנט באַטײַטן נאָר איינס: ווי קאָן מען עס אזוי העפקעדיק דורכשווינדלען פארבײַ אזעלכע פעלדער ווייץ און קוקורוזע, וואָס האָבן, דוכט זיך, קיין אָנהייב און קיין ברעג ניט?

וואָס נאָך איז געשען מיטן שאָפער, וואָס ער האָט באַם ארײַנפאָר אין סאָווירט גאָר אינגאנצן אויסגעשלאָסן דעם מאָטאָר, ווי בא אן אראָפּגעלאָזענעם שלאגבוים, און אזוי פארכידעשט זיך ארומגעקוקט?

ס'ערשטע מאָל, פון זינט ער איז אף דער צעלינא, קומט אים אויס באגעגענען אף די פראנק-פרײַע וועגן פונעם סטעפּ צייכנס, זועלכע וואָרענען, אז דאָ טאָר מען ניט פאָרן, דאָ טאָר מען זיך ניט אָפּשטעלן.

— פּונקט, ווי בא אונדז אין מאָסקווע... נו, און סיגנאליזירן טאָר מען אויך נישט, האַ?

וואָס איז שוין ווידעראמאָל געשען מיטן שאָפער, וואָס ער האָט אזוי ראַשיק אופגעפּראלט דאָס טירל פון קאבינע און ארויסגעשפּרונגען פון דאָרט מיט א געשריי: „איך טוט נאָר א קיק! ניין, אזוינס האָב איך נאָך אף דער צעלינא ניט געזען!"

איך זע אויך דאָ צום ערשטן מאָל אזויפיל ביימער אף די גאסן פון א יִשעוו, און טאקע דערפאר וווּנדערט אונדז שוין ניט, וואָס מיר זײַנען געצווווּנגען גיין צופוס: אין „דוווּרעטשני" איז פארווערט צופאָרן צו דער קאָנטאָר אפילע אף א לײַכטער מאשין. די הײַזער זײַנען דאָ ווײַס, ווי ניט צײַטיקע קוקורוזע, און די בלעטער אף די צווײַגן — גרין און פריש, ווי נאָך א רעגן.

ווי שיין און וויל-אײַנגעאָרדנט עס איז אָבער ניט אָט דער גרינער גרויסער יִשעוו, אין וועלכן עס זײַנען אפילע פאראַן איינציקע הײַזער מיט וואסערלייטונג און וואנעס, — דאָך איז עס, פארשטייט זיך, נאָך נישט יענץ „טיף הינטערלאנד", וועגן וועלכן ס'האָט געערדט לױע גאָלדבערג. אָבער פאָרשטעלן זיך, ווי אזוי אנערעך וועט אויסזען א יִשעוו אין סטעפּ אין די נאָענטסטע יאָרן, דאָס קאָן מען. אויב ריידן וועגן דוווּרעטשנער סאָווירט, וועלן דאָ זײַן יִשוווים מיט ברייטע, גלײַכע גאסן, מיט צווייעטאָקיקע און דרײַשטאָקיקע שטיינערנע הײַזער.

...אין קאָנטאָר האָבן מיר, אויסער דער אופראמערן, קיינעם ניט געטראָפן.

— אלע זײַנען אפן סטאדיאָן, — האָט זי געזאָגט, — איך אייצע אײַך א קוק טאָן, ווי עס שפּילן אונדזערע פוטבאָליסטן, אָט זעט... — זי האָט צעפּראלט די טיר פון קאבינעט ניט אזוי צוליב באַווײַזן די „קובקעס", וועלכע זײַנען געשטאנען אין א גלעזערנער שאַפע, ווי זיך אויספײַנען, וואָס פאר א קאבינעט עס איז בא זיי אין „דוווּרעטשני"...

די גרינע גאס האָט אונדז געבראַכט צו פירן צו א פארוואקסענער לאָנקע מיט פעלד-בלומען, אף וועלכע פיר- און פינפיאָריקע קינדער האָבן זיך געאמפּערט, וועלכע קווייטן מעג מען דאָ רײַסן, אז דער פעטער וואניע זאָל זיך נישט בייזערן.

כ'האָב אים קיינמאָל ניט געזען, דעם פעטער וואניען, נאָר עס גיט זיך מיר אויס, אז בא אים דארפן זײַן בלויע לויטערע אויגן און א זינגעוודיקע שטים, ווען ער בייזערט זיך אף די קינדער, וואָס פרווון אומבאמערקט דורכקריכן דורך די גראטעס אין סעדל און אָפּרײַסן א צווײַגל בעז, צי ארײַנגאנווענען זיך אינעם עפּלגאָרטן, וואָס יעוודאָקיא זײַטשוקאָווא און לױע גאָלדבערג האָבן דאָ פארפלאנצט, ווען די דאָזיקע קינדער זײַנען נאָך אף דער וועלט נישט געווען.

אין דער זעלבער צײַט שטעלט זיך מיר פאָר, אז דער דאָזיקער פעטער וואניע וואָלט די בעסטע פון די בעסטע נײַ-אויסגעבויטע הײַזער אָפּגעגעבן פאר קינדער-גערטנער, און יעדן צײַטיקן עפּל פון בוים אָפּגעטראָגן אהין.

אָט אזוי שטעלט ער מיר זיך פאָר, דער שטרענגער פעטער וואניע, וואָס ציטערט אזוי איבער יעדן צווײַגל, איבער יעדן קווייטל.

ניט ווײַט פון דעם סטאדיאָן מיט די געדעקטע טריבונעס (אף אויסבאהאלטן זיך פון זון און פון רעגנס) בלײַבן מיר שטיין פארווּנדערט. אף א הויכן צעמענטירטן שטיינערנעם פּאָסטאמענט שטייט א מעכטיקער טראַקטאָר „עס-80". ער שטייט מיט די רויפּעס פאריסן צו דער הייך, ווי ער וואָלט האלטן אין מיטן גיין. אפן פּאָסטאמענט איז אויסגעקריצט: „אפן דאָזיקן טראַקטאָר האָט פּעטראָ טשערניטשענקאָ אופגעהויבן די ערשטע באַראָזדע צעלינא".

צי איז דאָס ניט דער זעלבער טראַקטאָר, וואָס האָט געבראַכט צו שלעפּן אינעם סאָף-ווינטערדיקן סטעפּ דאָס וואגאָנדל מיט די ערשטע זעקס צעליניקעס און צי איז פּעטראָ טשערניטשענקאָ נישט איינער פון די צוויי באָכערים באַם שײַטער, וואָס דער דוווּרעטשנער טעסליער וולאדימיר סערגייענקאָ האָט אָנגעמאָלט אף זײַן בילד?

פּעטראָ טשערניטשענקאָן האָט זיך מיר נישט אײַנגעגעבן זען. די טעג, וואָס איך בין געווען אין „טיפן הינטערלאנד", איז ער געווען אף דער „פּאָדערשטער", געפירט די „מארשעווע ווזוואָדן" טראַקטאָריסטן, וועלכע זײַנען אָנגעקומען פון די שולן פאר מעכאניזאציע, גלײַך אין שלאכט: געלערנט זיי דורכלייגן די ערשטע באַראָזדעס אף דער צעלינא פון דעם ווײַטלעכן נײַגעשאפענעם סאָווירט. נאָר אין „דוווּרעטשני" האָבן געוווינט ניט ווייניק אזעלכע, וואָס האָבן געקאָנט גענוי דערציילן וועגן זייער צעלינער לאנדסמאן פּעטראָ טשערניטשענקאָ. מיט

איינעם פון זיי, מיטן טראַקטאָריסט אַראַנאָוו, האָב איך זיך באַגעגנט אין סטעפּ.

ווי קאָן ער זיך אָבער איצט אוועקשטעלן דערציילן זאַכן, וואָס זײַנען געשען מיט זיבן יאָר צוריק, אַז דער טראַקטאָר, אַף וועלכן ער זיצט, איז איצט אין מיטן גאַנג, ער רײַסט זיך צום האָריזאָנט, איבערלאָזנדיק הינטער זיך ברייטע פּאַסן אופגעאַקערטע שוואַרצערד.

פאַרנאַכט זײַנען מיר געזעסן אַפן הויכן ברעג פון אישים, פּונקט אַנטקעגן דעם טראַקטאָר, וואָס איז געשטאַנען אַפן צעמענטירטן פּאָסטאַמענט מיט די פאַריסענע רויפּעס צו דער הייך. פאַר דער צײַט, וואָס מיר זיצן דאָ, האָט אַראַנאָוו מיר שוין אויסדערציילט די גאַנצע געשיכטע פון סאָווירט, כאָטש ער אליין איז גראַדע נישט פון די ערשטע (פון די „קאָלוש-ניקעס", ווי מע רופט זיי). ווען פּעטראָ טשערני-טשענקאָ האָט אופגעהויבן די ערשטע באָראָזדע, איז ער, דער עלטערער לייטענאַנט אַראַנאָוו, געווען נאָך אין דער אַרמיי. נאָכן דעמאָביליזירן זיך איז ער אוועק זיך לערנען פאַר א טראַקטאָ-ריסט. אין א יאָר אַרום באַשטימט מען אים אַלס בריגאַדיר פון א טראַקטאָר-בריגאַדע אין א סאָווירט אַף דאָנבאַס. דאָרט טאַקע האָט ער זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט פּעטראָ טשערני-טשענקאָ, וועלכער איז געקומען זיך זען מיט זײַנע אייגענע, און זיי האָבן זיך אַזוי באַפרײַנ-דעט, אַז אַף דער צעלינאַ זײַנען זיי שוין געפאָרן זאַלבעצווייט.

פון טײַך האָט זיך דערטראָגן א שטילער פּליעסק פון וועסלעס, נאָר אַפן וואַסער האָט זיך קיינער נישט געזען. ווי פריִער איז אַפן טײַך געשוואומען א פולע לעוואָנע, אַרומגערינגלט מיט ווײַטע ליכטיקע שטערן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ טיפער און טיפער, ווי מוירע האָבנדיק, אַז דאָס גייענדיקע וואַסער זאָל זיי נישט מיטשלעפּן מיט זיך. און ווידער רײַסט זיך אַרײַן אין דער באַנאַכטיקער שטילקײַט א פּליעסק פון וועסלעס. עס גייען דורך עטלעכע מינוט, און אַפן הויכן ברעג באַווײַזט זיך א מענטש מיט א פאַרוואָרפענער ווענטקע, ווי מיט א ביקס אַפן אַקסל, און מיט אַן עמער אין האַנט.

— קאַטשאַנאָווסקי, דאָס זײַט איר?

— האָסט עפּשער א האַלבן ליטער? וואָס צו פאַרבײַסן האָב איך... — האָט קאַטשאַנאָווסקי געענטפערט און א טרייסל געטאָן מיטן עמער פיש, וואָס האָט זיך צעבלישטשעט מיט פּערל-מוטער אַנטקעגן דער לעוואָנע.

— און איך קלײַב זיך גראָד צו אײַך. איר זעט? — און אַראַנאָוו האָט אויסגעטאָן פון פוס דעם שוך מיט אַן אַראָפּגעריסענער פּאָדעשווע.

— אומזיסט די טירכע, כאַווער. איר'ט מיך ניט מאַכן פאַר קיין קוסטאַר, אַפילע איר זאָלט מיך אָפּגילטן. וויפל מאָל דאַרף מען עס איבערכאַזערן, אַז איך נעם ניט אַהיים קיין אַרבעט, האַ? און ביכלאַל בעט איך, מע זאָל פאַרגעסן, אַז איך בין געווען אַמאָל א שוסטער.

און אינמיטן גאַס, בא דער שײַן פון עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס הוידען זיך אַף די סלופּעס, לייגט אַרויס קאַטשאַנאָווסקי, דער בלאָנדער באָכער מיט די געזונטע אַקסלען און קלוגע אונטערשמייכלענדיקע אויגן, אַלע זײַנע טײַנעס, וואָס ער האָט צו דער צעלינאַ.

— איר הערט נאָר, וואָס מע טוט דאָ אָפּעט מיט מיר! — זאָגט ער אַף זײַן קלינגעוודיקער וואָלינער אויסשפּראַך. — מע דערעדט זיך מיט מיר אינעם קיִעווער שטאָטקאָם פון קאָמיוג, אַז איך פאָר אַף דער צעלינאַ עפענען שוסטער-ווארשטאַטן. לעמײַ זאָל איך לייקענען, איך בין א גרויסער קענער פון מײַן פאַך. איז אָט, געקומען אַהער מיט א קאָמסאָמאָלסקע פּוטיאָוו-קע, זאָגט מען מיר, אַז צעלינאַ — דאָס איז ברויט, צעלינאַ דאַרף טראַקטאָריסטן און קאָמבײַנערס. איך בין א סאָלדאַט: וווּהין דער קאָמאַנדיר שיקט, אַהין גיי איך. אַרטילעריע איז אַרטילעריע, פּעכאָטע איז פּעכאָטע, בין איך געוואָרן א טראַקטאָריסט.

— עס רעדט זיך נאָר אַזוי...

— ס'הייסט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי? די צעלינאַ האָב איך געהויבן? געהויבן! געזייט? געזייט! אַפן קאָמבײַן „עס-3" בין איך געזעסן? געזעסן! לאָזט מען מיך אָבער די גאַנצע צײַט נישט צו רו! דער קומט פאַריכטן א שוך, יענער קומט פאַריכטן א שטיוול... ס'איז דאָך צעלינאַ. אָט איז אַן אײַדעס, איך שטעל א האַלבן ליטער, אויב איר געפינט דאָ בא אונדז כאָטש איינעם אָן א זייגערל אַף דער האַנט. וויפל אָבער קאָן זיך האַלטן א זייגערל בא א טראַקטאָריסט? און וואָס מיינט איר טוט מען, אַז עס ווערט קאַליע א זייגער? אין קיִעוו, לעמאָשל, טראָגט מען אים אָפּ צו א זייגערמאַכער. און דאָ? דאָ גייט מען אין קלייט און מע קויפט א נײַעם. א ברירע האָט מען? כ'ווייס ניט, צי אַף גאַנץ יעסילער און באַראַנקולער ראַיאָן, צוזאַמען גענומען, וועט זיך אָפּזוכן כאָטש איין זייגערמאַכער-ווארשטאַט. איצט שטעלט זיך פאָר, אַז עס צערײַסט זיך דאָ א שוך...

— בעקיצער, בעקיצער.

— בעקיצער? איך שטעל וואָס איר ווילט, אויב ס'וועלן זיך הײַנטיקס יאָר ניט עפענען אין די סאָווירטן קיין ווארשטאַטן. ס'ט דאָך געהערט, וואָס ניקיטאַ סערגייעוויטש האָט געזאָגט אין צעלינאָגראַד אַף דער באַגעגעניש מיט אונדז. מע דאַרף מערער זאָרגן וועגן דעם מענטשן, האָט ער געזאָגט...

— אַלץ איז צעלינאַ, — האָט ער אין א ווײַלע אַרום צוגעגעבן, — אַף דער מילכאָמע איז א סאָלדאַט ניט נאָר דער, וואָס טראָגט די ביקס. איך, אַשטייגער, האָב גראַדע געטראָגן א ביקס, זי אָנגעטאָן אין קיִעוו און אויסגעטאָן אין בערלין. קלאָר? איז א גוטע-נאַכט, — און, פאַרוואָרפנדיק די ווענטקע העכער אַפן אַקסל, איז דער טראַקטאָריסט, דער קאָמבײַנער און

דער שוסטער קאַטשאַנאָווסקי פאַרשווונדן אינעם שאָטן פון די באַנאַכטיקע ביימער.

אויף מאָרגן אינדערפרי, זיצנדיק שוין אין קאַבינע פון דער אָנגעלאָדענער דרייטאָנקע, האָב איך צווישן די שטיינהעקער אינעם פאַנאַנדער־געאַרבעטן קאַריער דערזען קאַטשאַנאָווסקין. וועלנדיק אַפּאָנעם פאַרלויפן מיר דעם וועג, האָט ער א זאָג געטאָן:

— וואָס טו איך אין קאַריער? צעלינאַ! — און דערביי פריילעך א פיר געטאָן מיט די קלוגע אויגן.

דאָס זעלבע האָב איך שפּעטער דערהערט פונעם שאָפער. אויף מיין פראַגע, וווהין פירט ער עס די שטיינער, האָט ער מיר געענטפערט:

— צעלינאַ! מיט ליידיקן פאָרן מיר ניט. פאַרן סאָווירט „שאַנדיקולסקי" צי „גאַגאַרין", וואָס הייבן זיך ערשט אָן בויען, איז א מאַשין שטיינער א טייערע מאַטאָנע. ס'איז דאָך, קאָן מען זאָגן, א פאַרטיקע וואַנט פון א שטוב. אָט אַזוי איז שוין בא אונדז, אויף דער צעלינאַ, איינגעפירט: מע העלפט איינער דעם אַנדערן. איז פאָרן מיר, הייסט עס, מיט אייך אויף דער „פּאָדערשטער" קיין שאַנדיקולסקי?

— וויטלעך אַהינצו?

— בא א דריי הונדערט קילאָמעטער מיסטאַמע...

* * *

וועגן, וועגן... געדרייטע און פאַרפּלאָנטערטע וועגן, וואָס אָט גייען זיי זיך צונויף און אָט גייען זיי זיך פאַנאַנדער, אַליין ניט וויסנדיק, וווהין און נאָך וואָס, און ס'איז מאַמעש צו באַוווּנדערן, וואָס בא אַזא פּלאָנטער שלאָגט זיך די מאַשין ניט אַראָפּ פונעם וועג.

בלויז די זון קאָן אָניאָגן די מאַשין, ווען זי כאַפּט זיך אַרויף אויף די פראַנק־פרייע וועגן פונעם צעלינער סטעפּ. און זי האָט אונדז טאַקע אָנגעיאָגט, די זון, מיט אירע ברענענדיקע שטראַלן, ווען רעכטס פון אונדז האָט זיך באַוויזן אַפּן האָריזאָנט א צווייגשטאָקיקער בריק און אונטער אים — לויטער וואַסער. די יאָגנדיקע מאַשין האָט, דאַכט זיך, אינערגעץ ניט פאַרקערעוועט, און פּלוצעם איז דאָרט, וווּ נאָרוואָס איז געשטאַנען א בריק און ס'האָט געפּלאָסן וואַסער, אויסגעוואַקסן א געדיכטער שוואַרצער וואַלד... אינגיכן פאַרשווינדט אויך דער וואַלד און אויף זיין אָרט שטייט אויף א ישעוו מיט הויכע הייזער און קוימענס פון פאַבריקן, איינגעהילטע אין א לייכטן דורכזיכטיקן רויך.

— וואָס איז עס? א מיראַזש, צי טאַקע אויף אַן עמעסן? איך זאָג עס דעם שאָפער, וואָס רוקט אַרויס דעם קאָפּ אינעם אָפענעם פענצטערל פון דער קאַבינע און ענטפערט:

— אין אַזא הייסן טאָג, ווי היינט, טאָר מען דעם האָריזאָנט איבעריקס ניט גלייבן. איר קאָנט בא אים גרינגלעך פועלן, אַז ער זאָל אייך אונטער־שטעלן א יאַם, שיפן, א קאַראַוואַן — מיט איין וואָרט, וואָס נאָר איר ווילט. גלייבט אים איבעריקנס ניט, דעם האָריזאָנט, אין א הייסן זומער־טאָג...

די מאַשין שטעלט זיך אויף קיין רעגע ניט אָפּ, זי טראָגט זיך אַלץ וויטער און וויטער. עס גייט דורך אַזוי א שאָ נאָך א שאָ, און אַרום־און־אַרום איז אַלץ סטעפּ, סטעפּ און סטעפּ. א גרויסער, א ברייטער, א קיילעכיקער, ווי דער הימל. וואָס קאָן זיין שענער פונעם סטעפּ, ווען ער גרינט, ווען יעדער זאַנג זיינער גיסט זיך אָן מיט קראַפט און קאָנען זיך קעגנשטעלן דעם ווינט און דעם פייער פון דער זון, וועלכע גייט דאָ א גאַנצן טאָג נישט אַראָפּ פונעם הימל. נידעריק איבער די זאַנגען שוועבן אָדלערס. וואָס נעענטער צו דער „פּאָדערשטער", אַלץ אָפטער און אָפטער קוקן אַרויס פונעם ווייץ פאַרשטויבטע סוראָטשינער בערגלעך, אויף וועלכע עס ליגן און שטייען אויף די הינטערשטע פיסלעך ברוינע אויסגעפּאַשעטע סורקעס.

די מאַשין טראָגט זיך אַלץ וויטער און וויטער מיט די פראַנק־פרייע וועגן איבער דעם ניט־אויסגעמאָסטענעם סטעפּ, און ביסלעכווייז הייבט אָן אָפּשטיין פון אונדז די זון. די זאַנגען באַגעגענען אונדז מיט עטוואָס אָנגענייגטע קעפּ, ווי אויף באַוויזן: זעט, וואָס פאַר א ווייץ איר וועט פונדאַנען פירן אויף די עלעוואַטאָרס! צו הונדערט פּוד פון א העקטאַר, און נישט ווייניקער...

די מאַשין פאָרט פּלוצעם אַרויף אויף פּאַרפּאָראַשעטע, ווי געכאַפּט פונעם ערשטן פרעסטל, הרודעס פאַרקאָוועטע ערד. די הרודעס סאָלאָנטשאַק זיינען אַזוי ווייס פון זאַלץ, אַז עס דוכט זיך: היינט־נעכטן איז דאָ געווען א שניי. פּונקט אַזוי אומגעריכט פאַרקריכט די מאַשין אין א וואַסער, פון וועלכן עס שטאַרצן אַרויס וואָגיקע, קימאַט צייטיקע זאַנגען. דאָס זיינען די „לימאַנען". אין א רעגנדיקן זומער גיבן זיי א קנאַפּע געראַטעניש, אָבער אין א טרוקענעם צאָלן זיי קייפל־קיפלאַיִם פאַר אַלע פריערדיקע רעגנדיקע יאָר.

— מעוועס! מעוועס!

אין דער לויטערער וויט, פונוואַנען עס זיינען אַרויסגעפלויגן אונדז אַנטקעגן עטלעכע מעוועס, האָב איך נאָך דערווייל גאָרנישט געהאַט באַמערקט.

— עך, וועל איך עס באַלד אויסבאָדן די מאַשין, — קוויקט זיך דער שאָפער.

איך קלייב זיך שוין געבן אים די זעלבע אייצע, וואָס ער אַליין האָט מיר נאָרוואָס געגעבן — זיך ניט איבעריקס אָנטרויען דעם האָריזאָנט, — נאָר אין דער זעלבער מינוט האָט פון ערגעץ א ווייע געטאָן א קילע פייכטקייט און איך האָב אויפגעכאַפּט דעם רייעך פון משערעט...

געבענטשט זאָלן זיין די הענט, וואָס האָבן אין דעם ווילד־פאַרוואַקסענעם סטעפּ, צווישן

גרויען קאָוויל און סוראָטשינער בערגלעך באַשאפּן אַן אָזערע און זי ארומגעפלאַנצט מיט טאָפּאָלן און ווערבעס.

* * *

די גאַס אין סאָווירט „שאָינדיקולסקי" איז סאַכאַקל אַלט פינף כאַדאָשים, און די, וואָס וווינען דאָ, איז ניט איין נאַכט אויסגעקומען פּרירן, ווען דער מאַרטאָווער ווינט שמײַסט אין די אָנגעצויגענע ווענט פון דער ברעזענטענער פּאַלאַטקע. ניט איין מאָל איז אויסגעקומען אָפּגראָבן פון אונטערן שניי די פאַרזוויטע זעמליאַנקעס. דאָך, אפילע אין די גרויסע קעלטן, האָבן די אײַנוווינער זיך א סאַך זעלטענער אַראָפּגעלאָזט אין די וואַרעמע זעמליאַנקעס, איידער מע לאָזט זיך איצט אַראָפּ אין די קילע זעמליאַנקעס, קעדיי זיך אויסבאַהאַלטן פון דער היץ.

זעען אים טאַקע אויס, דעם שאָפּער פון „דוווּרעטשני", וואָס האָט געטרוימט אויסבאָדן דאָ די מאַשין, מעשונע ווילד אָט די אַלע שילדלעך ארום דער אָזערע: „מע בעט זיך דאָ נישט באָדן", „ניט וואַשן קיין גרעט", „ניט..."

טשיקאַווע: וווינען בא א וואַסער און שלעפּן זיך א הונדערט קילאָמעטער, קעדיי אויסבאָדן זיך אין א פאַרגרינטע טײַכל! און ער דערזעט פאַר זיך, דער דוווּרעטשנער שאָפער פון „טיפן הינטערלאַנד", דעם אישים מיט זײַנע הויכע פאַרוואַקסענע ברעגן: באָד זיך דאָרט וויפל דו ווילסט, שיפל זיך וויפל דיר גלוסט, וואַש גרעט, באָד די מאַשין... דאָרט, אין „טיפן הינטערלאַנד", הייבט מען שוין בּיסלעכווײַז אָן פאַרגעסן די צײַט, ווען מען איז געווען אָף דער „פּאָדערשטער". דאָרט וועט מען שוין נישט באַגעגענען קיין מענטשן, וואָס זאָל ריידן וועגן אַן אָזערע צי וועגן א טײַך מיט אַזויפיל נעשאָמע, ווי עס ריידן די שאָינדיקולער וועגן דער געווינלעכער אָזערע, אין וועלכער קיינער פון זיי האָט זיך נאָך ניט געבאָדן. דער איינציקער, וועמען עס איז דערלויבט דאָ צו באָדן זיך און ארומשווימען, דאָס איז דער פאַרוווּנדעטער שוואַן „גאַליע", וועגן וועלכן יעדער איינער איז גרייט ווידער און ווידער אויסהערן די רירנדיקע געשיכטע, וויאַזוי איינער א טראַקטאָריסט האָט געטראָפן ליגן אין סטעפּ א פאַרוווּנדעטן שוואַן, וויאַזוי ער האָט דעם שוואַן אָפּגעפירט צו א דאָקטער, וויאַזוי ער איז נאָכדעם עטלעכע וואָכן ארומגעגאַנגען ארום דעם בוילע, געפּויעט אים מיט רעפּועס, און ווי אין איינעם אַן אָוונט האָט דער שוואַן זיך אופגעהויבן אין דער לופט, געמאַכט עטלעכע קרײַזן און זיך אַראָפּגעלאָזן אָף דער אָזערע.

די קינדער דערציילן די זעלבע געשיכטע עטוואָס אַנדערש:

...יעדן באַנאַכט, ווען אַלע שלאָפן, קומט צו פליִען צו „גאַליען" איר געליבטער, ער לאָזט זיך אַראָפּ אָן-אַ-דאָרטן אָף דער לאָנקע און ביז איינדערפרי שפּאַצירן זיי ארום. זי וועט פונדאַנען אַוועקפליִען מיט אים, זאָלן זיך נאָר בא איר פאַרהיילן די פאַרווונדעטע פליגל.

דאָס יינגעלע, וואָס דערציילט וועגן דעם, קריכט מיטאַמאָל אַרײַן אין וואַסער און שלעפּט פון דאָרטן ארויס א פלאַש.

— דאָס האָט אפּאָנעם עמעצער פון די פאַרבײַפאָרנדיקע אַרײַנגעוואָרפן. אונדזערע וועלן אין אָזערע קיין פלעשער ניט וואַרפן.

דער שאָפער טרעט ניט אָפּ פון די קינדער. אַלץ ווייסן זיי. אָט ווייסן זיי, אַז אין די אַלטע סאָווירטן זײַנען „טעדע-54", און אין די נײַע שיקט מען „טע-75" און קאָמבײַנען נאָר „עסקא-3", און אַז דער בעסטער טראַקטאָריסט איז בובליק, אַז נעכטן זײַנען פיר אַוטאָבוסן מיט מאָסקווער מיידלעך אַוועקגעפאָרן אינעם שכיינעסדיקן סאָווירט „יורי גאַגארין".

— אַלע מאָסקווער פאָרן איצט קיין „גאַגאַרין"! — און ענדיקן זיי, די קינדער, מיט דעם, אַז פונעם נײַעם יאָר וועט דער סאָווירט זייערער זיך שוין נישט רופן „שאָינדיקולסקי", נאָר „סאָווירט אפן נאָמען פונעם XXII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר".

אָף יענער זײַט אָזערע, דאָרט, ווו מע האָט מיט א פּאָר שאָ צוריק אויסגעלאָדן די מאַשין שטיינער, וואָס „דוווּרעטשני" האָט געשיקט דעם נײַגעבוירענעם סאָווירט „שאָינדיקולסקי", האָט זיך אַלץ נאָך געטומלט. די בויער האָבן נאָך געהאַלטן אין רעכטן מיט פון דער אַרבעט.

וועגן איינעם א הויז, וואָס וועט אָט-אָט פאַרענדיקט ווערן און טיילט זיך אויס מיט זײַן גרייס פון די איבעריקע, האָט דער שאָפער א פרעג געטאָן בא די קינדער:

— די קאָנטאָרע, מיסטאַמע?

— ניין, — האָבן געענטפערט עטלעכע מיטאַמאָל, — דאָס איז אונדזער שול.

אָף אַזא ענטפער האָט דער שאָפער זיך אַפּאָנעם ניט גערעכט, פּונקט ווי ער האָט זיך ניט גערעכט טרעפן דאָ אַזויפיל קינדער. קיין פינף כאַדאָשים איז דער סאָווירט נאָך נישט אַלט, און מע בויט שוין א שול. ווען „דוווּרעטשני" איז געווען אָף דער „פּאָדערשטער", האָט מען אָנגעהויבן פון א צוזאַמענוווינונג, פון וואַרשטאַטן, און דאָ האָט מען אָנגעהויבן פון א שול...

— און ווען וועט מען זיך שוין מעגן באָדן אין אײַער אָזערע?

— אין וועלכער אָזערע, אין אָט דער-אָ?

— וואָס הייסט אין אָט דער-אָ? — האָט דער שאָפער פאַרוווּנדערט איבערגעפרעגט און דערבײַ זיך ארומגעקוקט.

— מע מאַכט דאָך בא אונדז א נײַע אָזערע... א בעסערע נאָד פון דער. דרײַ מעטער די טיף וועט זי האַלטן. דאָרט וועט מען זיך מעגן באָדן און אויך שיפלען זיך.

דער שווערער און טומלדיקער בולדאָזער, וואָס האָט יעדע זעקס-זיבן מינוט זיך באַוויזן אפן הויכן באַרג-אָנשיט, בלײַבנדיק דאָרט עטלעכע רגעס הענגען מיט די פאַרהויבענע רויפּעס איבערן טיפן אויסגעגראָבענעם קאַריער, האָט דערמאָנט דעם שאָפער אין יענעם טראַקטאָר, וואָס שטייט אין „דוווּרעטשני" אפן הויכן צע-

מענטירטן פּאָסטאמענט... שוין אַוואדע א מאָל פינף, ווי דער בולדאָזער האָט זיך באַוויזן אף די כוואַליעס ערד, וואָס ער האָט ארויסגעשטופּט פונעם גרויסן טיפן קאַריער, און דער שאָפער איז אַלץ נאָך געשטאַנען און געטראַכט וועגן דעם, אַז ער זעט איצט פאר זיך א בולדאָזער, וואָס וועט, מעגלעך, אויך שטיין אף א פּאָסטאמענט.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז מעקאַנע דעם באָכער׳ל אינעם בולדאָזער. ווען אָט דאָס באָכער׳ל זאָל צו אים איצט צוגיין און פרעגן: „וואָלסט דאָ געבליבן אף דער „פּאָדערשטער“?“, וואָלט ער געענטפערט: „יאָ, איך בלײַב!“, און יענער וואָלט זיך נישט פארוווּנדערט, פּונקט ווי ס׳האָט קיינעם נישט פארוווּנדערט דאָס באָכער׳ל מיט פינף כאַדאָשים צוריק, ווען ער האָט זיך ארויסגערופן פאָרן פון „הינטערלאַנד“, פון סאָווירט „פורמאַנאָוו“, אהער, אף דער „פּאָדערשטער“.

ליוּע גאָלדבערג זאָל דאָ איצינד בײַזײַן, וואָלט זי אף זיכער געזאָגט: — ניין, דאָס דאַרף מען דאָך באַגרײַפן... אָט דער שאָפער האָט שוין. אַלץ דאָ איבערגעפרווּוט, ס׳לאָזט זיך דען אויסרעכענען, וואָס אַזוינס איז געווען צעלינאַ צוריק מיט זעקס-זיבן יאָר... איצט, אַז דער מענטש האָט שוין א שטוב, א ווירטשאַפט, איז ער גרייט אַלץ איבערלאָזן און אָנהייבן איבעראַנײַס. זי וואָלט דערבײַ צוגעגעבן מיט א באַזונדער שטאָלץ, — אָט וואָס עס איז אַזוינס צעלינאַ. צעלינער ראָמאַנטיק.

צווישן די שאָנדיקולער באַגעגענען זיך אויך אַזעלכע, וואָס זײַנען ביכלאַל צום ערשטן מאָל אף דער „פּאָדערשטער“, און אַלץ זעט זיי דאָ אויס ביז גאָר מאָדנע. אָט האָט אף דער וואַנט פונעם וואַגאָנדל זיך באַוויזן א מעלדונג, אַז הײַנט איז קינאָ — צוויי פילמען מיטאַמאָל, — איז צום וואַגאָנדל נישט צוצוטרעטן. קימאַט די גאַנצע גאַס האָט זיך דאָרט פארקליבן און איינער דעם אַנדערן האַלט אין איין אויספרעגן, וועגן וואָס זײַנען עס די פילמען. קיינעם אָבער פאַלט דערבײַ ניט אײַן פרעגן, ווען וועט זיך אָנהייבן דער סעאַנס, כאָטש אין דער מעלדונג איז וועגן דעם ניט געזאָגט. און ווי קאָן מען אָנווײַזן די צײַט, אַז אַלץ איז דאָ אונטערן אָפענעם הימל; ביז עס וועלן נישט אויספאַלן די שטערן, קאָן מען סײַווי קיין קינאָ נישט אָנהייבן.

פארנאַכט זײַנען אהער אָנגעפאָרן מאַשינעס מיט מענטשן פון אַלע ווײַטע און ווײַטסטע בריגאַדעס. אף די פּאָר שאָ, וואָס דער סעאַנס וועט דויערן, האָבן זיך אָפּגעשטעלט די טראַקטאָרס אין סטעפּ, דער בולדאָזער אָפן באַרג-אָנשיט, דאָס קלאַפּן פון האַמערס אף די דעכער; צוליב אָט דעם געגאַרטן גאַסט „קינאָ“ איז מען, נאָך א לאַנגן און שווערן טאָג אַרבעט, מאַקרעוו מיטן שלאָף.

אינדרויסן איז נאָך געווען ליכטיק, ווען די עטלעכע בענק אין „טעאַטער“ האָבן שוין פארנומען די פרויען, וואָס זײַנען געקומען מיט קינדער אף די הענט. ברענגט מען צו שלעפּן פון דער בויונג ברעטער מיט שטיינער, און ס׳ווערן באַשאַפן נײַע רייען מיט „בענק“. און אויב די שפּעט געקומענע וועלן מוזן אָפּשטיין אף די פיס, וועט זיך אויך קיינער פון זיי נישט באַקלאָגן.

דערלויבן זיך פארשפּעטיקן צום אָנהייב קאָנען, מעגלעך, נאָר די, וואָס האָבן די פילמען שוין געזען. פאר זיי, אייגנטלעך, האָט עס דער ראַדיסט יעגאָר בירױקאָוו אײַנגעשלאָסן די ראַדיאָלע, און יונגע וווּקסיקע, שטאַלטנע באָכערים דרייען זיך מיט פּונקט אַזעלכע וווּקסיקע און שטאַלטנע באָכערים איבער דער שטויביקער גאַס אין א וואַלס און קוקן פארבענקט אף די אויסגעפאַלענע שטערן... און קיין „גאַגאַרין“ זײַנען די טעג אָפּגעפאָרן פיר אויטאָבוסן מיט מאָסקווער מיידלעך...

דרײַ באַנאַכט האָט זיך געענדיקט דער פילם. די אָנגעצונדענע פארעס פון די אָפּפאָרנדיקע מאַשינעס האָבן באַלויכטן די אָזערע מיט דער שלאָפנדיקער „גאַליע“ אינעם טשערעט.

ווי שפּעט עס איז נישט געווען, פונדעסטוועגן האָט דער ראַדיסט יעגאָר בירױקאָוו אײַנגעשלאָסן די ראַדיאָלע מיט דער פּלאַסטינקע «Родина слышит, Родина знает», וועלכע דער דירעקטאָר האָט אַנומלטן געבראַכט צו פירן פונעם סאָווירט „יורי גאַגאַרין“, און וואָס ער, יעגאָר בירױקאָוו, פּונקט ווי דער ראַדיסט פון „יורי גאַגאַרין“, שליסן אײַן יעדן פארנאַכט פארן שלאָף.

* * *

— מאָלאָדצי! מיר זײַנען אויך געווען אַזעלכע! — האָט זיך צו מיר אָנגערופן דער דווּרעטשנער, וואָס האָט, ווי איך, פארלאָזט די אייבערשטע פּאָלקע אינעם ענגן וואַגאָנדל, ווּהין מע האָט אונדז ביידן אײַנגעאָרדנט אף נאַכטלעגער. — נאָרוואָס געקומען פון קינאָ, און שוין אף די טראַקטאָרס. מאָלאָדצי!

ער האָט זיך אופגעהויבן פון די וואַגאָן-טרעפּלעך, אף וועלכע מיר זײַנען געזעסן, און א זאָג געטאָן:

— מירן זיך עפּשער דורכפאָרן א קוק טאָן, ווי מע הייבט צעלינאַ? האַ? ס׳איז נישט איבעריק ווײַט פונדאַנען...

— איר זײַט זיכער, אַז דאָס הייבט מען צעלינאַ? עפּשער אַקערט מען שוין גאָר דאָס צווייטע מאָל?

— דאָס צווייטע מאָל אַקערט מען אַנדערש. דאָרט גייט דער טראַקטאָר גאָר אף אַן אַנדער אויפן.

— ווי קאָן מען דאָס פונדאַנען, פון אַזאַ ווײַט, ווּיסן? — אף דעם האָט דער דווּרעטשנער מיר גענוי געענטפערט, זיצנדיק שוין אין דער קאַבינע פון דער אויסגערוטער מאַשין, וואָס האָט אונדז געפירט אַנטקעגן די צעשאָטענע בלויע פײַערלעך אין סטעפּ.

איך האָב אים ניט געזען, דעם סטעפּ, אין אָנהייב פרילינג. ווּהין מע זאָל ניט פאָרן און וויפל

מע זאָל ניט פֿאָרן, איז ער דעמלט דורכויס אין טיולפּאַנעו, צאַרטע און פֿאַרביקע — פֿאַרקישעפּט צו ווערן. איך האָב אים אָבער געזען, דעם סטעפּ, אין אַ זומערדיקער סאָף נאַכט אויף דער סאַמע „פֿאָדערשטער ליניע", דאָרט, וווּ וויפֿל מע זאָל ניט פֿאָרן און ווּהין מע זאָל ניט פֿאָרן, איז ער דורכויס, ווי אין קריעס, אין אופֿגעאַקערטע הליבעס צעלינאַ, וואָס איעדערע פֿון זיי איז ניט אַרומצונעמען, ניט אופֿצוהייבן.

אויף איינער אַזאַ הליבע האָב איך ניט ווײַט פֿון וועג דערזען זיצן אַ באָכער. מיסטאָמע איינעם פֿון די, וועלכע עס קומט אויס מיט גוואַלד אַראָפּשלעפּן פֿון טראַקטאָר און מיט גוואַלד אָוועקטרײַבן שלאָפֿן. און ווו שלאָפֿט זיך נאָך אַזוי געשמאַק, ווי אויף אַ פֿרישער „קריע" צעלינאַ, וואָס איז נאָר וואָס אַרויסגעשווומען פֿון אונטערן אַקער? ס'איז אָבער נישט צו זען, אַז דער באָכער זאָל זיך קלײַבן שלאָפֿן. שוין אַ צײַט, אַז ער זיצט אומבאַוועגלעך מיטן פּנים צו די בלויע פֿײַערלעך פֿון די אײַנגעשפּאַנטע טראַקטאָרס, וואָס האָבן שוין קימאַט דערגרייכט דעם אויסגעבלייכטן האָריזאָנט.

דאָ אָבער האָב איך באַמערקט, אַז דער באָכער איז עפּעס שטאַרק פֿאַרטאָן. דאַכט זיך גאָר, אַז ער מאָלט. נאָך דעם, ווי איך האָב אין „דוורעטשני" געטראָפֿן דעם טעסליער און קינסטלער וולאַדימיר סערגייענקאָ, אין „קאַראַקאָלסקי" דעם טראַקטאָריסט און קינסטלער גריגאָרי יעפֿימענקאָ, אינעם „אײַזנבאַנער" דעם אינזשעניער און קינסטלער וולאַדימיר וועטשעריאַ, איז שוין פֿאַר מיר געווען נישט אומדערוואַרט, וואָס אויך אין „שאַנדיקולסקי" האָב איך אָנגעטראָפֿן אויף אַ קינסטלער. ס'האָט מיך אַפֿילו איבעריקס ניט געוווּנדערט, וואָס אָט דער טראַקטאָריסט איז מאַקרעוו צוליב זײַן מאָלערײַ די סאַמע זיסטע שאָ פֿונעם שלאָף. איבעראַשט בין איך אָבער געווען, ווען איך האָב אין דעם באָכער, וואָס איז געזעסן אויף דער הרודע ערד, דערקענט דעם מיטגליד פֿון ביוראָ פֿונעם באַראַנקולער ראַיקאָם פֿון דער פּאַרטיי, דעם רעדאַקטאָר פֿון דער ראַיאָנער צײַטונג „סאָציאַליסטישע בויונג" סקודאָוויטש, מיט וועלכן איך האָב זיך מיט אַ כוידעש צוריק באַקאַנט אין צעלינאָגראַד. אָנשטאָט דעם געמעל, וואָס איך האָב זיך געריכט טרעפֿן בײַ אים אויף די קני, האָב איך דערזען ליגן אָפֿן פּלאַנשעט אַ געדיכט פֿאַרשריבן זײַטל פּאַפּיר.

— דאָס גרייט איך אַן אַרטיקל פֿאַרן הײַנטיקן נומער וועגן די קאָמוניסטן פֿון דער צווייטער בריגאַדע. „גוואַרדייער-צעליניקעס" — אַזוי וועט הייסן דאָס אַרטיקל.

— באַנאַכט גאָר? און אויף דער הוילער ערד?..

— דאָרט, ווו עס גייט די שלאַכט, דאָרט שטעלן זיך צונויף די סוואָדקעס... — און פּלוצעם, אומדערוואַרט, אַ פֿרעג געטאָן: — ווי אַזוי איז אין יִדיש „צעלינאַ"? אין בירא־בידזשאַן, ווו איך האָב געוווינט ביז דער מילכאָמע, האָט עס געהייסן „רויערד". אין דער ליטע, אַשטייגער, פֿונוואַנען איך שטאַם, האָט מען עס גערופֿן „נײַערד", דאָס איז אָבער אַלץ געווען אַמאָל, ווען עס זײַנען נאָך נישט געווען אין יִדיש אַזעלכע ווערטער, ווי ספּוטניק, לוניק. און איצטער? ווי איז איצטער אין יִדיש „צעלינאַ"?

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף סקודאָוויטשן, וועלכער איז געזעסן אויף אַ הרודע אופֿגעהויבענער צעלינאַ און געשריבן „גוואַרדייער-צעליניקעס", און געענטפֿערט:

— צעלינאַ אין יִדיש... איז אויך צעלינאַ.

צעלינאָגראַד, 1961.

אלעקסאנדער גובניצקי

# א טאָג אין בראַטסק



ארן ארויספאָרן אין ווײַטן וועג אַרײַן גיי איך ארום, ווי אין א טהאָם. א גאנצע נאכט שלאָף איך ניט: וואָס וואַרט דאָרט אָף מיר, אין סיביר?..

קינד-און-קייט ווייסט, אז סיביר איז אמאָל געווען א דושעהובקע פאר מענטשן. מיטן עטאַפּ האָט מען אהין געטריבן, ווי אין גענעם אַרײַן. איך, אָבער, פאָר מיטן עקספּרעס אָף בראַטסק — אין דער טײַגע, צו דעם וווּנדער-טײַך אנגארא, וואָס נעמט זײַנע וואסערן פונעם בלוי-גרינעם בײַקאַל.

אין דער פינפטער קופּע שפּילן שוין פאַרשוינען א זעקס-און-זעכציק. אין פענצטער האָט ווידער א שפּריץ געטאָן א רעגנדל, ווערט פרישער די לופט. ס'איז מיר גרינג צו עטעמען, ביפראַט אז די זון מאָסטעט זיך שוין אַרײַן אָף נאכטלעגער אין איר קייסער-שטול, געמאכט פון צוויי שטיקער כמארעס...

— וועלכע סטאנציע?

— סעמיבראַטאָווא...

אין וואגאָן שלאָפט מען שוין, נאָר ביידע קאָרטנשפּילער זײַנען וואך:

— די מאָשקארא דערלאנגט...

— מיך בײַסט זי ניט.

— איר טראָגט מיט זיך מיסטאמע האָלאָוועשקעס, וואָס רייכערן זיך.

— ניין, איך שמיר דאָס פּאָנעם מיט טײַגע-ראָסל.

— אפילע מיט דזעגעכץ העלפט ניט...

עס גייט אוועק א שמועס, וואָס נאָר אין וואגאָן הערט מען אזעלעכס.

* * *

...באנאכט האָט זיך די אנגארא געלאָזט לויפן צו איר געליבטן יעניסיי, נאָר דער אלטער בײַקאַל שלאָפט ניט, שנײַדט איר איבער דעם וועג, וואַרפט שטיינער אין וואסער אַרײַן.

די ליבע איז אָבער שטארקער פונעם זאָקנס בייזן ווילן: קאַיאָר, פאַרגליוורט פון קעלט, איז די אנגארא אַרײַנגעפאלן אין די אָרעמס צום יעניסיי. אדהײַעם שטעקן נאָך די שטיינערנע הליבעס — די פּאַדוגער שוועלן — אין מיטן שטראָם, ווי א ביין אין האלדז, דער שיינער מויד...

קיינער ווייסט ניט, וויאזוי און פון וועמען, נאָר לעגענדעס גייען ארום, אז זי האָט געהאט אויך קינדער, די אנגארא. א סימען האָט איר, אז בישכיינעם מיט דער מאמען רינט דאָס קליינע טײַכל קאָרשוניכע...

נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן האָט עס אהער פּאַרטיזעם געטאָלאָגן פּארוואָרפן. מע האָט דורכגעשניטן שורפן און סקוואזשינעס, געפונען א גאנצן אויצער מיט אײַזנארץ.

יאָ, דאָ, אין די בראַטסקער אָסטראָגן, לוינט אוואדע אוועקשטעלן א הידראָסטאנציע, ווײַל אָף אויסשמעלצן איין טאָנע מעטאַל דאַרף מען טויזנטער קילאָוואט-שאָ ענערגיע...

עס שאַרײַעט שוין אָף טאָג. מיר פאָרן אַרײַן אלץ טיפער אין דער טײַגע. דורך די עטוואָס אופגעעפנטע פענצטער שמעקט אין וואגאָן מיט סמאָלע.

* * *

אָף דער צווייטער פּאָלקע, קעגן מײַן געלעגער, פאָרט א באָכער, וואָס גאָט אליין האָט אים צו מיר צוגעשיקט.

איוואן ניקאָלײַעוויטש באָריסאָוו איז אַרײַן אין קופּע אָף א קליין פּאָלוסטאנעקל.

— איך בין פון בראטסק. מיסטאמע האָט איר געהערט: דעמידאָווס דינאסטיע...

— נו, — זאָג איך, — א באוווּסטע זאך, דער אמאָליקער באלעבאָס פון אוראלער זאוואָדן[1]...

— מײַן בריגאדיר איז דמיטרי דעמידאָוו.

— יענעם דעמידאָווס א פּרײַנטל?..

— ניין, ניטאָ מער אין סיביר די געלע ליכאָראדקע... פּאָשעט, איין פאמיליע.

און ס'איז אוועק א שמועס.

דעמידאָווס אָפּאלובשטשיקעס, און אויך באָריסאָוו צווישן זיי, האָבן סאָף טויזנט נײַן הונדערט פופציק פערטן יאָר אומגעוואלגערט דעם ערשטן בוים אין טײַגע, דערנאָך געהאט די

[1] געמיינט דעם אוראלער קאפּיטאליסט דעמידאָוו.

ערע שטעלן אָפּאַלובקעס צום ערשטן בלאָק, פּאַוואָליע זיך אויסגעלערנט באַלעבאַטעווען באַם צוויי-און-דרײַסיק-קילאָגראַמיקן וויבראַטאָר...

— דער בלאָק באַשטייט פֿון זיבן יאַרוסן. הייבן מיר איצט אָן פֿונעם ערשטן, — אַזוי האָט דמיטרי דעמידאָוו געלערנט באָריסאָוון, — קוק זיך צו, ווי מע לייגט דעם בעטאָן, ער זאָל דעם בלאָק ניט אומוואַלגערן...

יאָרן זײַנען דורכגעפֿלויגן, מע האָט זיך שוין פֿון לאַנג „אָפּגעריסן“ פֿון דער ערד. צום בלויען הימל גייט איצט דער גרויסער בעטאָן. סקעפּטיקער האָבן שטיקער געריסן פֿונעם הויפּט-אינזשעניער גינדינען, אַז צוימען די אַנגאַרא קאָן מען נאָר זומער. אָבער ער, מאָרדכע דעם זייפֿנמאַכערס זון, ווייסט שוין, וויאַזוי דעם ווילדן טײַך אָנזייפֿן א מאָרדע. אויף זײַן לעבן האָט ער נים איין טײַך אײַנגעטיכעמירעט...

אין קופּע שפּילט מען אין „אקולינע“, מע מוט אָן איינער דעם אַנדערן „פּעלצן“. דער לאָקאָמאָטיוו טאַסקעט אונדז אָן ראַכמאָנעס. רעדער שמועסן צווישן זיך איינמאָניק: טײַשעט, טײַשעט[1]...

דאָרט, וווּ דער וועג איז א נײַער און עס איז דאָ בלויז איין ליניע, שטייען מיר בא א סטאַנציע טשונא, וואַרטן אין וויכראָווקא. די וואַגאָנעס קריכן פּאַמעלעך אַרום די סאָפּקעס, ווי שלענג.

פֿאַר די אויגן שווימען וווּקסיקע יעלן, פּיכטעס, זעלטענער טוט א שעמעריר די קלאָר-ווײַסע בעריאָזע. עס וואַרפֿט זיך דורך א מאָנגאָלישער דעמב.

זייער זעלטן זעט מען א פֿאַרזייט שטיקל ערד. פֿון צײַט צו צײַט טוט זיך צווישן די וועלדער א וואָרף, ווי א פֿישעלע, דער זוניק-בלענדיקער טײַך טשונאַ.

באָריסאָוו טאַנצט פֿריילעך אַראָפּ פֿון דער פּאָלקע: מיר זײַנען שוין אין דער היים...

און פּונקט ווי די קאָנדוקטאָרשע וואָלט ספּעציעל אויסגעטײַטשט איוואַן ניקאָלײַעוויטשעס ווערטער, טוט זי א רוף אויס:

— אָסינאָווקא! (אַזוי האָט געהייסן דאָס קליינע סטאַנציעלע, וואָס רופֿט זיך שוין איצינד הידראָסטראָיטעל).

— אויף דער פֿינפֿטער מיקראָגאַס, — זאָגט איוואַן ניקאָלײַעוויטש צום שאָפֿער.

— מיקראָ?..

פֿאַר מײַנע אויגן עפֿנט זיך די פּאַנאָראַמע פֿונעם קאָמפּלעקסנעם מיקראָ-קאָמבינאַט: דרײַגאָרנדיקע פֿון ציגל געבויטע הײַזער. מיקראָ — הייסט קליין. נאָר אַזוי רעדט זיך נאָר. דער קאָמבינאַט הייסט „מיקראָ“ דערפֿאַר, ווײַל, פֿאַרקערט, אין אים גייען אַרײַן צענדליקער קאָמבינאַטן...

א שטאָט ווי א שטאָט — מיט א קינאָ-טעאַטער און מיט קלייטן. באַם קלוב שפּילט מוזיק, מע שיסט אין „טיר“, וואָס שטייט, ווי אויף לײַטיש געלעכטער, אין דער טײַגע. א סאַך מענטשן אין ציראָלניע, קינדער הוידען זיך אויף דער הוידעלקע...

אַלעקסאַנדער מוכא, א קראַנאָווטשיק, וואָס אַרבעט אויך אין דעמידאָווס בריגאַדע, באַגעגנט איוואַן ניקאָלײַעוויטשן, נעמט אים אַרום:

— С новосельем!..

פֿאַר דעם כוידעש, וואָס באָריסאָוו איז געווען אין אורלויב, האָט זײַן ווײַב באַקומען א נײַע דירע: צוויי צימערן, א וואַנע, וואַסער, שײַן.

איך נעם ניט אַראָפּ די אויגן פֿונעם קראַנאָווטשיק — שיין, געזונט. ווער האָט אים געקרוינט מיט אַזא פֿאַמיליע — מוכא...

* * *

קומט דער טאָג, גייט די זון אויף אין סיביר ברייט און ליכטיק, ווי דאָס קומט, וואָרשײַנלעך, דעם לוסטיקן קאַנט.

מיט ציטעריקע טריט גיי איך צו צו דער אַנגאַרא.

— אָט זײַנען זיי, די פּאַדונער שוועלן, — טוט מיך באָריסאָוו א שטויס אין אַקסל.

מיטאַמאָל באַווײַזט זיך די פּלאָטינע!

פֿונעם ברעג זעט זי אויס, ווי א מין גרויסע שיף. פֿינף פּאָרטאַלנע קראַנען שטייען אויף די עסטאַקאַדעס, ווי טעלעוויזיע-מאַטשטעס...

יינגלווײַז פֿלעג איך פֿון ליים מאַכן מילן און שיפֿן. נאָר טוט א גאָס פֿון די רינוועס, צעשווענקט דאָס וואַסער מײַן האָרעוואַניע...

נו, און דאָ איז אַוואַדע געמאַכט פֿעסטער...

אין מיר צעשפּילט זיך דאָס יינגל. איך נעם א שטיינדל באַם ברעג און לייג עס אַרײַן אין פּאַזעכע.

נאָכאַמאָל טו איך א קוק צו דער פּלאָטינע און בין איבערגליקלעך, ווײַל נאָר א מאָלדיקן מענטשן איז באַשערט אַזוינס מיט די אייגענע אויגן צו זען.

יאָ, קינדווײַז פֿלעג איך אויך מאַכן טורבינעס: צוגעלאָקכנט א דייזשקעלע בא נאַכמען דעם באָנדער, אַרײַן מיט דעם אין ריטשקע, געוויקט דאָרט אַזוי לאַנג, ביז עס פֿלעגט זיך פֿאַרדרייען דער קאָפּ אויף דערטרונקען צו ווערן...

דער שאָטן פֿונעם וואַלד מאַכט טונקלער און אַפֿילע א ביסעלע מוטנע דאָס וואַסער, נאָר סײַוויסײַ ווילט זיך מיר א טרונק טאָן פֿונעם טײַך — אָנזעטיקן מײַן דאָרשטיקע נעשאָמע.

טײַגע-ביימער שווימען אין מוטנע וואַסער, ווי אָפּגעשונדענע ביינער...

אויסגעצויגן די לאַפּעס, ווי א וועלפּיכע, שפּאַרט זיך אָן די גרויזאַמע פּלאָטינע פֿון לינקס און פֿון רעכטס אויף צוויי גראַניטענע פֿונדאַמענטן. פֿינף-און-צוואַנציקטאָניקע לאַסט-אווטאָמאָבילן וואַלגערן אָן אַרום די סקאַלעס שטיינער און בראָך, די פּלאָטינע זאָל זיך ניט, כאָלילע, קיין רוק טאָן אין א זײַט.

מיטן שמאָלן סטעזשקעלע לאָז איך זיך אַראָפּ נעענטער, נעענטער...

[1] א שטאָט אין סיביר.

אפן רעכטן ברעג זשומען בעטאָן-זאַוואָדן. דאָרט איז דער הידראָמאָנטאַזש.

צוואַנציק טורבינעס קוקן מיט זייערע אָפענע מײַלער צו בײדע עסטאַקאַדעס:

— שיט בעטאָן! וואָס מערער בעטאָן!

* * *

איך שטײ אַזוי פאַרכאַלעמט אין סאַמע קאָך בײַ דער פּלאָטינע און זע, ווי דאָס פלינקע מיידל ליליע זײַצעווע פירט זיך אַרום מיט די קראַנען: „מײַנאַ — ווירא"! אַראָפּ — אַרויף...

אַרום דער בעטאָן-עסטאַקאַדע דרייט זיך די גאַנצע כאַסענע: ווען קלעזמער זאָלן אַ דרינזשע טאָן מיט זייערע טאַצן, וואָלטן כעוורע אַוועק אַ טאַנץ — אַזוי לעבעדיק און פריילעך אַרבעט זיך דאָ. ס'איז פּשוט אַ פאַרגעניגן צו שפּיגלען זיך אין אָט דער שיינער פּאַנאָראַמע און זען, וויאַזוי די פּאַדונער פעלדזן גלײַכט מען אויס די ביינער...

— אָט גייט מיכאַיל דאַווידאָוויטש אָסאָווסקי, דער באַלעבאָס פון דער טײַגע! — שרײַט צו מיר באָריסאָוו. ער דערציילט, אַז דער אינזשעניער אָסאָווסקי פירט אָן מיט די מענטשן, וואָס רייניקן אָפּ פונעם אייביקן וואַלד דאָס אָרט פאַר דער בויונג.

— ווען איך קוק אין טײַד אַרײַן, — שמייכלט, צוקומענדיק, מיכאַיל דאַווידאָוויטש, — ווײַזט זיך מיר אויס, אַז אַ קינד טרינקט זיך און אַלע די, וואָס גייען דאָ אַרום דער אַנגאַראַ, ראַטעווען דאָס נעפעשל...

ס'איז פּשוט אַ פאַרגעניגן צו הערן, ווי עס רעדט דער אינזשעניער אָסאָווסקי.

ער פאַרגײַסט דעם קאָפּ צום פּאָרטאַלנע קראַן, שמייכלט:

— בעטאָן פונעם קאָך... מע קאָן די בריגאַדע גאָר ניט אָנהאָדעווען... איר האָט שוין עפּעס גענומען אין מויל אַרײַן?..

מיר זעצן זיך אַפן פּאַנעל, און איך באַמערק, אַז בײַ אָסאָווסקין פונעם אַרבל קוקט אַרויס אַ פּראָטעז אין אַ שוואַרצער לעדערנער הענטשקע.

ענטפערנדיק אַף מײַן קוק, זאָגט ער:

— אַמאָליקע יאָרן פלעגט מען אָן אַ האַנט זײַן אַן אינוואַליד. און הײַנט איז מען עס בלויז דאַן, ווען מען איז אָן אַ קאָפּ...

...שטאַמען שטאַמט מיכאַיל דאַווידאָוויטש פון ראָסטאָוו. געווען פון די אויסגעשפּילטע כעווּרע אַף דער גאַנצער קאָנקריסטיאַ... צי ניט דערפאַר טאַקע האָט אָסאָווסקי-קאַוואַלעריסט, בעשאַסן געשלעג מיטן דײַטש, דעם סאַמע געזונטן היטלעראָוועץ אַף זײַן שאַרפער שווערד גענומען, ווי אַ בורעק אַפן צוואָק?..

די טײַגע איז מיכאַיל דאַווידאָוויטש דורכגעגאַן פון אַקינסקער וואַלד-מאַסיוו ביז אָזיאָרנאַיאַ — דער סיבירער „ריצאַ". אַצינד ראַמט ער די זאָנע פונעם קומענדיקן בראַטסקער יאַם. „ניט אַנדערש, איך בין אַ מין דוואָרניק"... — לאַכט ער, דער באַרימטער אינזשעניער.

דאָס אַלץ וואָלט אַוואַדע געווען גוט, ווען די אַנגאַראַ זאָל זײַן אַ באַלעבאַטישע טאָכטער, ניט פאַרטרינקען אָסאָווסקיס האָרעוואַניע. נאָך אַ פאַרפלייצונג טראָגט עס אָן קלעצער, פּניאָקעס, שפּענער, בורעלאָם — רייניקט מען אָפּסניי די זאָנע, קעדיי שיפן זאָלן מיט דער צײַט דאָ שווימען, ווי אין דעם שוואַרצן יאַם.

— פאַראַן דאָ, וווּ צעלאָזן די ווישקעס, מיכאַיל דאַווידאָוויטש, — טו איך אַ זאָג און קוק, ווי די פּאַדונער פעלדזן שלאָפן נאָך פּלייצע-צו-פּלייצע, אָבער ערגעץ צווישן זיי צינדט זיך שוין אָן די ערשטע שײַן. אָסאָווסקי מאָלט אַפן זאַמד אַלייען און גאַסן, פּאַרקן און פּלעצער. ס'וועט זיך צעוואַקסן אַ שטאָט... ס'וועלן זײַן פאַבריקן און שיפן, און אַ יאַם וועט זײַן, און אויך אַ יאַכט מיט שײַן...

* * *

איך דראַפּע זיך אַרויף צו דמיטרי דעמידאָווס בריגאַדע — הונדערט זעקס און צוואַנציק מעטער אָן אַ לייטער.

דעמידאָוו — ניט קיין הויכער יונגערמאַן מיט שטאַרקע הענט און הונגעריקע אויגן, וואָס בעטן:

— בעטאָן, בעטאָן...

אַלעקסאַנדער מוכאַ, פּאַרקערט, אַ לאַנגער באָכער, וואָס שפּאַרט אונטער די צווייטע עסטאַקאַדע. אין פּאָרטאַלנע קראַן זיצט ער מיט אַ זײַט און אַ ביסל אַײַנגעהויקערט, נאָר זען זעט ער פאַר אַ מײַל...

אָט גרילצט אין קאָטלאָוואַן באָריסאָוו מיט זײַן געמבע:

— ליליע איוואַנאָוונע! שיט, זײַט מויכל, אונטער אַ פּאָר לעפל סמעטענע...

זײַצעווע רייניקט מיט דער לאָפּעטע די דייזשע פונעם צוגעזאָטענעם בעטאָן, ווי אַ גוטע באַלעבאָסטע דאָס טייג אין באַקדייזשע. זי קוקט דערבײַ צום קראַנאָוושטשיק: וואָס דרייט ער זיך הײַנט, מוכאַ, אין טורעמל פון דעם-קראַן, ווי די אַנגאַראַ בײַ דער פּלאָטינע?..

ניין, ער זעט אַלצדינג, ער זעט אַף אַ מײַל, אַלעקסאַנדער מוכאַ. אין אַ רעגע אַרום איז שוין דעמידאָוו צופרידן: בעטאָן גייט, סוואַרשטשיקעס שפּריצן מיט פײַער, זײַצעווע נעמט פלינק אויף די מאָרדע פונעם קראַן — שפּיל, שפּיל, מוכאַ, מיטן קאָכלעפל, ווי אַ פּויקבאַליסט מיטן מיאַטשיקל...

— וויפל גיסט איר אַרײַן בעטאָן אין די בלאָקן פאַר איין וואַכטע? — טו איך אַ פרעג באַם בריגאַדיר.

— דרײַ הונדערט קובאָמעטער, — ענטפערט דעמידאָוו, — די נאָרמע איז הונדערט זיבעציק...

באָריסאָוו שרײַט פונעם בלאָק:

— ליליעטשקע! מע דאַרף דיך כאַסענע מאַכן, וועט גיין בעסער דער בעטאָן!..

נאָר דעמידאָוו קוקט שוין אַפן זייגער, ווי עס טוט אַ ריכטער אַפן סטאַדיאָן:

— פאַרענדיקט דעם מאַטש, סאָף סמענע!

* * *

נאָכן מאָלצײַט גייען מיר מיט דמיטרי איוואַנאָוויטשן צוריק אַף דער פּלאַטינע, און אין איינוועגס דערציילט ער מיר דעם יוכעס פון „דעמידאָווס דינאַסטיע".

יאָרנלאַנג האָט מען זיך געשיפט איבערן יעניסיי אַף פּליטן. ווילד און אומעטיק, קויטיק און פאַרוויסט איז אַמאָל געווען סיביר. מיטן אָרעמען סקאַרב איז דעמידאָווס זיידע, אײנציקער מיט נאָך אַ סאַך געפּענטעטע קאַטאָרזשאַנעס, געקראָכן אַהער קיין אָסינאָווקע. ניט איין מאָל האָט מען זיך געטרונקען אָדער געלעגן בײַ אַ בײַמע צווישן די נעגל, ניט איין מאָל געשוואָלן געוואָרן פון הונגער...

דעמידאָווס כעוורע אַרבעטן הײַנט אַפן ערשטן אַגרעגאַט. ווי די ריזן, נעמען זיי אַרום און פּאַראַנקערן די פעלדזן אַפן רעכטן ברעג טײַך. צוויי טויזנט קובאָמעטער בעטאָן אויסערן פּלאַן האָט מען אַרײַנגעוואָרפן אין די בלאָקן.

אַלץ איז דאָ גרויס, ווי עס וואָלטן פאַרבלאָנדזשעט אַהער פאַרצײַטיקע שימשן האַגי-בערס. איין קראַן לאָזט אַראָפּ אין קאָטלאָוואַן אַרײַן דעם צווייטן, ווי אַ קינד פונעם בוידעם. און דאָרט, אין קאָטלאָוואַן, שטעלט דער צווייטער, דאָס קינד, הייסט עס, אַרויס דעם כאָבעט, נעמט אַ טראַקטאָר אונטער די פּאַכוועס און טראָגט אים איבער אַף דער צווייטער עסטאַ-קאַדע...

אומזיסט ווילדעוועט דער טײַך, ווי אַ צאַפּ אַפן שטריק; דעמידאָוו מיט זײַנע סיביריאַקעס פילן זיך ניט סײַ זומער, סײַ ווינטער. ניטאָ זיך וואָס צו בריקעווען — לייג זיך, מאַטעניו, אַף די לאַפּאַטקעס...

הונדערט פיר טאָן וועגט דאָס רעדעלע פונעם אַגרעגאַט, יעדע טורבינע וועט געבן צוויי הונדערט טויזנט קילאָוואַט-שאָ, אַלע צוואַנציק טורבינעס — סאַכאַקל פיר מיליאָן!

* * *

אַ זעלטן וואַרעמער סיבירער טאָג. אויטאָבוס און לאַסט-מאַשינעס פירן דעם אַרבעטער-קלאַס: וועמען אַפן רעכטן ברעג, וועמען אַפן לינקן און וועמען צו די בעטאָן-זאַוואָדן.

פיר אַזייגער באַטאָג בײַטן זיך די מישמוירעס. דערזע איך פון אַ הויכן אָרט, פון דער בראַטסקער פעסטונג, וואָס שטייט שוין דרײַ הונדערט יאָר, אַ מעכײַעדיק בילד: אַף די עסטאַקאַדעס גייען מענטשן אין דער ריי, ווי אין לענינס מאַוזאָליי...

אַזוי פירט זיך שוין דאָס לעבן: אַפילע די פּאַדונער פעלדזן קאָן מען אָנטאָן אַ צוים, אַפילע די אַנגאַראַ קאָן מען אָפּשטעלן, פאַרקאָווען זי אין גראַניט און בײַטן איר דעם גאַנג.

אָבער אָפּשטעלן די מענטשן, ווען זיי גייען אַף דער אַרבעט, די מענטשן, וואָס גיבן שײַן דער וועלט, — אַף אָפּשטעלן זיי איז ניטאָ אַזאַ קראַפט.

בראַטסק, 1961.



פּיניע קיריטשאַנסקי

געבוירן אין 1921 אין שטעטל מאַלין (או-קראַינע). אין 1940 פאַרעפנטלעכט די ערשטע לידער אין זאַמלבוך פון אָנפאַנגער „אָנהייב״. אַנטיילנעמער פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מלחמה. וווינט אין קיִעוו.

# ריַיפקיַיט

די זון אירע שטראַלן צעוויקלט,
ווי פעדעם פון גאָלדענעם קויש,
אין העמדלעך אין ווײַסע די גריקע
איז הײַנט אף די פעלדער ארויס.

איר צוויט אף די שטענגעלעך גרינע, —
ווי שוים פון די כוואַליעס זיך דוכט,
עס טראָגט זיך א זשומען פון בינען,
עס שמעקט שוין מיט האָניק די לופט.

מיט רו און מיט רײַפקײַט פּאַוואָליע
זיך הוידעט די גריקע אין פעלד,
און ס׳דוכט זיך מיר אויס, אז דער שאָלעם
האָט דאָ אף די פיס זיך געשטעלט.

# דער שפּליטער

עטוואָס נידעריקער פון מײַן לינקן אויער
ליגט א מינען־שפּליטער און ער נאָיעט, נאָיעט...
עטוואָס קלענער פון א זוימעלע דער שפּליטער,
האָבן דען פון אים די זאנגען ניט געציטערט?
ווען געפלויגן איז ער און די לופט געשפּאָלטן,
האָבן אים די זאנגען ווייצענע פאַרהאַלטן.
פול מיט מילך זיי ווערן איצטער אָנגעגאָסן,
איך בין גרייט א נעם טאָן אין די הענט א קאָסע —
און די זאנגען שנײַדן און דאָרט בינדן סנאָפּעס,
זיך מיט זיי דאָרט האַלדזן, לייגן זיי צוקאָפּנס.

זיכער ניט געשריבן וואָלט איך איצט די סטראָפעס,
ווען דער שפּליטער אין מײַן מויעך וואָלט געטראָפן.
ס'האָבן אים די זאנגען אָפּגענייגט, דעם שפּליטער,
ווײַל נאָך ניט דערזונגען האָב איך מײַנע לידער.
אכצן נײַע הויטן האָבן זיך געביטן,
נאָך ניט אײַנגעשטילט דער ווייטעק פונעם שפּליטער.
אָט דער ווייטעק, ביזן מארך מיר אָפּט דערגייט ער,
אכצן יאָר דער מינען־שפּליטער — מײַן באגלייטער.
צו די ווײַטסטע ווײַטן, צו די ברייטסטע ברייטן,
ביז מײַן לעצטן אָטעם בין איך טראָגן גרייט אים.
ווען די פולווער־קעלערס וועלן ווערן ליידיק,
וועט זיך אײַנשטילן אין מיר מײַן טיפער ווייטעק.

# איך האָב ניט פארשפּעטיקט

א ווינט האָט פון פענצטער די לאָדן צעהוידעט,
זיי קלאפּן זיך אָן אין די שטיינערנע ווענט,
אזוי ווי עס וואָלט דאָ די שטילקײַט צעבויטעט
א פליעסקען פון הונדערטער קינדערשע הענט.

מײַן איינציקער פענצטער — פון וואנט עטוואָס קלענער,
איך זיץ נעבן אים נאָך דער ארבעט, בין מיד,
כ'קלײַב ווערטער צונויף, ווי צום שײַטער די שפּענער,
און גלייב, אז צעפלאקערן וועט זיך מײַן ליד.

איך וואָלט מיטן ווינט איצט געוואָרן א צווילינג,
און זאָל ער די ליד מײַנע טראָגן אין ווײַט.
זאָל לעבן מײַן יוגנט, זאָל לעבן מײַן פרילינג! —
איך האָב ניט פארשפּעטיקט, כ'בין דאָ צו דער צײַט.

* * *

ווי גלײַך א דינינק גרעזעלע,
נאָך ווייך, ווי זײַד, און צארט,
עס רײַסט זיך פון דער ערד ארויס,
ווי פון א שווארצער נאכט...

באטראָטן ווערט דאָס גרעזעלע,
נאָר צו דער זון עס שטרעבט,
עס גלײַכט זיך אויס און ווידער וואקסט,
עס אָטעמט און עס לעבט, —

די הייסע שווארצע אפריקע
האָט זיך, ווי גראָז, צעגרינט,
פון פינצטערניש זיך רײַסט ארויס
און ס'בייגט זי ניט דער ווינט.

* * *

א פראַסטיקער פאַרטאָג
אין גאַס אַרײַן מיך רופט,
פון ברויט־זאַוואַר זיך טראָגט
אין גאַס א פרישער דופט.

מײַן טראַט ווערט פרײדיק־גרינג,
ווי פון געשמאַקן ווײַן,
מיר דוכט זיך אויס, איך שלינג
דעם זומער איצט אַרײַן.

איך האָב דערפילט דעם טאַם
פון ברויט — נאָך וואַרעם־פריש.
אָ, זאָל ער מער מיט פלאַם
פון קריג ניט זײַן געמישט.

פאַר די, וואָס זײַנען טויט,
איך בוק זיך צו דער ערד —
דער דאַנק פאַר אָט דעם ברויט,
איך ווייס, אויך זיי געהערט.

* * *

איך טראָג די לאַסט פון טאָג ארוף א באַרג,
עס לייגט דער שווערער וועג זיך אף מײַן קאַרק.

דאָרט אפן שפּיץ באַרג שטאַרקער בלאָזט דער ווינט,
איך זע פון דאָרט, ווי ברייטער ווערט צעגרינט
די ערד מײַנע, אף וועלכער כ'האָב מײַן זײַן
פאַרגלידערט אינעם ריטם פון מײַן הײַנט.

און כאָטש איך ווייס, אז אין דעם גרויסן טאָג
האָב איך נאָך עפּעס ניט דערטאָן און ניט דערזאָגט, —
איך גיי, און גיי, און גיי ארוף א באַרג,
עס ליגט די לאַסט אף מײַן געזונטן קאַרק.

# פאַרנאַכט

א ווינט האָט אין פעלד אופגעוואַכט,
די זאַנגען די שווערע צעהוידעט,
אף מײַרעוו דער הימל פאַרנאַכט
הענגט, ווי א פאַרהאַנג א רויטער.

אָט גייען קאָלווירטלער פון פעלד,
די מידקײַט אף זייערע פלייצעס,
זי האָט זיך אין גאַרבן צעשטעלט,
צעגאָסן אין ווייצענע רייכעס.

1961.

---

שלוימע רויטמאַן

# דער האָניקטרעגער

(פּאָעמע)

די פּאַסעקע געווען איז מעובערעס.
דער עפּלסאָד, דער בינציכטלער — א גרייַז,
געשטאַנען זייַנען ביידע מילכיק־ווייַס,
ווי גרייט אריבערגיסן זיך אין פּיירעס.

און ס׳האָט דער אכציקיאָרעדיקער זאָקן
א נעם געטאָן אין הענט, ווי אף דער וואָג,
זייַן שענסטן צווישן אלע בינענשטאָקן
אף אָפּוועגן דעם אָנגעטריפטן טאָג,
דעם פּרילינג מיט דערקוויקנדיקע טויען,
וואָס ווינט אין אָט דעם כאַטקעלע דעם בלויען,
און זיס געקרעכצט — „דער באָכער ווערט א לייַט״, —
ווי נאכעס וואָלט ער קלייַבן אָנגעהויבן
פון זייַנס א קינד, וואָס איז געווען פארשייַט.
און האָבן זייַנע הענט זיך נאָר באפרייַט,
צעפלאַטערט האָבן זיי זיך, ווי די טויבן,
אף דעכעלעך פון שטילער האָניק־שטאָט,
נאָר, דוכט זיך, מיד, ווי פון א וועג א שווערן,
פארפלויגן וואָלטן זיי אהער אין סאָד.
א זייַטיקער וואָלט איצט אוואדע קלערן —
„די ארבעט גייט דאָ שלעפּעריק, אָן מאכט״,
נאָר ווען עס זאָגט צו אים אזא מין איינער
— „נו, אלטער, לאָז שוין רוען דייַנע ביינער״, —
ער וואָלט אין גוטן מוט אים אויסגעלאכט:
„צו בינען קומסטו, טאָ זאָלסטו זיך ניט היצן,
ווייַל בינען האָבן פייַנט, ווען מענטשן שוויצן״.

די מי האָט אים געשמעקט, און ניט אין זייַד,
נאָר פּראָסט געקליידט, ווי אָט די דרויסן־זייַט
פון בינשטאָקן. ווען ניט די עפּלצוויטן,
געבויגענע אף זיי און פייַן געשניטן —
א קווייטל אין א קווייטל אייַנגעטאָקט, —
ווי גרוי וואָלט אויסגעזען דער בינענשטאָק.

נאָר הינטער ברעטלעך זײַנע העלט א שלאָס.
ווי א קרעדענץ — געשלאָסן קאָס אין קאָס, —
דאָרט גלײַען קעמערלעך מיט רויזן־ווײַנען,
דאָך אייביק דאָרטן לעכצנדיקע זײַנען
נאָך מי די האָרעפאשניצעס, וואָס בויען
א מין וואַרשטאַט פון בלומען־שטויב און טויען.
געגעבן איז אים אויך א בינשטאָק זײַן,
נאָר פול מיט הארץ, מיט גוטער מענטשן־שײַן.

צעברענט זיך האָבן אויגן זײַנע שווארצע,
ווי לײַכט־טורעמס, געצונדענע אין הארצן,
דאָס האָט ער זיך א בינענשטאָק געגרייט
איצט עפענען. נאָר איידער וואָס פארדרייט
זײַן ווײַסע באָרד און זי אין העמד באהאלטן,
זיך ווערטלענדיק מיט איר, ווי מיט זײַן אלטער:
— „אין מײַנע זאכן מיש זיך ניט, מײַן קווייט,
און רייץ מיר ניט, איך בעט דיך, מײַנע בינען!"
דאָך, ווען עס האָט בא אים שוין אין די הענט
א ראַם, פארפולט מיט האָניק, אופגעבלענדט,
האָט מיטאמאָל געביטן זיך זײַן מינע,
דאָס פּאָנעם איז געוואָרן הייליק־מאַט,
ווי שטעלן וואָלט זײַן זעל אף דעם איר שטעמפּל,
און אויסגעזען אין זויבערן כאַלאַט
ער האָט, ווי א מין פּריסטער אין דעם טעמפּל,
וואָס האָט אצינד פארטיפט זיך אין דער בלאַט
פון גרויסן בוך, דעם גאָלדענעם און ליבן,
ווו ארבעט ווערט מיט האָניק־שריפט פארשריבן.

ער האָט געלייענט דאָ דעם בלומען־קסאוו,
דעם קוואל פון מאַמע־ערד און איר באשאַף,
געלייענט איר נעשאָמע פון א מוטער;
געקוקט צו אים האָט פון דער ראם דער גוטער,
ארײַנגעפאסט מיט זומערדיקער ליכט,
מיט בלוט און מילך — דאָס אויצערדיק געזיכט
פון היימלאנד פון זײַן טײַערן, געבענטשטן,
דער זינען פון זײַן האָרעפאשנער וועלט.
דאָס פּאָנעם האָט פון דאָרט ארויסגעהעלט
פון מענטש, וואָס ברענגט נאָר האָניק פאר א מענטשן.

ער האָט צוריק די ראַם ארײַנגעשטעלט.
שוין האָט די בין זיך אָנגעהויבן מײַען,
שוין האָט אונטער איר לאַסט אן עפלקווייט
א נייג געטאָן איר קאָפּ פארשעמטערהייט

און דאַך אין ליבע־לײַדנשאפט, אין מלעון,
ווי אָרעמס פינף די בלעטעלעך צעשפרייט.

דער ענדע מײַ איז אויסגעשפּילט געשטאַנען —
א בוטל הימל־בלויער נעקטאר־טוי.
דעם אלטן איז הײַנט אופגעלייגט אזוי,
אז נאָר א קינד, מיסטאמע, וואָלט פארשטאַנען
זײַן ערעוו־יאָמטעוודיקן אופגעברויז —
דאָס האָט ער זיך געקליבן, ווי זײַן מינהעג,
הײַנט גיין מיט א געשאַנק אין קינדערהויז,
וואָס איז פאר אים געווען, ווי א מיזיניק.

און קינדער האָט ער ליב געהאט דאָס לעבן,
דאָס הארץ זײַ, די נעשאָמע אָפּצוגעבן
איז אויך געווען אים קארג. ער האָט געטרוימט:
— „אָט וועלן נאָר פון פעלד די באָנים קומען,
איז הײַדא צו די כעוורעלײַט!״ — און ער האָט שוין
פארפריער, דוכט זיך, סמאקעווען גענומען
דעם שמייכל פון די קינדער אף זײַן ליפ.
— „זיי שמייכלען, הא? זיי האָבן אויך אים ליב״, —
האָט ער שוין, ווי א קינד, גענומען טראכטן,
און שווער אזוי איז אים געוואָרן וואַרטן.

קאַיאָר האָט ער אין פעלד ארויסגעשיקט
א בינשטאָק מיט די זין, אז זײַן געשיקט
עס זאָל די בין און לערנען די מעלאָכע —
ארײַנגיין אין א קווייט מיט מאזל־בראָכע, —
זאָל ברענגען מערער האָניק דעם קאָלווירט.

...איצט האָט אים פונעם אָרט ווי אופגעריסן.
אוועקגעפּײַלט ער האָט מיט דריבנע טריט
א קרוג מיט מעד פאר קינדער אָנצוגיסן.

געדיכטערהייט, ווי סטעלניק אפן שניט,
געהאנגען איז דער דופט אין אָט דעם צימער,
ארומגעגאן איז רופנדיק א שימער
פון האָניקס אלערליי, פון שטארקן מעד,
פארבעטנדיק אף סימכע און אף זעט.
דער האָניק, וואָס פאר קינדער נעמט ער גרייטן,
ער איז אזוי באכיינט און איידל־ווייך,
ווי גלײַך אן אָפּשײַן אין דער שפּיגל־הייך
פון דער אקאציע זעלבסט מיט אירע קווייטן.
דער האָניק האָט געקוקט פון קרוג ארויס
אף אים, ווי א מין אויג פון ריינסטן גינען.

— „פאר זיי!״ — האָט ער געקלערט. און פאר זײַן זינען אוועקגעשטעלט זיך האָט דאָס קינדערהויז.

נאָך אײפּעלעך, אָט, דוכט זיך, פון דער וויג
האָט זיי אהער פארוויט דער שווערער קריג.
זיי האָבן ווי געפילט, אז ס׳האָט געטראָפן
זיך עפּעס זייער שרעקלעכס אף דער וועלט,
ווײַל מער האָט זיי די מאמע ניט פארשטעלט
פון עלנטקײַט, דעם וועג זיי ניט פארלאָפן
מיט מאמע־הארץ, וואָס ווארעמט טאָג ווי נאכט.
זיי האָבן אָפּט זיך אומעטיק פארטראכט
און עפּעס אלץ ניט אופגעהערט צו זוכן.
דעם האָניק, וואָס ער האָט זיי דאן געבראכט,
זיי האָבן זיך געשראָקן צו פארזוכן,
און נאָר א הארץ האָט היילן זיי געקענט,
און אלץ האָט נאָר אין ליבשאפט זיך געווענדט.

און ווען זיי האָבן ליבלעך, מיט געלעכטער,
אים אָנגעהויבן רופן „זיידע־מעד״,
האָט ער דערפילט — דאָס האָט אין זיי דער רעכטער,
דער שפּילנדיקער קונדעס זיך צערעדט,
און טאקע אָט אזוי אף זײַנע אויגן
מע האָט זיך, ווי אף הייוון, אויסגעצויגן,
דערגרייכט אים ביזן הארץ...
א צי אים האָט
צו זיי געטאָן...

ווי נאָר ארויסגעטראָגן
ער האָט דעם קרוג מיט האָניק אין דעם סאָד,
דערזען ער האָט א בין אין אים זיך שלאָגן,
זי האָט אין מעד אלץ מער זיך אײַנגעקלעפּט.
באדאכט ער האָט די בין ארויסגעשלעפּט,
געפּרוּווט זי אף דער ערד אראָפּצולאָזן,
זי זאָל זיך דאָרטן אויסוואשן אין גראָזן,
נאָר ניט געקאָנט זיך רירן פונעם אָרט.

א הייב געטאָן צום שטערן האָט, אפּאָנעם,
זײַן האנט זיך, נאָר א פאל געטאָן פון דאָרט,
זיך גליטשנדיק פארכאלעשט אף זײַן פּאָנעם,
די בין האָט אײַנגעקלעפּט זיך אין זײַן באָרד,
ארויסגעלאָזט, ווי גלײַך מע וואָלט זי קוילען,
א שאלנדיקן רוף אזא, וואָס שנײַדט.
נאָר איר צערייצט און אופגערודערט הוילן
איז שוין דערגאן צו אים פון זייער ווײַט.

און ס׳דוכט אים, אז אַט שפּילט גאַר א האַרמאָניק,
ער טראָגט צום קינדערהויז זײַן קרוג מיט האָניק,
און ארום אים זיך דרייען אין א טאנץ
די ליפּעס, וואָס ער האָט אמאָל פאַרפּלאָנצט.
נאָר פלוצעם איז א וואלד זײַן וועג פאַרלאָפן.
אָט דאָ, ווען ער איז יונג געווען אזוי,
ער האָט זיך בא א ווילדן בינען־רוי
מיט א פּאַטלאַטן גרויסן בער געטראָפן.
אָט איז ער, דער פּאַטלאַטער, — שוואַרץ און שווער...
ער וואלגערט זיך ארוף אים אפן הארץ
און לעקט און לעקט אים, זויפנדיק, דעם שטערן,
נאָר ער, א יאַט מיט ביינער, קאָן זיך ווערן,
איז גיט ער מיט א דרענגל אים אין קאָפּ.
פאַמעלעך טיילט דער בער פון אים זיך אָפּ,
נאָר פאַלט ניט אָף דער ערד, ער פליט צום הימל
און שפּרייט זיך אין א וואָלקנדיקן רויך...

דאָס הארץ איז אים געשפּרונגען זייער הויך,
דערגאַן איז שוין צו אים דער בינס געווימל,
נאָר אָט דער רויך — ער וויל זיך ניט צעגיין,
„אָ, גאָט, — האָט ער געטראַכט צו זיך אליין, —
אָט נאָר איין לעפל האָניק אופּצועסן,
איז רעכט״...
נאָר ער האָט ווידער זיך פאַרגעסן,
און ווידער ווײַזט זיך אים, דעם זאָקן, אויס:
ער גייט איצט מיטן קרוג צום קינדערהויז,
און גוט איז אים, ער שפּאַנט ווי בעגילופן,
ער הערט דאָך, ווי די קינדערלעך אים רופן:
„נו, קום צו אונדז, דו ליבער „זיידע־מעד״!״
און ווי ס׳וואָלט זייער קינדהײַט מיט איין גלעט
אים אויסגעמאָלט א פרײַע וועלט — א הייכל,
עס האָט זײַן הארץ אין איר ארײַנגעשמייכלט.

...און עפלבוים האָט איבער אים געבליט,
און אָף זײַן ברוסט האָט שטאַרק די בין געקלונגען,
ווי גלײַך פון אים האָט אלץ ארויסגעזונגען
זײַן האָרעפּאַשנע וועלט און זיך געמיט;
אין הייך עס האָבן בינען, ווי מיט טראָפּנס,
אָף אים זײַן סטעפּ זײַן ליבן אויסגעשפּרייט,
און האָניק — פאַר די קינדער אָנגעגרייט —
האָט פײַערלעך געברענט בא אים צוקאָפּנס,
געאָטעמט מיט דעם פעלד, מיט זון געגליט.
ס׳האָט איבער אים דער עפלבוים געבליט.

.1961

---

# יעכיעל פאליקמאן



געבוירן אין 1911 אין ליובאר (אוקראינע). פארענדיקט א פּעדאגאָגישן אינסטיטוט. געארבעט אלס שטאָלגיסער אפן קיעווער זאוואָד „באָלשעוויק". אָנטײלנעמער פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1931. ווױנט אין קיעוו.

# לייב כאַדאַש

אלץ האָט זיך אָנגעהויבן פון א שפּאַס.

די בריגאַדע וועג-ארבעטער — אַף דער אײַזנבאַן רופט מען זי געווײנלעך קאָלאָנע — האָט אין סאַמע מיט פון דעם סארפּענדיקן טאָג, נאָך מיטיק, אָפּגערוט אַף א שמאָלער לאָנקע, צווישן וואַלד און דער באַן-ליניע, מאַמעש געקוויקט זיך מיט דער שאָטנדיקער קילקײַט, מיטן ווינטעלע, וואָס מע שפּירט עס קוים. מענטשן, בא וועמען די לײַבער זײַנען צעהיצט פון דער ארבעט און אויסגעווייקט אין געזאַלצענעם שוויים, ווייסן, וויאזוי צו שאַצן אזא כיעסדיקע שאָ.

די מיידלעך פון דער קאָלאָנע האָבן זיך אָפּגעזונדערט אין א זײַט און ארומגערינגלט איינע א גאָלדיק-געקרײַזלטע, וואָס איז געזעסן אַף אן איבערגעקערטן עמער. מיט אָנגעשטרענגטן אינטערעס, נאָר עפּעס אזוי ווי קינדער ביים א שפּיל, האָבן די מיידלעך נאָכגעקוקט, ווי זייער כאַווערטע רײַסט איינס נאָך איינס די בלעטעלעך פון א פעלד-ראָמאַשקע.

— יאָ ליב, ניט ליב! — האָט די בלאָנדע געשעפּטשעט נאָך יעדן אויסגעפליקטן בלעטעלע.

דערבײַ האָט זי דעם לאָמעד ארויסגערעדט באזונדערס צאַרט און וואָרקענדיק, ווי מע רעדט אים ארויס בלויז באַם דניעפּער, ארום קאַרסון.

א קרעפּטיקער באָכער, א נידעריק געזעצטער, מיט ברייטע אקסל, האָט אומבאמערקט זיך צוגעגאַנגען צו די מיידלעך. זײַן פארברוינט געזיכט מיט צונויפגעוואַקסענע ברעמען, בוילעט אָנגעצייכנטע קינבאַקן און פולע ליפּן האָט אויסגעדריקט אײַנגעשפּאַרטקײַט. דאָס האָט באַזונדערס זיך געשפּירט אין זײַן קאַלט שמייכעלע, וואָס אָט האָט עס זיך באַוויזן, און אָט איז עס פארשוווּנדן. יעדע ווײַלע האָט ער ארײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די אקסל, פארלייגט ביידע הענט אפן רוקן און באַוועגט מיט די פינגער. אָט די און אויך אנדערע טנועס, וואָס מע קאָן זיי גאָר גלײַך ניט אופכאַפּן, האָבן אָנגעוויזן, אז דער באָכער איז א פּאַרזיכטיקער, אן אײַנגעגעסענער און א כיטרער.

צוגעוואַרט א פאַרטײַעטער, ביז די בלאָנדע האָט אויסגעפליקט דאָס לעצטע בלעטעלע („ער האָט ליב!" — האָט זי אַף א קאָל פײַערלעך געזאָגט), האָט דער באָכער געגעבן א הוסטעלע און דער דלאָניע און גאַנץ זשוואַווע זיך נאָכגעפרעגט:

— וועמען האָסטו עס אין זינען, אסיע? עפּשער מיך?

אסיע האָט א שמייכל געטאָן רויִק און זיכער, ווי עס שמייכלען געוויינלעך שיינע מיידלעך:

— ניין, זוסיע, ניט דיך מיינט מען, קאָנסט זײַן רויִק...

זי האָט אָפּגעקערט די אויגן, ניט לייגנדיק קיין אכט אַף זײַן שווערן בליק, און גענומען קוקן אפן ניט הויכן ערד-אָנשיט. דאָרט, אַף די רעלסן, וואָס האָבן זיך מאַמעש געשמאָלצן אונטער דער באַטאָגיקער זון, איז געשטאַנען א דרעזינע. פונעם אָפענעם פענצטער האָט ארויסגעקוקט דער מאָטאָריסט.

ער איז געווען נאָך גאָר א יונגיטשקער, די קוטשעראַווע העל-קאַשטאַנעווע פּאַטלע האָט, דוכט זיך, לענגער געמאַכט זײַן אזוי אויך לענגלעך געזיכט. און ווײַל די נאָז איז געווען בא אים א ביסעלע צופיל אויסגעצויגן, האָבן די אויגן, וועלכע ער האָט נאָך דערצו געהאַט א טעווע קוים-קוים זשמורען, אויסגעזען צו קליין. און דאָך איז פארבאָרגן געווען עפּעס שיינס אין זײַן געזיכט.

אסיע האָט אָנגעוויזן אפן מאָטאָריסט:

— כ'האָב פארטראַכט, צי לייבל כאַדאַש האָט מיך ליב!

---

א פראַגמענט פון א גרעסערער זאַך.

זוסיע האָט אָפּגעריסן א פעלד-ראָמאשקע און אויסגעשטרעקט זי דעם מיידל:

— איצט פּאַרקלער, צי איך האָב דיך ליב!

זײַנע אויגן האָבן געשמייכלט, נאָר דאָס גאַנצע געזיכט האָט אויסגעדריקט אָנשטרענגונג.

אסיע האָט גענומען דאָס קווייטל און באַפּוילן:

— קער זיך אָפּ, דו טאָרסט ניט קוקן!

זי האָט אָנגעהויבן אָרומפּליקן די לענגלעכע געלע בלעטעלעך, פאַרכאַפּנדיק צו צוויי-דרײַ מיטאמאָל. ענדלעך האָט זי אויסגערופן: „ער האָט ניט ליב!"

— אָט וועלן מיר באַלד זען! — זוסיע האָט מיט אויסגעשטרעקטע הענט זיך א לאָז געטאָן צו אסיען. נאָר זי איז פלינק אויפגעשפּרונגען און גענומען אַנטלויפן. אין דער קאָלאָנע האָט זוסיע בערבעסעס (דאָ האָט מען ניט געוווּסט, אז ער הייסט אויך „זוסיע מאַקע", „זוסיע מיט די קלעפּיקע פינגער" — א שטעטל האָט אים אמאָל אזעלכע נעמען געגעבן און געוווּסט פאַרוואָס) געהאַט א שעם פון אזא, וואָס קאָן פאַרדרייען א מיידל דעם קאָפּ. מיט אסיען האָט זיך באַ אים אָבער גאָרנישט ניט באַקומען, כאָטש ער האָט געפּאַדקעוועט אַרום איר שוין ניט דעם ערשטן טאָג. דערפאַר טאַקע האָבן איצט די וועג-אַרבעטער גענומען מיט נײַגער קוקן, ווי זוסיע יאָגט זיך נאָך אסיען, אייניקע האָבן אפילו מיט א הוקען אונטערגעהעצט זיי.

זוסיע האָט בעקיוון געהאַלטן זיך פון אסיען אָף א קליינעם מעהאַלעך, פאַרלאָפן איר אַלעמאָל דעם וועג, ווי נאָר זי האָט געוואָלט אָפּקערעווען אין א זײַט, און פאַריאָגט זי אזוי אין וואַלד אַרײַן.

לייבל כאָדאָש האָט פונדערווײַטנס געזען, ווי א מיידל האָט אָנגעוויזן אָף אים מיט דער האַנט און ווי אין א מינוט אַרום האָט זוסיע בערבעסעס זיך גענומען יאָגן נאָך איר. דעם דאָזיקן זוסיען האָט לייבל ניט ליב געהאַט. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דרעזינע און, באַהערשט פון עפּעס אן אומקלאָרן געפיל, אויך אַוועקגעלאָפן אין וואַלד אַרײַן.

צוגעשפּאַרט זיך מיט דער פּלייצע צום שטאַם פון א יונגן בוים, האָט דאָס מיידל מיט ביידע הענט אָפּגעשטויסן פון זיך זוסיען, וועלכער האָט זיך באַמיט אַרומנעמען זי, דערלאַנגט אים קלעפּ, וווהין עס האָט זיך נאָר געמאַכט.

זוסיע האָט דערהערט טריט הינטער זיך און האַסטיק אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ. א ווײַלע האָט ער געקוקט מיט ווילד-אַרויסשפּאַרנדיקע אויגן אָפן מאַטאָריסט און פאַרלוירן א לאַך געטאָן:

— זע נאָר, וואָס עס טוט זיך מיט איר... משוגע און גאָר!..

ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע שפּאַן אין א זײַט און גענומען פאַרשפּיליען דאָס צעכראַסטעטע העמדל.

— נו, קום, אסיע, — האָט ער א רוף געטאָן מיט אזא טאָן, ווי ער וואָלט האָבן רעכט זיך צו שאַפן מיטן מיידל. — אָט איז לייבל אויך געקומען העלפן דיך פּענטען!

— אײַך וואָלט מען דאַרפן פּענטען, ניט מיך! — האָט אסיע געזאָגט. אירע ווערטער האָבן אָפּגעקלונגען שוין קימאַט אָן רוגעז, גיכער אפילו גוטמוטיק.

לייבלען האָט פאַרדראָסן, וואָס דאָס מיידל האָט אזוי שנעל מויכל געווען זוסיען. אייגנצײַטיק אָבער האָט אים באַהערשט א מאָדנע געפיל: ס'האָט זיך אים געוואָלט אָן אויפהער קוקן און קוקן אָף אָט דעם גאָלדיק-בלאָנדן מיידל, א באַשאָטענע מיט זון-בליקן, וועלכע זײַנען געפאַלן פון צווישן די בלעטער. אסיע האָט מיט די פינגער פאַרקעמט די צעשויבערטע האָר, זי האָט שעמעוודיק געשמייכלט. א שלאַנקע, א בייגעוודיקע, אין א ציצענעם קאָפּטל מיט עטוואָס אויסגעבליאַקעוועטע קווייטלעך, אין א געפאַרבטן לײַנענעם קליידל, אין אַלטע טופליעס, פאַרשנירעוועטע מיט קלאָטשע-בענדלעך, — אָט אזא האָט לייבל זי דערזען אין יענע קורצע ווײַלעס....

לייבל כאָדאָש האָט ליב באַקומען אסיען. זוסיע בערבעסעס האָט בלויז אָף איר געוואָרפן אן אויג. נאָר אָט האָט זיך באַוויזן א קענער, און זוסיע האָט פאַרשטאַנען, אז ער קאָן פאַרלירן עפּעס ווערטפולס.

ער האָט געשטאַמט פון א מישפּאָכע, וווּ מע האָט געוווּסט, וויאזוי קריגן גוטס און האַלטן עס אונטער א שלאָס. פון א וואָלינער שטעטל איז ער אַרויסגעקומען, וואָס ליגט צווישן זשיטאָמיר און בערדיטשעוו. פאַרטריבן האָבן אים פון דער היים ניט די צונעמענישן „מאַקע" און „קלעפּיקע פינגער", ניט אפילו דעם טאַטנס שעם פון א געוועזענעם ליוועראַנט. אן אייגענער ניט געלונגענער אַרויספאָר אָף צוויי געגאַנוועטע קאָל-ווירטישע פערד, מיט וועלכע ער האָט ניט באַוויזן זיך דערקלײַבן צו א יאַריד, זיי דאָרט פאַרצוקערן, — אָט וואָס ס'האָט אים געמאַכט נאַוונאַד...

קעדיי דער עמעס זאָל צופעליק ניט אַרויפשווימען, האָט זוסיע גאַנץ גערן און באַאַריכעס דערציילט די כאַווײרים פון דער קאָלאָנע וועגן זײַן אַרבעט אָף א שאַכטע אין דאָנבאַס און אויך וועגן דעם, אז ער האָט אונטערגעשטעלט א פּלייצע אין אָדעסער האַפן. דאָס אַלץ האָט מען געקאָנט באַמאָלן, ווי דאָס האַרץ גלוסט. פאַרשטייט זיך, אייניקע אייניצלהײַטן, ווי, לעמאָשל, די באַקאַנטשאַפט מיט מאָלדאַוואַנקער לײַט, וועלכע האָבן געהאַט א גוסט צו דעם, וואָס מאַטראָסן פון אויסלענדישע שיפן פאַרקויפן, האָט מען געמעגט פאַרבייגן. נאָר אין אַלגעמיין האָט זוסיע נויסעביין געווען באַ א סאַך אַרבעטער פון דער קאָלאָנע אי מיטן קאָנען מאַכן א קויסע, אי מיט דעם, וואָס אז מע דאַרף א האָרעווע טאָן — איז מיילע, קויעד קלעקט...

גאָרנישט האָט ער מיט זיך פון דער היים ניט מיטגענומען, זוסיע, בלויז דעם טאַטנס א ווערטל:

— א פויגל פליט אי הויך, אי נידעריק: הויך — ווען ס'איז א גוטע פּאָגאָדע, נידעריק — ווען ס'איז א שלעכטע פּאָ.אָדע...

ער איז בעפֿירעש געווען א פויגל, זוסיע, אָבער דער שטורעם האָט אים אונטערגעבראָכן די פליגל נאָך איידער ער האָט דע פילט קראַפּט אין זיי. ער האָט איצט געזוכט א שטיל ווינקל און עפּעס זיך שוין אפילו אָנגעמערקט דאָ, אַף דער אײַזנבאַן. אָנגעמאָסטן איז פאַר אים געווען א קאַזיאָנע שטיבל. גוט, פאַרשטייט זיך, אויב ס'איז געבויט פון ציגל און געדעקט מיט בלעך. נאָר נישקאָשע אויך, אויב א הילצערנס און מיט א דאַך פון דראַניצעס. און שטיין זאָל עס ניט בא דער סאַמע סטאַנציע, בעסער אין עק פון א טויבן דאָרף, אַרום וואַלד. אַזאַ-אָ שטיבל וואָלט אסיע באַשײַנט. דאָרט וועט, אַגעוו, ניט זײַן, ווער עס זאָל אַף איר גלאָצן די אויגן.

זוסיע האָט געדאַרפט מאַכן בלויז איין אומבאַמערקן טראָט פון דער קאָלאָנע אַרויס — ווערן א וועג-שוימער. דאָס איז קעדיי האָבן רעכט צו באַקומען דאָס שטיבל און די נאַכלע. דערנאָך קאָן אויך געמאָלט זײַן, מע זאָל ווערן א בופעטשיק — דאָ ערגעץ ניט ווײַט, אַף א קליינער סטאַנציע. לעבן דאַרף מען שטיל, טאָן, וואָס עס לאָזט זיך טאָן, די קייכעס היטן פאַרן אייגענעם ברעקל ערד... אסיעס ברייִשע דאָרפסמוידישע הענט אין פּאָר מיט זײַנע וועלן שוין שאַפן אַן אייגנס, און איר שלאַנקער געמאַקטער קערפּער איז אַן אָנזאָג, אַז יאָרשים וועט זוסיע האָבן בעשעפע...

ווי אַמייסטן סעזאָן-אַרבעטער, האָט אסיע גענעכטיקט אין דער היים, און נאָך דער אַרבעט פלעגט זי צוזאַמען מיט די כאַווערטעס אונטערפאָרן ביז א געוויסן אָרט, פּינוואַנען א שטויביקער וועג, וואָס שלענגלט זיך פאַרבײַ אַן אַלטן וואַלד, פירט אין איר דאָרף אַרײַן, אין סמאָליאַווע. ניט ווײַט פון דאָרט איז אויך לייבלס היים-שטעטל קאָרסון. לייבל אַליין האָט אָבער זיך אופגעהאַלטן אַפן ראַזיעזד, טאַקע אין דער דרעזינע. האָט ער שוין ווי-ניט-איז געמוזט אויסזוכן א געלעגנהײַט צו טרעפן זיך מיטן מיידל בא דער אַרבעט, קעדיי אויסריידן מיט איר כאָטש עטלעכע ווערטער.

אָט האָט ער געבראַכט צו פירן שטיינברוד אָדער שפּאַלעס צום אָרט, ווו ס'איז באַשעפטיקט די קאָלאָנע. קעדיי זײַן א ביסל מיט אסיען, האָט ער בעקיוון געהאָלפן אויסלאָדן די דרעזינע.

מיט אירע ברוינע הענט, אַף וועלכע עס זײַנען ביז די עלנבויגנס אָנגעטאָן גרויסע מענערשע ברעזענטענע הענטשקעס, טוט אסיע געשיקט א הייב איין עק פון א שפּאַלע, און לייבלען, וועלכער האַלט דעם צווייטן עק, גיט זיך איבער, פּונקט עס זאָל אים א קלאַפּ טאָן אַן עלעקטרישער שטראָם, דעם מיידלס שטאַרקער, ענערגישער ציי. די שפּאַלע, א צעוויגטע, פליט אַוועק פּונעם אָנשיט, און ביז מע קערט זיך אום נאָך דער צווייטער שפּאַלע, וואַרפט מען זיך איבער מיט עטלעכע ווערטער, מע כאַפּט איינער דעם אַנדערנס א גליקלעכן בליק.

לייבלען איז באַזונדערס געפעלן אסיעס פאַריסן נעזל און דאָס ווײַסע שראַמעלע עטוואָס נידעריקער פונעם אָרט, ווו עס הייבן זיך אָן די ברעמען. א לאָשעקל האָט איר, ווען זי איז געווען א קליינינקע, דערלאַנגט מיט דער קאָפּיטע אין פּאָנעם, זי איז מיט כידושים לעבן געבליבן, און פונעם קווערן שראַמיקל איז איר נעזל אַזוי פאַריסן. אָבער דאָס פּאָנעם אירס האָט אפילו אויסגעשפּילט, באַקומען נאָך מערער כיין פון אָט דעם קליינינקן מום...

זי האָט שוין איבערגעלייענט עטלעכע ביכלעך, וואָס לייבל האָט איר געגעבן, און שפּאַסנדיק דערציילט, אַז דער טאַטע זידלט זי — בעסער וואָלט זי זיך אויסגעשלאָפן און ס'איז א שאָד די גאַזע. נאָר, דערציילנדיק דאָס, האָט זי געבעטן נאָך ביכער, און לייבל האָט געהאַט אַזאַ געפיל, פּונקט ער זאָל מיט דער הילף פון די דאָזיקע ביכער איבערגעבן אסיען אַלדאָס פריידיקס, צאַרטס און דערהויבנס, וואָס פילט אָן זײַן האַרץ בײַם ער טראַכט וועגן איר.

איינמאָל האָט לייבל זיך אָנגענומען מיט האַרץ און געפרעגט בא אסיען, אַף וועמען האָט זי אינדערעמיסן פאַרטראַכט יענץ מאָל, ווען זוסיע האָט זיך נאָך איר געיאָגט אין וואַלד. זי האָט שטיפעריש א קנייטש געטאָן מיט איר פאַריסן נעזל אַזוי, אַז דאָס קווערע שראַמיקל איז ווײַס געוואָרן, און געענטפערט:

— דאָס האָט וואַריושקע מיך געבעטן, איך זאָל טרעפן, צי דער מײַסטער אַרסעני מערענטיעוויטש וועט איר נאָך לאַנג ליגן אין די ביינער. ער זידלט זי אַלע מאָל, פאַר וואָס מע דאַרף און פאַר וואָס מע דאַרף ניט...

לייבל האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין וואַריען, אסיעס נאָענטסטע כאַווערטע. א גאַנץ שיינע, ניט געקוקט אַף די זון-שפּרענקלעך, וואָס זײַנען ערטערווײַז אויסגעשאָטן אַף איר געזיכט, איז זי שטענדיק געווען ערנסט, טמימעדיק-געצוימט, און דאָס האָט געצוווּנגען די באַכערים צו האַלטן זיך מיט איר פונדערווײַטנס. לייבלען האָט זיך געדוכט, אַז ער איז איר מיט עפּעס דערווידער און זי רעדט עפּשער אָפּ אסיען פון אים. נאָר עס לאָזט זיך גאָר אויס, אַז אַלע ביכער, וואָס ער ברענגט אסיען, לייענט אויך וואַריע. אסיע האָט אים דערציילט וועגן דעם, בעטנדיק אַנטשולדיקונג, וואָס זי פאַרהאַלט זיי אַמאָל צו לאַנג. און אַנומלטן איז געשען אַזוינס: ער איז אַרײַנגעקומען צו א באַקאַנטן וועג-שוימער, געבעטן די באַלעבאָסטע אויכוואַשן א פּאָרל גרעט און אַן אייבערשט העמדל. גראַדע איז דאָרט אין שטוב געווען וואַריע. דעם וועג-שוימערס ווײַב האָט זיך געפילט ניט מיט אַלעמען און געהייסן אים אַרײַנקומען א צווייט מאָל. אַז ער איז אַרויס, האָט אים וואַריע אָנגעיאָגט און פאָרגעלייגט: „אויב איר דאַרפט טאַקע אַזוי עקסטרע, איז גיט

אהער, כ'וועל אויסוואשן". אַף מאָרגן האָט זי געבראַכט אַלץ ריין אויסגעוואַשן און אויסגעפּרעסט, אפילע אָנגעקראכמאליעט, אָבער קיין געלט ניט גענומען. דערפאר האָט זיך לייבל מער צו איר ניט געווענדט.

ניין, וואריע האָט ניט געבעטן אסיען, אַז זי זאָל איר טרעפן אַפן בלימל... עפּעס שפּאָטישפאַרבאָרגנס האָט דורכגעשווינדלט אין אסיעס צונויפגעזשמורעטע גרינלעך-בלויע אויגן בײַם זי האָט זיך פאַרופן אַף וואריען.

לייבל האָט שוין אפילע זיך א ווערטל געטאָן מיט זוסיע בערבעסעס איבער אסיען. דעם שמועס האָט אָנגעהויבן זוסיע.

איינמאָל אין אָוגט, ווען לייבל האָט זיך אומגעקערט פון דער וועטשערע (געשפּײַזט האָט מען זיך אין א טעפּלושקע, וואָס האָט געהערט דער קאָלאָנע), איז זוסיע אין דער פינצטער אויסגעוואקסן אנטקעגן אים אַפן שמאָלן שטעגעלע צווישן בוריאַן.

— עפּעס דרייסטו זיך מיר צופיל ארום באַסקען! — האָט ער א זאָג געטאָן ניט הויך, א קאַפּעלע אין דער נאָז, מיט א קלוימערשט קאַלט געמיט. — פּאָלג א נאר: טשעפּע זיך באַצײַטנס אָפּ פון איר... ס'א פּיירע ניט פאר דײַנע ציין... נעם עס אין אכט...

— און אויב כ'וועל ניט נעמען אין אכט? — לייבלען האָט עטוואָס פאַרכאַפּט דער אָטעם. זוסיעס געזיכט איז געווען נאָענט. ער האָט גערייבערט. דער ציגאַר, א פאַרפרעסטער צווישן די ציין, האָט פונוגטן קוים-קוים באַלויכטן די שפּאַרבער-נאָז און די אָנגעכמורעטע ברעמען... ס'האָט זיך געוואָלט א זעץ טאָן אין אָט דעם פּאָנעם, אין אָט דעם מויל מיט די גראָבע ליפּן, פון וועלכן ס'האָט דורכן רייעך פון שטאַרקן טוטין, קוים צו פאַרנעמען, געטראָגן מיט סאַמאָהאָן. זוסיע האָט אָבער אויך ווײַטער נעפירט דעם שמועס פרידלעך, קימאַט רויִק, און די דאָזיקע רויִקײַט זײַנע האָט טיף געטראָפן לייבלען.

— מיינסט, באַסקע איז פאר מיר א קליידל, ווי אַלע קליידלעך? זי וועט זײַן מײַן ווײַב...

לייבל האָט פיבערהאַפט געטראַכט: אסיע איז אַלט א יאָר זיבעצן, זוסיע — זעקס-זיבן און צוואַנציק. און אים, לייבלען, איז ערשט ניט לאַנג געוואָרן צוואַנציק. ס'איז אַזא עלטער, ווען דער כילעק אין דרײַ יאָר דוכט זיך אוים זייער גרוים, און דער כילעק אין צען — א גאַנצע אייביקײַט... ס'האָט אים פאַרוואונדערט דער נאָמען „באַסקע". זוסיע האָט אפילע גערופן אסיען ניט אַזוי, ווי אַלע אין דער קאָלאָנע, דאָס איז אָבער געווען אוואַדע איר עמעסער נאָמען, אַזוי קער מען זי אויך רופן אין דער היים...

— איז האָבן מיר זיך מיט דיר דערעדט? — האָט שוין לאַבלוטן רויִק געפרעגט זוסיע. ער האָט זיך פאַרצויגן און אַרויסגעלאָזט א וואַרעם שטרעמעלע רויך פאַרבײַ דעם מאָטאָריסטס אויער.

— און אויב דו גייסט איר אָפּ אַף קאַפּאָרעס, אסיען? — לייבל האָט קוים אײַנגעהאַלטן דעם קאַס.

— כ'ווייס בעסער פון דיר, וואָס באַסקע דאַרף. און זי ווייסט אויך. און אויב זי ווייסט ניט, ווייסט עס שוין אַף געווים איר טאַטע... די מעכטער זיצן בא אים אָט דאָ. — זוסיע האָט מיט דער דלאָניע זיך א פּאַטש געטאָן אין קאַרק. — עס רעדט זיך נאָר אַזוי: טעכטער, צעפּלעך — איינע קלענער פון דער אַנדערער. דער טאַטע קוקט אַרוים אַפּן טאָג, ווען ער וועט שוין כאָטש מיט דער עלטסטער, מיט באַסקען, אַראָפּ פונעם מאַרק. און דו ווילסט פאַרקישעפן זי מיט ביכלעך, מיט זיסע ריידעלעך... — זוסיע האָט א קנאַק געטאָן מיט דער צונג, — מיילע, נו, גיי...

פון דער דאָזיקער אָפּנהאַרציקײַט איז לייבלען געוואָרן קאַלעמוטנע אַפּן האַרצן. אפילע אסיע האָט זיך אים געמאָלט איצטער גאָר אַנדערש. „אסיע קאָן ווערן זוסיע בערבעסעס ווײַב?.." — האָט ער א דערשיטערטער געטראַכט.

אינדערפרי האָט לייבל געבראַכט פאַר דער קאָלאָנע שרויפן און אײַזערנע פּלעקלעך, מיט וועלכע מע פעסטיקט די רעלסן צו די שפּאַלעס. צווישן די מיידלעך, וואָס האָבן פאַנאַנדערגעשאַרט דעם זאַמד אַפּן אָנשיט, האָט ער דערזען אסיען — א פריילעכע, א זאָרגלאָזע, אַזא מין ליכטיקע אינגאַנצן. זי האָט צו אים א שמייכל געטאָן פונדערווײַטנס, און ווען מ'האָט פאַרענדיקט אויסלאָדן דאָס, וואָס ער האָט געבראַכט, איז זי צוגעגאַנגען צו אים.

זוסיע איז געשטאַנען צווישן די מאַנצבלען און גערייכערט. די מיידלעך האָבן אויך ניט אַרויסגעלאָזט פון אויג לייבלען און אסיען — אין דעם איז געווען סײַ א קאַפּעלע קינע, סײַ באַוויליקונג. עס האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט וואַריעס קלײַנדיק בלאַסלעך געזיכט. ניט קיין הויכע, פעסט און שיין געבויט, איז זי געשטאַנען ניט ווײַט פונעם ערד-אָנשיט און מיט גרויסע אויגן געקוקט אַף אסיען און אַף לייבלען. איר מויל איז געווען א קאַפּעלע אָפּן. פונקט ווי זי זאָל זיך אײַנהערן אין אַן אינערלעכן ווייטעק.

לייבל האָט גערעדט צו אסיען:

— בערבעסעס זאָגט, אַז ער איז דײַן טאַטנס א באַקאַנטער... אַן אַרײַנגייער צו אײַך אין שטוב.

דעם עמעס גערעדט, האָט לייבל געוואַרט, אַז זי וועט עס טייקעף אָפּלייקענען און עס וועט זיך אויסקלאָרן, אַז זוסיע באַרימט זיך בלויז. אָבער דאָס מיידל האָט זיך א מינע געטאָן אין געזיכט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, באַלד זיי ווידער אופגעהויבן און א קוק געטאָן אַף אים האַרט, אַרויסרופעריש און אפילע מיט קאַס.

— ער קען מײַן טאַטן, — האָט זי געענטפערט שטיל, מיט ביטערקײַט אין דער שטים, און צוגעגעבן מיט קוים פאַרבאָרגענעם פאָר-

ווּרף, — ער טאַפּשעט זיך אַליין אויס זײַן סטעזשקע...

— וויאַזוי זשע האָט ער עס אָנגעשפּאַרט אַזש צו דײַן טאַטן?

ווידער די זעלבע ביטערקײַט אין דער שטים, נאָר איצט האָט שוין אַסיע ניט פאַרבאָרגן דעם פאַרוואורף:

— אַז מע וויל שטאַרק, איז עס ניט פון די שווערע זאַכן. צי דען ווערט אין די ביכלעך ניט באַשריבן, וויאַזוי מע טוט דאָס? ער איז געקומען צום טאַטן קויפן מוטין-בלעטער, דערנאָך געבראַכט אים עטלעכע זאַק-נאָדלען... קיין גרויסע כאָכמע שטעקט ניט דערין.

— קעדיי דיר געפעלן, דאַרף מען פריִער אויסנעמען באַם טאַטן?

באַ אַסיען האָט א פלאַם געטאָן דאָס פּאָנעם. זי האָט זיך אָפּגעקערט, מיט ציטערנדיקע פינגער גענומען פאַריכטן די קאָסינקע, וואָס האָט זיך אַראָפּגערוקט אַף א זײַט. נאָר אָט האָט זי זיך ווידער האַסטיק אויסגעקערעוועט, א קוק געטאָן מיט שעמעוודיק פאַרליבטע אויגן, וואָס בעטן אַנטשולדיקונג, און, רופנדיק לייבלען מיט אָט דעם בליק, פלינק זיך אופגעהויבן אַפן זאַמדיקן וועג-אָנשיט, אַוועק אַף יענער-זײַט דרעזינע, אין שאָטן. דאָרט איז זי שטיין געבליבן, צוגעוואַרט, ביז ער איז צוגעקומען, און קרעפטיק אַרומגעכאַפּט זײַן האַלדז — אָפּגעבריט אים מאַמעש מיט די הוילע הענט, הייסע פון דער זון. ער האָט זי א קוש געטאָן. אַסיע האָט גליקלעך א לאַך געטאָן, פאַנאַנדערגעקלאַמערט די הענט, לײַכט אָפּגעשטויסן אים און אַנטלאָפן אַף דער צווייטער זײַט פון דער דרעזינע.

דאָס דאָזיקע מיידל, אָט א פאַרשלאָסענע אין זיך, א בייזלעכע, און אָט א זאָרגלאָזע און פריילעכע, ווי א קינד, איז אַלץ שטאַרקער אײַנגעבאַקן געוואָרן באַ לייבלען אין האַרצן.

לייבלס טרוים איז געווען — ווערן א מאַשיניסט. מיט צוויי יאָר צוריק איז ער אַראָפּגעקומען קיין קיִעוו פון קאָרסון, צוגעשלאָגן זיך צו קורסן פון אײַזנבאַן-שלאָסערס און פאַרענדיקט זיי. שפּעטער האָט זיך אים געמאַכט א געלעגנהײַט ווערן א מאָטאָריסט. אַזוי איז ער מעגולגל געוואָרן אין אָט דער קאָלאָנע וועג-בויער, ניט ווײַט פון דער היים. זײַן איצטיקע באַשעפטיקונג האָט ער אָבער נאָך אויך באַטראַכט בלויז אַלס צײַטווײַליקע. אין קאָרסון איז געבליבן די מאַמע, אַן אַלמאָנע, זי האָט געפלאָכטן קוישן און וויגלעך אין אַן אַרטעל און, מאַכמעס איר שוואַכן געזונט, קוים געצויגן די כאַיונע; געהאַט האָט ער אין שטעטל אויך א קליין ברודערל, מוישקען, א שילער. די מאַמע האָט קוים דערוואַרט זיך, אַז דער בכאָר זאָל פאַרענדיקן דעם זיבעטן קלאַס און נעמען אַף זיך א קאַפּל מאַסע. קעדיי קומען צו א דערעך, האָט לייבל נאָך אָבער געדאַרפט דורכמאַכן צווייאָריקע לאָקאָמאָטיווקורסן, און די מאַמע איז מאַסקים געווען. לייבל האָט אָנגעגעבן א מעלדונג אַף די קורסן און געוואַרט, מע זאָל אים אַרויסרופן. אַסיע האָט דאָס געוווּסט נאָך פון די ערשטע טעג פון זייער באַקאַנטשאַפט. איינמאָל האָט לייבל זי א פרעג געטאָן, צי וואָלט זי מאַסקים זײַן אַריבערפאָרן אין שטאָט, ווען ער זאָל זי, לעמאָשל, רופן אַהין. זי האָט גלײַך ניט געענטפערט, א קער געטאָן דעם שמועס גאָר אין אַן אַנדער זײַט:

— מע זאָגט, אַז דאָרט אין די צוזאַמענוווינונגען איז דער מאַן אין איין צימער מיט אַנדערע יונגען, און דאָס ווײַב — אויך באַזונדער, מיט די מוידן. מע גייט צוגאַסט איינער צום צווייטן, און ס'געשעט אויך, אַז צוויי פאָרלעך וואָרקען, ווי די טויבן, אין איין צימער.

לייבל האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זײַנען ניט אירע ווערטער. וועמעס זשע — זוסיע בערבעסעס? דעם טאַטנס?

ער האָט זיך אָנגעפרעגט וועגן איר טאַטן:

— זאָג, ער איז א האַרבער, א שטרענגער?

אַסיע האָט זיך אָנגעכמורעט און געענטפערט קאַלטלעך:

— כ'האָב ניט געטראַכט וועגן דעם... קיין טאַטן קלײַבט מען זיך ניט אויס.

— א מאַמע קלײַבט מען אויך ניט אויס...

זי האָט צוגעגעבן אומעטיק:

— די מאַמע מײַנע איז א ריינע נעשאָמע. זי איז קראַנק. דעם טאַטן דערווידערט זי קיינמאָל ניט. די קרענק איז א לאַנגאָניקע, עפּעס קומט זי פון א מין בענקעניש, וואָס הוילט אויס דאָס האַרץ...

לייבלען איז קלאָר געוואָרן: אַסיע איז מערער געראָטן אין דער מאַמען...

די קאָלאָנע וועג-בויער איז אַריבערגעפאָרן אַף א צווייטן באַצירק, וואָס איז שוין גאַנץ ווײַטלעך פון סמאָליאַווע, און די היגע סעזאָניקעס, דערין אויך אַסיע, האָבן אופגעהערט קומען צו דער אַרבעט.

פירט איצט די ליבע אַוועק לייבלען, פירט אים באַ דער האַנט א צען-צוועלף קילאָמעטער — אַהין, ווו אין א לאַנגן לײַנענעם העמד, פאַרדריקט דאָס אָנטאָן אונטערן אָרעם, שאַרט זי זיך פאַרזיכטיק דורך צו דער טיר, פלײַסנדיק זיך קיינעם ניט אופוועקן אין שטוב, און דעריקער — דעם קאַעסניק, דעם טאַטן. אָט איז ענדלעך דער פלויט, א געפלאָכטענער פון לאָזע, אָט איז דער סאָד מיט די קרומע אַלטע ביימער, אָט איז דער בושעל-ברונעם, וואָס דערלאַנגט מיט זײַן דראָנג קימאַט ביזן מילך-וועג. דער נידעריקער עפּלבוים, וואָס האָט איין צווײַג זײַנעם אויסגעצויגן באַ דער סאַמע ערד, — דאָס איז די באַנק, וואָס די נאַטור אַליין האָט באַשאַפן. אָט דאָ טאַקע, אַף דער באַנק, וואַרט אַסיע...

צו דער מאַמען און צום ברודערל, וואָס ריידן שוין איבער, אַז לייבל קומט עפּעס ניט לאַנג, איז אויך ניט אַף קיין סאַך ווײַטער, ווי צו אָט דעם דאָרף. נאָר מיילע — די אייגענע וועלן אים מויכל זײַן. קליינינקע שפּײַז-פּעקלעך און געלט

ניט ער זיי פון מאָל צו מאָל איבער מיט די כעוורע, וואָס פאָרן אין ראיצענטער. בריוולעך אויך, פאַרשטייט זיך. נאָר וועגן וויכטיקסטן, וועגן אסיען, האָט ער נאָך דער מאַמען קיין וואָרט ניט אָנגעשריבן. ווײַל ווער ווייסט, וואָס די מאַמע וועט זאָגן? ס'הייכט, מע קאָן זיך אפילע פאָרשטעלן, וואָס זי וועט טײַנען: „ביסט נאָך יונג און גרין, וואָס איז די כאַפּעניש?" נאָר לייבל קען די מאַמע זײַנע: זי וועט טאַקע זאָגן אירס, נאָר בעשום-אויפן ניט שטעלן זיך צווישן אים און זײַן גליק... אזוינס וועט זי אַף זיך ניט נעמען...

דערווײַל גייט אוים די נאַכט, באַווײַזסט זיך ניט ארומקוקן — און מע דאַרף זיך שוין צעשיידן מיט אסיען.

לייבל האָט אײַנגערעדט אסיען, זי זאָל מיט אים אריבערפאָרן קיין קיִעוו. קיין גאָלדענע בערג האָט ער איר ניט צוגעזאָגט. זי וועט זײַן א סטרעלאָטשניצע אַף דער אײַזנבאַן, ער — א קורסאַנט. אין די פרײַע אָונטן וועט זי באַזוכן א שול. זי האָט דאָך געענדיקט בלויז פיר קלאַסן. יאָ, עס קאָן טאַקע פּאסירן, מע זאָל א געוויסע צײַט וווינען באַזונדער און עפּשער אויך זיך נייטיקן אין געלט. פרייד וועט אָבער אויך זײַן. און דאָס אליין, וואָס מע וועט זיך ניט דאַרפן צעשיידן, איז דאָך די גרעסטע פרייד. שפּעטער, ווען ער וועט שוין ווערן א מאַשיניסט אַפן לאָקאָמאָטיוו, וועט ער איבערגיין ארבעטן אין דעפּאָ, וואָס געפינט זיך א פערציק קילאָמעטער פון סמאָליאַווע...

אסיע האָט זיך אײַנגעהערט אין זײַנע רייד, זי איז געווען אי מאַסקים, אי ניט מאַסקים. פּעסט צוגעדריקט זיך צו לייבלען, האָט זי א קאַפּעלע מיט כידעש געזאָגט:

— ווילסט אלץ אויסשטעלן אזוי, ווי עס דאַרף זײַן...

— מע מוז דאָך עפּעס באַשליסן, אסינקע?

— אלץ וועט אליין פון זיך באַשלאָסן ווערן, — האָט זי אים מיט פאַרבאָרגענעם פאַרדראָס געענטפערט.

און גלײַך צוגעגעבן:

— נו, וואָס קאָן מען דאָ באַשליסן?.. די מאַמע קאָן איך ניט איבערלאָזן, די שוועסטערלעך זײַנען קליינע, זיי פאַרשטייען ביכלאַל ווייניק, און דער טאַטע — דער טאַטע איז אַן אכזער... און ווידער גערעדט, איז אים טאַקע ניט גרינג, דערפאַר איז ער א פאַרביטערטער... די מאַמע העלפט אים לאַכלוטן ניט, און די ווירטשאַפט אונדזערע, ווי קליין זי איז ניט, פאָדערט הענט... און דו טײַנעסט זיך דײַנס: לאָמיר אַוועקפאָרן. האָט אונדז דען עמעצער עפּעס אָנגעגרייט דאָרט, אין שטאָט? א הײלן שטיין באַוווינען?..

נייז, דאָס זײַנען פאָרט געווען ניט אסיעס ווערטער...

— זוסיע קומט אלץ ארײַן צו אײַך?

— ער קומט.

— נו?

— כ'דריי זיך ארוים, געוויינלעך, האָדעווען די קו... כ'לויף אמאָל אוועק צו ווארויושקען... אָן-אָ זעען זיך די וועגט פון איר כאַטע... נעכטן אָבער האָט מיך דער טאַטע אָנגעכאַפּט פאַר די האָר: „זיץ!" און די מאַמע האָט זיך דערפילט ניט מיט אלעמען. בין איך געבליבן... די גאַנצע צײַט, וואָס זוסיע איז געזעסן, האָב איך אפילע קיין קוק ניט געטאָן אין זײַן זײַט, און ער האָט ווי גאָרנישט ניט באַמערקט. באַם געזעגענען זיך — דערלאַנגט מיר די האַנט... עפּעס איז ער ביכלאַל דאָס מאָל געווען אזא... א שטילער, א דערשלאָגענער...

לייבל האָט פאַרשטאַנען, אז אסיעס ניט דערפאָרן האַרץ איז פול מיט ווידערשפּרעכלעכע געפילן: זי איז אי צופרידן, אפילע שטאָלץ, וואָס זוסיע טיילט זי אויס פון אלע מיידלעך, און אייניצײַטיק פּײַניקט זי די פאַרצווייפלטע העפקערדיקשווערע ליבע צו אים, צו לייבלען... אסיע האָט זיך נאָך ניט אויפגעכאַפּט פון איר מיידלשן כאָלעם. און ווי עס איז אָפּטער פון אלץ אין א כאָלעם, שרעקט זי גראָד ניט דאָס, וואָס איז שרעקלעך, און עס דוכט איר אוים ניט זיכער גראָד דאָס, וואָס איז פעסט און ניט געוואַקלט.

ער האָט באַשלאָסן ניט פאָרן דאָס יאָר אַף די קורסן, — אײַנאָרדענען זיך אין דעפּאָ, א קילאָמעטער פערציק פון סמאָליאַווע, דינגען א צימערל און צונעמען אסיען צו זיך. ער וועט אפילע אײַנגיין וווינען אין סמאָליאַווע, בא אסיעס עלטערן, און פאָרן יעדן טאָג צו דער ארבעט מיטן צוג. אַף די קורסן וועט ער שוין אָנקומען שפּעטער, ווען עס וועט זיך אײַנשטעלן א לעבן.

ער האָט אסיען ניט געזאָגט — ניט אז ער האָט שוין באַקומען אַן ארויסרוף אַף די קורסן, ניט וועגן זײַן באַשלוס. אָבער מיט א סאַך געשעט אָפּט אזוי, אז מע פאַרבאָרגט אים פון א נאָענטן מענטשן און א פרעמדן אנטפּלעקט מען אים.

דער טאַבעלשטשיק פון דער קאָלאָנע, א קרומער באָכער, א גיריקער צו שלאָגן בײַדעקעס, האָט דער ערשטער איבערגעלייענט דאָס קאַרטל, מיט וועלכן לייב כאָדאָש איז גערופן געוואָרן אַף די קורסן פון מאַשיניסטן.

אַף מאָרגן האָט דער טאַבעלשטשיק געפרעגט:

— איז ווען זשע וועלן מיר באַנעצן די וואָזשנע נײַעס? א קאַפּ בראָנפן וועט כאָטש זײַן, לייבקע? מע דאַרף דיך דאָך אריבערפירן אַף די קורסן אזוי, אז דו זאָלסט אײַנהיטן דעם סטאַזש. אין די דאָזיקע איניאָנים בין איך אויסגעקאָכט.

— כ'ל נאָך גוט א קלער טאָן, פאָרן צי ניט פאָרן...

דער באָכער האָט קלוימערשט אופריכטיק, מיט באַדויערונג א קוק געטאָן אַף לייבלען.

— פירסט א ליבע! — האָט ער פאַרמרוילעדביטערע א וווּנק געטאָן. — כ'בין א מיוון אַף א טשאַד, לייבקע! ס'איז טאַקע א מויד, וואָס מע

קאָן צו איר צוגעזאָגט ווערן... זוסיע פּאַדקעוועט ארום איר, ווי א פליג ארום א שיסל האָניק...

לייבלען איז ניט געפעלן געוואָרן די דערמאָנונג וועגן זוסיען. ער האָט געבעטן דעם טאבעלשטשיק ניט פּלאַפּלען וועגן ארויסרוף אף די קורסן. יענער האָט צוגעזאָגט און טאקע געשוויגן. יעדנפאלס, אין דער קאָלאָנע איז וועגן דעם קיין רייד ניט געווען.

אין עטלעכע טעג ארום האָט זוסיע בערבעסעס באקומען א דערלויבעניש צופאָרן אין שטאָט. אף מאָרגן האָט ער זיך אומגעקערט און גענומען זיך בארימען פאר אלעמען, אז מע האָט אים אָנגענומען אף קורסן פון וועג-מייסטערס. לייבלען האָט די נייעס איבעראשט. אף א וועג-מייסטער דארף מען זיך לערנען ניט ווינציקער פון א יאָר. כוץ דעם, איז נאָך קיין רייע ניט, אז אף ארבעט וועט מען זוסיען שיקן גראָד אין די היגע מעקוימעס. אויב אזוי, מעג אויך ער, לייבל, אוועקלאָזן זיך אף די קורסן...

ער האָט וועגן אלץ דערציילט אסיען. צוליב דעם איז ער זונטיק בעקיוון אראָפּגעקומען קיין סמאָליאַווע אין רעכטן באטאָג. אסיע האָט אים אויסגעהערט א פּארקלערטע, א געהאָרכזאםשטילע און בלויז באמערקט, אז ער וואָלט כאָטש דארפן באקענען זיך מיט אירע עלטערן, א שמועס טאָן מיט זיי.

אסיעס פאָטער איז א רימער אין קאָלווירט. כאָטש ניט קיין אלטער מענטש, א ברייטפּלייציקער, מיט אן ארומגעשווירענער געלער באָרד, א בייזלעך-פארדייגעטער — אָט אזא איז אסיעס טאטע געזעסן אף א באנק באם טיש, ווען אין שטוב איז ארײַן לייבל. די מוטער איז אין אָנטאָן געלעגן אף דעם הילצערנעם בעט. זי איז געווען אזוי דאר, אז איר גוף האָט זיך אונטער דער וואטאָווער קאָלדרע קוים אָנגעזען. א קוק געטאָן אף דעם גאסט, האָט זי מיט מי זיך אופגעזעצט, אראָפּגעלאָזט די פיס פון בעט און גענומען זוכן מיט זיי די אָפּגעשניטענע שטיוול-קעפּלעך. אסיע האָט געהאָלפן דער מאמען, און גלייך טאקע, זעענדיק, ווי דער טאטע ענטפערט צוריקגעהאלטן אף דעם גאסטס באגריסונג, האָט זי געזאָגט:

— דאָס איז פון קאָלאָנע, דער מאָטאָריסט...

דער פאָטער האָט ניט אופגעהערט ארבעטן. ער האָט בלויז עטוואָס העכער אופגעהויבן דעם קאָפּ און געוואָרפן א פלינקן בליק אפן יונג. די אויגן זיינען בא אים געווען פּונקט אזעלכע גרינלעך-בלויע, ווי בא זיין טאָכטער, נאָר וויפל פארביטערונג, הארבקייט און קאלטע אָפּגעפרעמדטקייט זיי האָבן אין זיך פארמאָגט!..

צוגעגלעט פּאמעלעך מיטן הענטל פון דער נאָל די פרישע נעט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— פון דער קאָלאָנע, הייסט עס?

ווייטער האָט דעם שמועס געפירט בלויז ער, דער טאטע. די מאמע האָט נאָך זיין יעדער ניט געיילטער באמערקונג צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ס'איז שווער געווען צו וויסן, צי זי איז איינשטימיק מיטן מאן, צי ניט.

— אזוי, אזוי... ווילט איר, הייסט עס, ווערן א מאשיניסט, אף קורסן האָט איר זיך פארשריבן... נו, וואָס איז דאָ צו ברייען: ס'א גוטע זאך... א גרויסע מאשין איז עס... גרעסער פון א טראקטאָר, צי ווער רעדט — א זשאטקע... כאָטש, עס קאָן זיך אויך זייער שיין מאכן, אז דער זעלבער מאשיניסט זאָל ניט קאָנען פארבינדן דעם ווײדל בא א פערד... ווי זאָגט מען דאָס: יעדער איז א בעריע אין זיין פאך...

לויט דעם, ווי דער טאטע האָט אלץ פעסטער פארצויגן די דראטווע, וואָס האָט איבערגעלאָזט פּאסן סמאָלע אף זיין דלאָניע, און ווי זיין אָדערדיקע האנט האָט געציטערט פאר אָנשטרענגונג, האָט מען געקאָנט פארשטיין, אז עס קאָכט אין אים דער קאס.

— לאָמיר זאָגן, אז איר זייט שוין געוואָרן א מאשיניסט, — האָט ער א קערעווע געטאָן דעם שמועס אין א צווייטער זייט, — קומט אייך דעמלט א נאכלע, נו, א שטיקל ערד, צי איר זייט שוין אלציינס, ווי א שטאָטישער?.. א וועג-ארבעטער איז טאקע אויך אן אייזנבאנער, נאָר דער פּאס ערד בא דער קאָליע איז זיינער. א סעדל, א לאָנקע אף קאָסיען היי און אלדאָס איבעריקע... אויב נאָר גאָט האָט אים מיט קיין סייכל ניט געקריוודעט, האלט ער זיך בא דער ערד...

לייבל האָט געוווּסט, וועלכן וועג-ארבעטער דער שאָרניק מיינט. נאָר געענטפערט האָט ער גאנץ רויִק, אז אויב א מאשיניסט וויל, טיילט מען אים אויס א נאכלע אף בויען א שטוב, איז האָט מען שוין אי א גאָרטן, אי א סעדל. ער האָט דערביי אונטערגעשטראָכן די ווערטער „אויב ער וויל", קעדיי געבן צו דערפילן, אז ניט שטענדיק מוז זיך דער מאשיניסט נייטיקן אין דעם.

אסיעס טאטע האָט אומרויִק עפּעס ווי אונטערגעכעזשבנט אין קאָפּ און אָן שום פּארבינדונג געפרעגט:

— און אויב מע טוט אייך גלייך פון די קורסן א נעם צו אף צוויי יאָר אין דער ארמיי? איר האָט נאָך אוודע ניט געדינט?

— ניין, געדינט האָב איך ניט. מע רופט מיך בלויז פון צייט צו צייט אף א כוידעש-צוויי... איך האלט דאָך אויס די מאמע און א ברודערל.

— אזוי, די מאמע און א ברודערל... איר זייט, הייסט עס, דער ברויטגעבער... פיין, פיין...

מער האָט דער רימער גאָרנישט ניט גערעדט, און בלויז א קאעסדיקן פינקל געטאָן מיט די אויגן אפן ווייב. די מאמע איז א פארצאפּלטע געזעסן אפן ברעג פון בעט. איינס פון די אָפּגעשניטענע שטיוול-קעפּלעך איז אראָפּגעפאלן פון איר פוס און א טויבן קלאפּ געטאָן אין דיל...

פאר זיין אוועקפאָרן האָט זוסיע בערבעסעס ראשיק זיך געזעגנט מיט אלע די, וועמען ער האָט געהאלטן פאר זיינע פריינט אין דער קאָלאָנע. מ'האָט גוט אויסגעטרונקען, דערנאָך ביז שפּעט אין דער נאכט געטאנצט אפן ענגן פּלאַץ ארום די טעפּלושקעס. גלייך נאָך זוסיען איז קימאט אומבאמערקט אוועקגעפאָרן לייבל כאָדאָש.

ביידע האָבן זיך געדאַרפט לערנען אין קיִעוו, נאָר אין פאַרשיידענע עקן שטאָט, אַזוי, אַז באַגעגנענען זיך האָט מען געקאָנט בלויז צופעליק. מע האָט זיך טאַקע ניט באַגעגנט, און לייבל האָט אָנגעהויבן פאַרגעסן זײַן קעגנער, דערבײַ האָט אויך אַסיע ניט דערמאָנט וועגן אים אין די בריוו.

אַסיע האָט זייער אַקוראַט געענטפערט אַף לייבלס בריוו. צוערשט האָט זי געשריבן אַ סאַך — וויִאַזוי זי בענקט און וועגן די שטוביקע אײַנגעמים און זאָרגן. וואָס ווײַטער אָבער זײַנען די בריוו געוואָרן אַלץ קירצער און צוריקגעהאַלטענער. לייבל האָט עס דערקלערט דערמיט, וואָס אַסיע האָט שווערע איבערלעבונגען — די מוטער איז אין שפּיטאָל. ס'האָט אים אָבער פאַרוווּנדערט אַן אַנדער זאַך: אין די בריוו האָבן זיך אַלץ אָפטער געטראָפן ביטערע און צומאָל אויך גאַנץ בײַסיקע פאַרוווּרפן. אַסיע האָט אויסגעטײַטשט דאָס, וואָס ער האָט געשריבן, אַף איר אויפן, און אַלעמאָל צום ערגערן. באַזונדערס פאַרדראָסיק זײַנען געווען אירע ווערטער, אַז עפּשער דאַרף ער זי שוין ניט. ווײַטער האָט זי שוין אײַנגאַנצן מאָדנע אַ זאָג געטאָן: עס קאָן זיך מאַכן, זי זאָל אויך ניט שטאַרק באַדויערן וועגן אים... ער וואָלט דאַרפן אַראָפּכאַפּן זיך אין סמאָליאַווע, נאָר מע האָט די קורסאַנטן ניט גערן אָפּגעלאָזט...

און אָט האָבן אויפגעהערט אָנקומען בריוו פון סמאָליאַווע. לייבלען האָט אָנגעכאַפּט אַן אומרו, און ער האָט, נאָך פיל ספּייקעס, אָנגעשריבן אַסיעס כאַווערטע — וואַריען. דער ענטפער איז געקומען שנעל: אַסיעס מוטער איז געשטאָרבן. אינעם בריוו זײַנען אָבער געווען אויך אייניקע אָנדײַטונגען, וואָס האָבן געדאַרפט אַנדערש דערקלערן, פאַרוואָס אַסיע שרײַבט אים ניט: אין דאָרף זײַנען איצט פאַראַן צוויי אומגעדולדיקע כאַסאַנים — דער אַלטער בילינאָק (אַסיעס פאָטער) און זוסיע בערבעסעס... אַ שווערער קנויל האָט צוגעקײַקלט זיך צו לייבלס האַלדז. ער האָט זיך דערשלאָגן אַ דערלויבעניש צופאָרן קיין סמאָליאַווע, און דאָ איז נאָך אָנגעקומען וואַריעס אַ צווייטער בריוו: אַסיע האָט כאַסענע מיט זוסיען. דער מאַמעס טויט האָט אַזוי געפּלעפט אַסיען, אַז זי האָט פאַרלאָרן די מוט... זאָל ער קומען וואָס שנעלער, מע דאַרף ראַטעווען די כאַווערטע.

לייבל איז אַוועק צום באַן.

וואַריע איז געקומען אַף דעם פאַרוואָרפענעם סטאַנציעלע באַגעגנען דעם צוג. לייבל האָט גאָר קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן אָט דעם מיידל, אַז זי קאָן זײַן אַזוי געטרײַ.

— האָסט, וואַריושקע, געזאָגט אַסיען, אַז כ'קאָן קומען?

— געזאָגט, ווי זשע אַנדערש?

ווען מ'איז עטוואָס אָפּגעשטאַנען פון די פּאַסאַזשירן, וואָס זײַנען אָנגעקומען מיטן זעלבן צוג, האָט וואַריע זיך אָפּגעשטעלט, פאַריכט דאָס גרויע פּוכיקע שאַלעכל און פאַרגעלייגט:

— לאָמיר, לייבל, זיך בעסער אומקערן צו דער סטאַנציע. כ'האָב דיך שפּעט אַרויסגערופן... אין צוויי שאָ אַרום וועט זײַן אַ צוג אַף צוריק. דאָרט, אַף דער סטאַנציע, וועלן מיר זיך דורכשמועסן און כ'וועל דיר דערציילן גענוי וועגן אַלץ... וועסט הײַנט מיט אַסיען ניט קאָנען זיך באַגעגענען...

— וואָס?

— ס'איז איצט די כאַסענע...

פּאַשעט און האַרב האָט זי עס געזאָגט. לייבל האָט מיטאַמאָל דערשפּירט אַן אָפּגעפרעמדטקײַט ניט נאָר צו אַסיען, נאָר אויך צו וואַריען, — בלויז אים איינעם האָט דער אומגליק געטראָפן. דאָס מיידל האָט אָבער פּלוצעם זיך אָפּגעקערעוועט. אירע אַקסלען, וועלכע דאָס שאַלעכל האָט פעסט אַרומגעצויגן, האָבן גענומען ציטערן, די פינגער פון דער לינקער האַנט האָבן נערוועז איבערגעקליבן דעם ראַנד פונעם ווײַסן האָזן-סאַקל. אין דער זעלבער צײַט האָט זי מיט דער רעכטער האַנט זיך פאַרשטעלט דאָס געזיכט.

לייבל האָט זי געלאָזט זיך אויסוויינען. אים איז אַליין אויך גרינגער געוואָרן דערפון. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— ניין, כ'וועל פאָרט צוגיין אין דאָרף...

זי האָט זיך אַלץ ניט אויסגעקערעוועט צו אים. איז ער צוגעגאַנגען פון דער צווייטער זײַט, אָפּגעטוליעט די האַנט, מיט וועלכער זי האָט פאַרשטעלט די אויגן. איבער איר נאָז, וואָס איז באַשאָטן געווען מיט עטלעכע קליינע זונשפּרענקלעך, זײַנען גערונען טרערן. זיי האָבן נאָס געמאַכט די דינע ציטעריקע נאָז-לעפּלעך און די ווינקלען פון איר פולבלעך מויל. צו דער צערויטלטער באַק, וואָס די דלאָניע האָט אָנגעקוועטשט, איז צוגעקלעפּט געווען אַ פײַכטע פּאַסמע העלע גלײַכע האָר... ניט קיין בונטע, נאָר שטרענגע שיינקײַט איז געווען אין וואַריעס געזיכט. איבעראַשט האָבן לייבלען אירע רויכיקגרויע, ברייט פאַנאַנדערגעשטעלטע אויגן: פאַרפולטע מיט טרערן, זײַנען זיי דאָך געווען הייסע...

— כ'וועל זיך אַראָפּכאַפּן אין דאָרף אַרײַן, — האָט ער פאַראַקשנט איבערגעכאַזערט.

וואַריע האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל:

— זוסיע איז שיקער און קאָן אָנהייבן אַ געשלעג.

— וועט ער באַקומען אויסגאָב... זאָג, ער האָט שוין פאַרענדיקט די קורסן?

— פאַרענדיקט? אפילע ניט אָנגעהויבן לערנען.

לייבל האָט אָנגעכאַפּט דאָס מיידל פאַר דער האַנט:

— ניט אָנגעהויבן לערנען? פונוואַנען ווייסטו?

— גאַנץ סמאָליאַווע ווייסט... ווייניק האָט ער זיך דאָ אַרומגעשלעפּט איבערן דאָרף, ווען דו ביסט אַוועקגעפאָרן? פון אָנהייב האָט ער זיך צוגעשאַרט צו אַ צווייט מיידל, קעדיי אַסיען

אָפּעסן דאָס האַרץ. דערנאָך, ווען מע האָט די מאַמע אירע צוגענומען אין שפּיטאָל, האָט ער ווידער צוגעקלעפּט זיך, ווי א פּיאַווקע... ער איז א וועג-שוימער אפן וואָלטשעיאַרעווקער אויסבייג, און ס׳א סוואָרע, אז מע האָט אים דאָרט אויסגעטיילט א שטיבל...

— אסיע האָט מיר וועגן דעם קיין וואָרט ניט געשריבן...

— וואָס האָט זי דיר געקאָנט שרײַבן? מע האָט דאָס שטריקל אָן איר געדרייט, נאָר פאר איר האַלדז עס אָנגעגרייט... זי איז געקומען מיך אײַנלאַדן אף דער כאַסענע. האָב איך געזאָגט, אז כ׳ווייס ניט, צי כ׳וועל קאָנען קומען...

לייבל האָט געקוקט אף וואַריען און פּלוצעם דערפילט, אז אָט דאָס פרעמדע אומפארשטענדלעכע מיידל איז אים נאָענט: זי איינע ווייסט וועגן זײַנע לײַדן און אוואַדע וועט זי אויך אף ווײַטער איינע אליין וויסן וועגן דעם.

ער האָט ניט געקאָנט געזעגענען זיך מיט וואַריען אָט דאָ, אין פעלד, ווו עס שטייט א שווערע שטילקײַט און ווו ער וועט גלײַך נאָך איר אוועקגיין בלײַבן אזוי איינזאַם. האָט ער זי באַגלייט ביזן דאָרף, ביז די אַלטע ווערבעס, וואָס שטייען שוואַרצע, קרומע, דאָרט, ווו עס הייבן זיך אָן די גערטנער.

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט שוואַכע קלאַנגען פון א האַרמאָניקע און דאָס קלאַפּן פון א פּויק. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, דערלאַנגט וואַריען די האַנט:

— מע דאַרף זיך טאַקע אומקערן, קעדיי ניט פאַרשפּעטיקן צום באַן...

דאָס מיידל האָט געבעטן:

— שרײַב אָן א בריוול, לייבקע, כ׳וועל ענטפערן...

אין די בריוו האָבן זיי איבערגעשפּאַנט די מעכיצע, וואָס שטייט צווישן פרײַנטשאַפט און ליבע. וואַריע איז זיך מוידע געווען: לייבל איז איר געפעלן פון זינט זי קען אים. דעמלט, אף דער אײַזנבאַן, האָט זי טאַקע געבעטן אסיען טרעפן, צי קאָן אויך ער זי ליב באַקומען...

צו אסיען האָט לייבל אייגנטלעך געהאַט איין טײַנע: פאַרוואָס איז זי געווען ניט אָפּנהאַרציק ביזן סאָף. ביכלאַל איז זי פאַר אים ווי געשטאָרבן. און אויב ער האָט באַדויערט וועגן איר, איז בלויז ווי וועגן אזא, וועלכע ער האָט אף שטענדיק פאַרלאָרן, גלײַך די ערד זאָל זי האָבן צוגעדעקט.

אין א קורצער צײַט ארום איז צו לייבלען געקומען צו פאָרן וואַריע. זי האָט זיך געשטעלט אַרבעטן אף דער סטאַנציע, געהאַט דאָרט א בעטל אין צוזאַמענוווינונג. לייבל איז דערווײַל געבליבן אף זײַן פריִערדיקער קוואַרטיר. שטיל, אָן טײַנעס, האָט וואַריע איבערגעטראָגן אלע שוועריקײַטן...

און אָט איז געקומען די צײַט, ווען לייבל האָט פאַרענדיקט די קורסן. וואַריע האָט זיך שוין געגרייט ווערן א מוטער. א קילאָמעטער פערציק פון סמאָליאַווע איז לייבל אָנגעקומען אלס געהילפס-מאַשיניסט אין דעפּאָ. דער יונגער פּאָר האָט מען אויסגעטיילט א באַזונדערן צימער. ווען בא זיי איז געבוירן געוואָרן א זון, האָט כאָדאָש באַקומען אן אייגענע דירע.

זײַן לעבן, וואָס איז פול געווען מיט פּראָסטן גליק, האָט לייבל ניט ווילנדיק פאַרגלײַכט מיט אסיעס לעבן: שטיקלעכווײַז, אָבער טאָג נאָך טאָג, איז עס דורכגעגאַנגען בא אים פאַר די אויגן.

אסיע בערבעסעס שטיבל האָט זיך געפונען אין מיט פון וואָלטשעיאַרעווקער אויסבייג — די אײַזנבאַן האָט דאָרט געמאַכט א ברייטן האַלבן קרײַז, קעדיי אויסמײַדן דעם יאַר, א פינצטערן און ווילד-פאַרוואַקסענעם, וואָס האָט פונדאַנען זיך אוועקגעצויגן אף פיל קילאָמעטער — ביזן דניעפּער. דאָס דאָזיקע אומהיימלעכע אָרט, דער נאָמען, ווי אויך דאָס, וואָס דער צוג האָט דאָ אָנגעלייגט וועג, — אלץ איז געווען כאָדאָשן ניט צום האַרצן. און אומאָנגענעמער פון אלץ איז געווען די דערמאָנונג וועגן אסיען.

די ערשטע צײַט איז פאַר אים מאַמעש געווען פײַנלעך דאָ פאַרבײַצופאָרן. יאָרן זײַנען אָבער געגאַנגען, און לייבל האָט אלץ זעלטענער געטראַכט וועגן זײַן אַלטער ליבע. בלויז איינס איז בא אים פאַרבליבן — די באַדערפעניש א קוק טאָן אין פענצטערל פון לאָקאָמאָטיוו, ווען עס האָט אין א זײַט פון וועג זיך פאַרבײַגעטראָגן דאָס הײַזל פון רויטע ציגל בא דעם פינצטערן וואָלפן-יאַר... אמאָל האָט דער מאַשיניסט געזען אין הויף בלויז א גרויען הונט אף דער קייט, אמאָל האָט בא דער שטוב-טיר זיך געשפּילט א קינד. אסיען האָט ער, פאַרשטייט זיך, אויך געזען: אָט האַקט זי האָלץ, אָט טראָגט זי א שווערן צעבער מיט פּוילע. לייבלען האָט עס אופגעבראַכט. ער וואָלט וואַריען קיינמאָל ניט געלאָזט טאָן אזוינס... אסיע איז שטאַרק א טעל געוואָרן, אפילע פונדערווײַטנס האָט מען עס געקאָנט באַמערקן.

יאָרן זײַנען געלאָפן, און אָט האָט שוין אין זוסיעס הויף א ווײַס קוטשעראַוו מיידעלע געפּאָכעט מיטן הענטל, באַגלייטנדיק דעם צוג. אפן גראָז לעבן איר איז געזעסן נאָך איין פּיצל, וואָס קאָן זיך נאָך אף די פיסלעך ניט שטעלן. אינעם סעדל, וואָס איז זיך היפּש צעוואַקסן, האָט צוערשט זיך באַוויזן איין בינשטאָק, א בלוי געפאַרבטער, רערנאָך — עטלעכע. ערגעץ טיף אין הויף האָבן געווײַנלעך זיך געהויקערט קאָפּנעלעך היי. צווישן וואַלד און דער אײַזנבאַן האָט זיך געכוואַליעט א פּאַסיקל ווייץ, ארומגענומען מיט זונרויזן. ווײַטער — אויך באַם וועג — א גאָרטן. זוסיע בערבעסעס געזינד — ער איז שוין איצט געווען ניט קיין וועג-שוימער, נאָר א קלאַדאָוושטשיק — האָט אוואַדע געלעבט פאַרמעגלעך. נאָר אן אָפּגעצוימטקײַט פון דער וועלט האָט זיך געפילט אין אָט דעם אקוראַט ארומגע-

גרייזעטן הויף. און נאָך עפּעס האָט לייבל באַמערקט:

איינמאָל איז זוסיע, א צעקאָעסטער, מיט אָנגעבײַלטע פּויסטן דורכגעלאָפן פון סאָד אין שטוב אַרײַן. א צווייט מאָל איז אסיע, א צעשווי־בערטע, ארויסגעלאָפן פון שטוב, דריקנדיק א קינד צו דער ברוסט... וואָס קומט דאָרט פאָר? דער צוג האָט זיך מיט אימפּעט דורכגעטראָגן פאַרבײַ, וועסט זיך דאָך ניט אָפּשטעלן... מע האָט אויך אין סמאָליאַווע געשמועסט, אז אסיע האָט בא זוסיען א ביטער אויסקומעניש...

עס פלעגט פּאַסירן, אז לייבל האָט גאַנץ נאָענט געזען זוסיען — יענער האָט געשפּאַנט באַם זײַט וועג צו דער סטאַנציע אָדער אהיים, שטענדיק מיט עפּעס א פּעקל אונטערן אָרעם. זוסיעס געזיכט איז אין מעשעך פון יאָרן געוואָרן אַלץ מער פאַרגרעבט און ווי באַדעקט מיט רויטע פלעקן, די פּאַטלע האָט ער אויך אָנגעווירן — א פּלאַטשיקער שארבן האָט אַלץ מער זיך ארויסגעזען פון צווישן די שיטערע האָר...

איינמאָל — לייב כאָדאָש איז שוין צו יענער צײַט געווען ניט קיין געהילף, נאָר א מאַשיניסט — האָט ער פּאָנעם־על־פּאָנעם זיך באַגעגנט אויך מיט אסיען. געווען איז עס ווינטער באַנאַכט אין א גרויסן זאַווער. דער פּראַכטצוג, וועלכן לייב האָט געפירט, איז שטיין געבליבן אַפּן וואָלטשעיאַרעווקער אויסבייג — א טיפער שניי האָט פאַרשאָטן די רעלסן. פונוויַטנס האָבן קוים זיך געזען טונקעלע פיגורן פון מענטשן, וועלכע האָבן אַוואַדע זיך באַמיט פאַנאַנדערגראָבן די שניי־הורבעס. לייב האָט איבערגעלאָזט אַפּן לאָקאָמאָטיוו זײַן געהילף, און אַליין איז ער צוזאַמען מיטן קעסל־הייצער אַוועק העלפן אָפּרייניקן דעם וועג.

— ווײַט איז אזוי פאַרוואַלגערט? — האָט לייב געפרעגט דעם ערשטן מענטשן, וואָס האָט זיך אים באַגעגנט. דאָס איז געווען א פרוי מיט א לאָפּעטע אין די הענט, אין א היפּשן פעלץ און שטײַף ארומגעבונדן מיט א פרענדזל־דיקער שאַל אזוי, אז אַף דער פּלייצע שטאַרצט א קנופּ.

— פאַר־וואַ־אַל־גערט, ס'האָט ביזן הי־מל אָנגע־וואַ־אַל־גערט! — האָט הילכיק, קלינגעוודיק געענטפערט די פרוי און אויסגעגלײַכט זיך. כאָדאָש האָט א ציטער געטאָן. ס'האָט אים מיטאמאָל באַגאָסן א שווייס. דעם לאַמעד האָט די פרוי ארויס. ערעדט אזוי צאַרט, וואָרקענדיק, ווי מע ברענגט אים געוויינלעך ארויס אין די היגע ערטער, אזוי ווי וואַריע ברענגט אים ארויס, אָבער נאָך א ביסל אַנדערש, פאַרכלי־נענדיק זיך א קאַפּעלע. פון צווישן מיט שניי באַזוימטע ווּעס האָבן אַף אים א קוק געטאָן דערפרייט, מיט א טיפן טונקעלן גלאַנץ, אסיעס אויגן... אראָפּגענומען די הענטשקע, האָט זי א רײַב געטאָן דאָס אָנגעפרוירענע געזיכט אין פּונקט אזוי, ווי אמאָל, בײַם מע פלעגט זיך באַגעגענען אַפּן וועג, פאַרוקט די האָר אונטער דער שאַל.

— גיי, גיי, — האָט לייב געזאָגט צום קעסל־הייצער, וועלכער האָט געוואַרט אַף אים, — כ'וועל דיך אָניאָגן...

— א גאַסט, — האָט אסיע ארויסגערעדט גיט הויך און א שמייכל געטאָן שעמעוודיק, ווי פאַרשולדיקט, נאָר גיכער אפילע א קאַפּעלע ארויסרופעדיש, רייצנדיק, און לויט איר טעווע א קנייטש געטאָן דאָס קוים פאַריסענע נעזל, — שוין לאַנג זיך ניט געזען...

— יאָ, לאַנג... אסינקע, — ער האָט זי אָנ־גערופן, ווי אמאָל.

— אסינקע, — האָט זי געלאַסן איבערגע־כאַזערט, — קיינער רופט מיך מער ניט אזוי... און ס'גלייבט זיך ניט, אז מ'האָט מיך אמאָל אזוי גערופן.

— דערציילט, ווי גייט עס דיר?

— כ'וואָלט דאַרפן לאַנג דערציילן, לייבל, די נאַכט וואָלט ניט קלעקן...

אין די דאָזיקע ווערטער איז פאַרבאָרגן געווען פיל מער, איידער ס'איז געזאָגט געוואָרן. מיטאמאָל האָט אסיע קוים־קוים א קאָסיע גע־טאָן די אויגן אין א זײַט פון וועג, צום ברעג פון יאַר, ווו ס'האָבן זיך געשוואַרצט קוסטעס. זי האָט קורץ און אָטעם געטאָן, ווי פאַר א סאַ־קאָנעסדיקן שריט. לייב האָט זיך שיר ניט אונטערגעגעבן דעם דאָזיקן פאַרבאָרגענעם רוף. דאָס בלוט האָט אים א זעץ געטאָן אין קאָפּ, נאָר אָט האָט עס לאַנגזאַם געגומען אָפּפליסן. ער האָט געפרעגט:

— זוסיע איז אויך דאָ?

— ער איז אַוואַדע ווײַט פונדאַנען. אַוועק מיטן בריגאַדיר באַגעגענען די קאָלווירטניקעס, וואָס גייען צו הילף...

זי האָט ארויסגערעדט די ווערטער שנעל און אָפּגעהאַקט:

— כ'האָב נאָך גאָרנישט ניט פאַרגעסן, לייבל... און... כ'האָב דיך אַלץ נאָך ליב...

— איך האָב ליב וואַריען... — האָט לייב געענטפערט.

— וואַריען האָסטו ליב... אין דער היים קערסטו זי רופן וואַריושקע... אזוי? און דו וואָלסט כאָטש פרעגן, וואָס פאַר א מענטש זוסיע איז, ווי לעב איך מיט אים?..

בא לייבן האָבן זיך שיר ניט ארויסגעריסן עטלעכע ביטערע ווערטער.

— האָסט דאָך קינדער, — האָט ער געזאָגט נאָך א פּאַוזע, — כ'זע זיי אמאָל, דיך זע איך אויך...

— און איך, מיינסטו, זע דיך ניט?.. כאָטש עס טרעפט אויך, ס'איז אזוי אָנגעזאָליעט אַפּן האַרצן, אז עס ווילט זיך אפילע ניט א קוק טאָן אַפּן לאָקאָמאָטיוו... כ'לעב דאָ, ווי אין א גרוב, און א הונט היט מיך אָפּ... זוסיע...

— נאָר ער האָט דאָך דיך ליב אַוואַדע...

— אָ, וואָלסט אמאָל מיט אים געזעסן באַם טיש און געהערט, ווי ער קרעכצט בײַסן עסן: „ווען א מענטש זאָל קענען האָבן צוויי מאָגנס...“ אָט דאָס איז ער... צוויי מאָגנס... צוויי בײַטלען...

צוויי? — זי האָט ביטער א לאַד געטאָן, — ווער ווייסט בא אים עפּעס?.. און איך בין דען בא אים איינע — מיינסט, כ׳ווייס?..

זי האָט האַסטיק א קערעווע געטאָן דעם קאָפּ אַהין, וווּ דער וועג האָט ארומגעבויגן דעם יאַר. פֿון דאָרט האָבן זיך דערנעענטערט עטלעכע טונקעלע פיגורן, דער ווינט האָט דערטראָגן זייערע צוגעטויבטע קוילעס. לייב האָט באַמערקט, אז אסיעס פּנים האָט זיך פארענדערט.

— כ׳וועל גיין, — האָט ער געזאָגט און געמאכט א שפּאַן אנטקעגן די, וואָס האָבן זיך אהער דערנעענטערט.

אסיע האָט מיט דער האַנט אים פארשטעלט דעם וועג:

— קער זיך אום, — האָט זי א שעפּטשע געטאָן, — דארפסט זיך ניט באַגעגענען מיט זוסיען... ער וועט דערנאָך זויגן מײַן בלוט!

ווידער האָבן זיי זיך ניט באַגעגנט אין מעשעך פֿון יאָרן, און אלץ איז געווען, ווי פֿריִער: לייב האָט שטיקלעכווײַז, אלע מאָל צו עטלעכע ווײַלעס, געזען אסיעס לעבן. נאָר די צײַט האָט זיך געטאָן אירס — אלץ מער זיי אָפּגעפרעמדט, כאָטש ס׳איז בא ביידן אין הארצן אף שטענדיק געבליבן עפּעס פֿונעם פריִערדיקן געפיל.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע. לייב כאָדאָש האָט, ווי פיל אנדערע, געפֿירט מיליטערישע צוגן אונטער דעם סוינעס באָמבעס, און ווען דער פראָנט האָט זיך דערנעענטערט צו די היגע מעקוימעס — אויך אונטער א האָגל פֿון סנאַריאַדן. די מישפּאָכע — וואַריען מיט ביידע יִנגלעך — האָט ער אָפּגעשיקט אף מיזרעך, אזוי האָבן געטאָן פיל פֿון דעפּאָ, און אליין איז ער דאָ געבליבן, ווײַל מ׳איז אויך אפֿן לאָקאָמאָטיוו א סאָלדאַט...

איינמאָל איז געווען אזוי, אז לייב איז קוים דערפֿאָרן ביז דער דעפּאָ אף זײַן לאָקאָמאָטיוו, א צעלעכערטן פֿון שפּליטערס. דער קעסל-הייצער איז א טויטער געלעגן אין בודקע, וואָס איז פארפֿולט געווען מיט רויך און מיט דאַמף. דער סוינע האָט זיך פּלוצעם דורכגעריסן צום אײַזנבאַן-קנופּ, דער וועג אף מיזרעך איז אָפּגעשניטן געוואָרן. לייב איז מיט נאָך עטלעכע כאַווײרים פֿון דעפּאָ פארשוווּנדן אין די היגע וועלדער, אנטרונען אין די טיפֿע יאַרן, וואָס ציִען זיך ביזן דניעפּער.

ס׳איז געווען אין סאָף פֿון ערשטן מילכאָמע-ווינטער. ניט ווייניק פּארטיזאַנישע סטעזשקעס האָט אויסגעטראָטן כאָדאָש מיט זײַנע כאַווײרים סײַ אפֿן רעכטן, סײַ אפֿן לינקן דניעפּער-ברעג, פארגאַנגען ווײַט פֿון דער היים, אמאָל אף מײַרעװ — ביז בעלאָצערקאָוו, אמאָל אף צאָפֿן — ביז ניעזשין, געגעבן דאָרט צו וויסן וועגן זיך דעם סוינע אף דער אײַזנבאַן מיט אופֿרײַסן און באַן-קאַטאַסטראָפֿעס און ווידער זיך אומגעקערט אין די היגע מעקוימעס... און אָט איינמאָל אין וואַלד, אין אן אָדליגעדיקן מאַרט-טאָג, האָט זיך אים געטראָפֿן א פרוי, וועלכע האָט מיט א צווײַגל געטריבן פֿאַר זיך א בעהיימע. די פּאַרטיזאַנער האָבן געזוכט א וואַלד-שוימער, איינעם א קאָנאָפּלענקאָ, געזוכט זײַן שטיבל, וואָס איז פארלוירן געגאַנגען אין אָט דעם טויבן העק. זיי האָבן א רוף געטאָן די פרוי צו פרעגן זי, וויאַזוי זיך אהין דערקלײַבן. ערשט, ס׳איז אסיע! לייבל איז געפּלעפט געוואָרן, ווען ער האָט זי דערזען. ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, געלאָזט די כאַווײרים דערפרעגן זיך, וואָס מע דאַרף, אסיע האָט אויך צו אים קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, און בלויז דאַן, ווען די כאַווײרים זײַנען אוועק איבערן שטעגעלע, וואָס זי האָט אָנגעוויזן, איז ער א קאַפּל אָפּגעשטאַנען און געפרעגט:

— פארוואָס ביסטו ניט אוועקגעפאָרן?

אסיע איז געווען שטאַרק א טעל, ניט אויסגעבלייכט, נאָר עפּעס ווי פארקוילט, — אין איר געזיכט האָט זיך געפילט אי טיפֿע זאָרג, אי שרעק. דאָס אלץ איז, פארשטייט זיך, פאַר לייבן געווען פארשטענדלעך. עפּעס האָט זיך אים אָבער אויסגעדוכט, אז אסיע שרעקט זיך אזוי ווי פאַר אים גופֿע — דאָס האָט ער שוין פארשטיין ניט געקאָנט.

זי האָט געענטפערט, פירנדיק מיט דער פֿוזשעלע איבער דער בעהיימעס פֿולן בויך:

— זעסט דאָך, כ׳בין דאָ...

— יאָ, אָבער פארוואָס?

זי האָט זיך ווי באַהערשט א קאַפּעלע און א שמוך געטאָן:

— פרעג בעסער זוסיען.

— ער איז אויך דאָ?

— יאָ, ער איז דאָך אן אונטערגעריסענער, איז ער אין ארמיי ניט אוועק.

— כ׳האָב אים געזען א טאָג פֿאַר דעם, ווי די דײַטשן זײַנען צו אונדז ארײַן אף דער סטאַנציע — עפּעס האָט ער אָנגעטריבן א פור...

— יאָ, ער איז דאַן געווען אין די פּעדערן — צען טויזנט רובל פאַר א יאַזדע... און געמאכט האָט ער גאַנצע פיר אזעלכע יאַזדעס ביז צוועטקאָווע און צוריק...

לייבן האָט פארדראָסן, עפּעס האָט זי זיך גאָר ווי געגרויסט מיטן מאַן.

— פארוואָס זשע זײַט איר ניט אוועקגעפאָרן?

אסיע האָט ווידער פּרויעריק א שמייכל געטאָן:

— ווען דו וואָלסט אים ניט געקענט, וואָלט איך דיר געענטפערט... דאָס געלט ליגט בא אים פארגראָבן ערגעץ ארום אונדזער פארלאָזטן הויף. און איך, און די קינדער, און ער אליין זײַנען איצט דאָ פארגראָבן... אין א צעוואַלגערטער שטאַל באַהאַלטן מיר זיך אויס...

לייב האָט געזען, אז אין אירע בלויִלעך-גרינע אויגן האָט שוין עטלעכע מאָל אופגעבליצט א פֿײַערל און געלאָשן זיך, ווי זי זאָל אים וועלן עפּעס זאָגן. ער האָט וואַרטנדיק א קוק געטאָן אף איר. ענדלעך האָט זי געפרעגט:

— מוישקע האָט זיך צו דיר דערקליבן? געפֿונען דיך?

— וועלכער מוישקע? — דאָס האַרץ האָט א צאַפּל געטאָן אזוי, אז ס'האָט אים שיר פון די פיס ניט אומגעוואָלגערט. ערשט אין עטלעכע ווײַלעם אַרום איז ער אימשטאַנד געווען איבערכאַזערן, ווײַל אַסיע האָט צוגעביסן א ליפּ און געשוויגן. — וועלכער מוישקע?

— דײַן ברודערל... ער האָט מיטן טעכניקום געגראָבן אַקאָפּעס אַרום פּאַסטאָוו. די דײַטשן האָבן אים דאָרט פאַרכאַפּט, האָט ער זיך דערלאַנגט אַהער, געזוכט דיך אין דעפּאָ, דערנאָך דאָ, אין די וועלדער...

— שוין לאַנג איז עס געווען?

— א כאָדאָשים פיר צוריק...

— נו?

זי האָט א קנייטש געטאָן מיט די אַקסל. די קו האָט באַשמעקט דעם שנײַ בײַ אירע פיס, האָט זי מיטן נאָכעק פון שטיוול א לײַכטן טאָרע זי געטאָן אין דער מאָרדע.

— וואָס זשע שווײַגסטו? — האָט ער ניט אויסגעהאַלטן.

זי האָט, קוקנדיק גלײַך אים אין פּאָנעם אַרײַן, אַלץ ברייטער און ברייטער צעעפנט די אויגן און מיטאַמאָל א קרעכץ געטאָן:

— אוי, כ'ווייס ניט, ווו ער איז אַהינגעקומען...

לייב האָט איינס באַנומען: זי ווייסט טאַקע ניט, וווּהין מוישקע איז אַהינגעקומען, נאָר עפּעס ווייסט זי, און קאָן ניט און וועט עס ניט זאָגן. האָט ער זי מער גאָרנישט ניט געפרעגט. דערוווּסט זיך, בײַ וועמען זי באַהאַלט זיך דאָ אויס, איז ער אַוועק דעריאָגן די כאַווײרים.

דערנאָך האָט ער זיך שוין געטראָפן מיט יענער וואַלד-שוימערטע, וועלכע האָט אויסבאַהאַלטן זוסיען און זײַן מישפּאָכע. ניט קיין ווײַטע שכיינע די קאָנאָפּלענקאָס, איז זי מיט אַן אויסרייד אײַנגעלאַדן געווען צו זיי אין שטאַב אַרײַן. דערהערט, אַף וועמען מע פרעגט זיך נאָך, האָט זי געשוואָרן מיט די הייליקסטע שוווּעס — זאָלן אַזוי איר מאַן און דער זון זיך אומקערן גאַנץ פון פראָנט, — אַז זי האָט מיט אַן אָפן האַרץ באַגעגנט יענעם קאָרסונער יִנגל, ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט באַנאַכט צו איר אין שטוב. און וואָס עמעס איז עמעס: די זוסיעכע האָט ניט געוווּסט מיט אים וואָס צו טאָן — געוואַשן אים, אַרומגעלאַטעט אים. נאָר זוסיען איז ער עפּעס ניט געפעלן. מ'האָט זיך גענומען קריגן איבערן יִנגל, מאַן און ווײַב. און זי, די באַלעבאָסטע, האָט זיך אַפילע אַרײַנגעמישט, — די זוסיעכע וועט זי ניט לאָזן קיין ליגן זאָגן. נאָר וואָס איז דער טאָלק? ערגעץ איז דאָס יִנגל אין עטלעכע טעג אַרום פאַרשוווּנדן — א גוטער אַזאַ געווען, ווי א זאַנגעלע, ליכטיק און שלאַנק, א יאָר זעכצן סאַכאַקל... זי איז אַוועק אין ראַיאָן עפּעס קויפן, די פּויערטע, און ווען זי האָט זיך אומגעקערט, איז דאָס יִנגל שוין ניט געווען. זוסיע זאָגט, אַז ער איז אַליין אַוועק, די זוסיעכע — אַז דער מאַן האָט אים דורכגעטריבן. מיסטאָמע איז זי גערעכט, ניט ער...

און נאָך שפּעטער האָט לייב זיך דערוווּסט דאָס איבעריקע: מיט פיר כאָדאָשים צוריק האָבן פּאָליציאַנטן אין א דאָרף ניט ווײַט פון וואַלד אופגעהאַנגען א קאָרסונער יִנגל אַפן טויער פון געוועזענעם קאָלווירט-הויף. א האַלב פאַרפראָרענער, האָט זיך דאָס יִנגל אין א זאַווערוכענאַכט דערקליבן צו א דאָרף און אָנגעטראָפן גלײַך אַפן פּאָליציי-פּאָסטן...

שוין לאַנג האָט זיך פאַרענדיקט די מילכאָמע.

ווידער איז לייב כאָדאָש, אַמאָל באַטאָג, און אַמאָל באַנאַכט, געפאָרן פאַרבײַ זוסיע בערבעסעס שטוב, און יעדעס מאָל האָט דאָס האַרץ אומרויִק געצאַפּלט — ס'איז ניט שטילער געוואָרן דער ווייטעק, ס'האָט ניט געלאָשן זיך די סינע... ער האָט שוין געוווּסט, אַז בײַ דער צעצווײַגטער סאָסנע מיטן שלאַנקן רויטלעכן שטאַם דאַרף ער אָפּרײַסן דעם בליק פון דער ערד, ווײַל דאָ דערנענטערט זיך דער צוג צום פאַרהאַסטן הויף מיט די נײַע שטאַכעטן. און דאָס זעלבע — אַף צוריקוועגס, ווען עס הייבט זיך אָן דער יאַר.

זוסיע האָט, לויט ווי לייב האָט זיך דערוווּסט, ניט געאַרבעט מער אַף דער וועג-דיסטאַנציע, ער איז געוואָרן א בופעטשיק אַף א דערבײַיִקער קליינער סטאַנציע. זײַן געבויגענע פּלייצע, דעם היפּשן פליך און אַמאָל אויך די שוואַרצע פּאָרצעלײַענע אויגן פלעגט כאָדאָש פון צײַט צו צײַט, פאַרבײַפאָרנדיק, דערזען אינעם דורכויסיקן שטראָם פון קוסטעס און ווילדגראָז בײַ דער זײַט פונעם רעלסן-וועג... אַסיען האָט לייב ניט געזען, די קינדער אירע — אויך ניט...

יענע האַלבע מינוט, ווען דער צוג פלעגט פאַרבײַפאָרן זוסיע בערבעסעס הויף, האָט ער געווינלעך געכאַפּט א קוק אַפן מאַנאָמעטער, אָדער ער פלעגט גאָר אָפּטרעטן א שפּאַן פונעם פענצטער, צעעפענען דאָס טירל פונעם קעסל-אויוון, קעדיי זען, ווי עס הייצט זיך דאָרט...

ער פלעגט אויך אַמאָל, פאַרבײַפאָרנדיק דאָס דאָזיקע וויסטע אָרט, כאַפּן א קוק אַף דזערזשינסקיס פּאָרטרעט, וואָס איז געהאַנגען אין א טונקעלן ראַמל העכער א ביסל פונעם אינזשעקטאָר — דאָס האָט וואַריע פאַרפּוצט די בודקע. „זײַ וואַכזאַם, זײַ פאָרזיכטיק!“ — האָט שטילערהייט דערמאָנט פעליקס עדמונדאָוויטשס דין געצייכנטער אייִדעלער פּראָפיל.

דעם ווײַבס זאָרג, איר ליבע, האָט לייב אויך דאָ, אין וועג, ניט אופגעהערט פילן. און אָפטער פון אַלץ האָט ער מיט צערטלעכקײַט זיך דערמאָנט אין וואַריען טאַקע דאָ, אַף אָט די קילאָמעטערס, ווו ס'איז דער וואָלטשעיאַרעווקער אויסבייג...

איינס האָט אים אָבער פאַרומערט: וואַריע איז אַלץ אָפטער אײַנגעפאַלן אין געזונט. די צײַט, וואָס זי איז געווען אין עוואַקואַציע מיט צוויי קליינע קינדער אַף די הענט, האָט געמאַכט זי קראַנק. איר געזיכט איז בלייך געוואָרן, די באַקן — אײַנגעפאַלן. בלויז די אויגן, ערנסטע,

פּרויעריקע, האָבן געלויכטן, ווי אַמאָל, די הענט אירע, שוואַכע, אויסגעדאַרטע, האָבן בערייש באַלעבאַטעוועט...

דאָס אַלץ האָט דורכגעשוועבט בא כאַדאָשן אין קאָפּ, בײַם ער האָט זיך אָפּגעקערט פונעם לאָקאָמאָטיוו-פענצטערל. נאָר אָט זיצט ער ווידער אף זײַן אָרט און קוקט זיך אײַן אין וועג, אין די סיגנאַל-לינזעס... עס לויפט פאַרבײַ דאָס ווײַסע סטאַנציעלע. אַלץ איז דאָ באַקאַנט און ווייעט אָן דערינערונגען, וואָס סײַ ווען זיי זײַנען אָנגענעם, סײַ ווען זיי זײַנען ניט אָנגענעם, באַאומרויִקן זיי אַלצייִנם דאָס האַרץ. און מאָדנע, עס וואַרט נאָך אף עפּעס, דאָס האַרץ. ווײַל אַזאַ איז שוין דער מענטש: זאָל זײַן אפילע אומבאַוווּסטזיניק, נאָר שטענדיק וואַרט ער, שטענדיק טרוימט ער...

און איינמאָל איז ווירקלעך געשען דאָס, אף וואָס לייב האָט אַרויסגעקוקט. אין יִשעוו, ווו דער רייִס פאַרענדיקט זיך, האָט ער באַגעגנט אַסיען. זי איז אים אָנגעקומען אַנטקעגן. און ערשט דאָ האָט ער דערפילט, אַז ער איז לאַנגלוטן ניט צופרידן פון דער דאָזיקער באַגעגעניש: ס'אַן איבעריקע זאַך.

ער האָט אַסיען דערקענט פונדערווײַטנס: איר שטעל, איר גאַנג, לײַכטע, מאַמעש שפּילעוודיקע טריט, פּונקט זי זאָל עטוואָס שוועבן איבער דער ערד. דערזען לייבן, האָט אַסיע אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און צוריק אים אופגעהויבן, ווען זי איז שוין צוגעקומען גאַנץ נאָענט. דאָס וואָלענע טיכל האָט זי ניט פאַרבונדן, בלויז מיט דער האַנט עס לײַכט צוגעהאַלטן באַם קין. דערבײַ איז דאָס טיכל ציפיל אָנגערוקט געוועזן אף דער לינקער זײַט פונעם שטערן און אף דער באַק. נאָר אָט האָט זי אַראָפּגעלאָזט די האַנט, דאָס טיכל האָט זיך אַראָפּגערוקט און אָפּגעדעקט די צווייטע העלפט פּאָנעם. לייב האָט דערזען א בלויען סימען פון א קלאַפּ באַ איר אונטערן אויג און איז א פאַרציטערטער געבליבן שטיין. אַסיע איז צוגעקומען נעענטער.

— דערקענסט מיך נאָך? — האָט זי געזאָגט הייזעריקלעך, מיט פאַרביטערונג, — און איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט מיך ניט דערקענען... אָט אין אַזאַ אויסזען... קלײַבסט זיך דאָ אָפּרוען פון וועג?

— אין פינף שאָ אַרום שטייט פאָר א יאַזדע אף צוריק...

— פינף שאָ, — האָט זי איבערגעכאַזערט און א שמייכל געטאָן פּרויעריקלעך, ניט זיכער, נאָר אויך א קאָפּעטשקע רייצנדיק, ווי אַמאָל, — וועסט מיר עפּשער שענקען א האַלבע שאָ?

לייב האָט אָנגעוויזן אף א צעבראָכענעם פּלויט פון עפּעס א סעדל, ווו ס'האָט זיך געזען א באַנק.

— קום, וועלן מיר זיך צוזעצן...

ס'איז געוועזן אָנהייב פרילינג. די ערד, נאָך גאָר א פּיכטע, — ערשט נעכטן, צי אייערנעכטן איז אַראָפּ פון איר דער שניי, — האָט א גאַנצן טאָג געצערטלט זיך קעגן דער קילבלעכער זון. יונגע גרעזעלעך, וואָס זײַנען נאָך קימאַט ווײַס געוועזן בא די וואָרצלען, האָבן געגליווערט אַרום דער קאַליוזשע לעם פּלויט — אירע ראַנדן זײַנען אָפּסנײַ אַרומגעפּרווירן... די זון, א גרויסע און פּונקט ווי א צוגעשאָטענע מיט אַש, האָט באַלד געדאַרפט פאַרזינקען ערגעץ אף יענער זײַט בערגל, אף וועלכן ס'איז צעוואָרפן דער יִשעוו. אין סאָד האָבן געצוויטשערט, זוכנדיק א נאַכטלעגער, פייגעלעך, וואָס פליִען אַוועק פון דאָרעם.

— און עפּשער וועלן מיר זיך א ביסל דורכגיין? — האָט אַסיע פאָרגעלייגט. — אָט אַהין, צום ראַנד פונעם יִשעוו... ס'ניט ווײַט...

— מע קאָן זיך דורכגיין, — האָט לייב אײַנגעשטימט.

ער האָט געהאַלטן א שטיקל פּאַקליע אין פויסט — א געוווינהײַט ניט אַוועקצוואַרפן דאָס, מיט וואָס ער ווישט זיך די הענט בײַם דער אַרבעט.

— נו, פאַרוואָס פרעגסטו ניט, ווער עס האָט מיך אַזוי פּײַן באַמאָלט? — האָט אַסיע שטיל, מיט א כריפּ צעלאַכט זיך. — מיינסט אַוואַדע, כ'וועל זאָגן, אַז דאָס האָב איך אין דער פינצטער אָנגעטראָפן אף א סוק צי אָפן דרענגל פון טויער?.. ווײַבער שעמען זיך געוויינלעך דערציילן דעם עמעס... דאָס איז מײַן זוסיעס שטעמפּל, זײַן קולעק... פאַרוואָס? עס לוינט ניט וועגן דעם צו ריידן... ניט שטענדיק גיט זיך אים אײַן אָנוואַרפן אף מיר א צוים...

לייב האָט געשוויגן. ער האָט דעם דאָזיקן נאָמען אפילע הערן ניט געקאָנט. א שרעקלעכער צאָרן האָט אין אים אופגעבראַזט. אין דער דאָזיקער מינוט האָט ער דערפילט א סינע אויך צו אַסיען — צוואַנציק יאָר לעבט זי אונטער איין דאַך מיט אָט דער בריִע...

— אָך, ווי ער האָט זיך מיר אײַנגעגעסן אין די ביינער, אָך, ווי כ'האָב אים פײַנט, — האָט אַסיע שטיל געזאָגט, — ווען כ'בין געוועזן א מיידל, האָב איך אפילע רעכט ניט פאַרשטאַנען, וועמען כ'האָב ליב אף אָן עמעס — דיך צי אים... ס'האָט מיך טאַקע מער געצויגן צו דיר... נאָר פאַרוואָס זאָל איך ליגן זאָגן — ער איז מיר אויך געוועזן געפעלן... די זאַך איז געוועזן ניט בלויז אין דעם, וואָס כ'האָב געמוזט אויספילן דעם טאַטנס פאַרלאַנג... עפּעס האָט ער אין זיך געהאַט א קויעך, בערבעסעס... דערנאָך האָב איך דערזען: ס'א שוואַרצער קויעך...

אַסיע האָט געזאָגט „בערבעסעס", און לייב האָט דערפילט, ווי טיף זי פאַרהאַסט זוסיען, און דאַך האָט אים אפילע דאָס, וואָס זי איז זיך מוידע געוועזן, ווייטעקדיק פאַרדראָסן.

— פאַרשטיי, — האָט ער א פאַרקלערטער זיך אָפּגערופן און אַוועקגעוואָרפן דאָס שוואַרצע אָנגעוואַרעמטע קנײַלעכל פּאַקליע, — כאָטש כ'וועל דיר עפּשער קיין נײַס ניט זאָגן, אַסיע, איז עס פּאָרט אַזוי, ווי אף א שיידוועג: וווּהין דו האָסט פאַרקערעוועט, אַהין ביסטו אָנגעקומען...

— און אויב איך וויל איצט, לעמאָשל, פאַרקערעווען אהין, וווּהין מע דאַרף, איז זאָל איך ווידער צוואַנציק יאָר שפּאַנען אַף צוריק? — אסיע האָט אומעטיק א לאַך געטאָן, — כ'וועל דאָך ביז וואָס-וועז ווערן א זקיינע, גראָו און אַלט...

— ביסט דען א פרייער פויגל? האָסט דאָך קינדער.

— די עלטערע צוויי נייטיקן זיך שוין ניט אין מיר. די טאָכטער האָט כאַסענע געהאַט, דאָס יינגל איז אין אינטערנאַט. בלייבט די קליינינקע, נאַטקע. נו, זי פאַרשטייט גאָרניש... מיט איר קאָן איך זיך אַוועקלאָזן אפילע אין עק וועלט.

— מיינסט עס ערנסט? — האָט לייב אומרויק געפרעגט.

— ערנסט וואָלט איך עס קאָנען טאָן בלויז צוליב איין מענטשן...

— און ווי קומסטו אהער? — האָט לייב באַשטימט ענדערן דאָס געשפּרעך.

— ווילסט טאַקע וויסן? כ'בין צוליב דיר געקומען צו פאָרן. כ'האָב זיך שוין גראָד פּינקטלעך דערוווּסט, ווען דו דאַרפסט דאָ זיין... אין דעפּאָ בא דיר בין איך געווען, געזען וואַריען, עמעס, פונדערווייטנס, זי איז אַרויסגעגאַנגען פון דער ברויט-קראָם... וואַריע האָט זיך שטאַרק געענדערט.

— מיר האָבן זיך אַלע געענדערט.

— איך אויך?

זי האָט באַמיט זיך אַרייַנפּאַלן אין ריטם פון זיינע טריט. אירע שמאַלטנע, שיין געטאָקטע פיס האָבן צעקלאַפּט דאָס פרישע אייז אַף די פאַרבלאָטיקטע שטיינער סאַכאַקל א האַלבן מעטער פון זיינע שווערע קירזאָווע שטיוול.

— כ'האָב געהערט, אז וואַריע קרענקט קעסיידער. — האָט זי געזאָגט, — און כ'האָב אַליין אויך געזען, ווי בלייך זי איז...

לייב האָט דערפילט אין אסיעס שטים ניט קיין מיטלייד, נאָר שאַדנפרייד. ער האָט ניט געענטפערט.

— איינע מיינע א באַקאַנטע האָט צוזאַמען מיט איר געוואַרט אַף אַן אופנאַם צום דאָקטער... לאָזט זיך אויס, זי טאָר אפילע ניט, וואַריע, זיין מיט דיר... אָדער, ווי זאָגט מען עס, — דו דאַרפסט זי זשאַלעווען... און וואָס איז דאָס פאַר א וויב פונדערווייטנס?

אָן בושע, אַכזאָריעסדיק, האָט אסיע א קוק געטאָן אַף לייבן און געמאַכט אפילע א שפּאַן פאַרויס פון אים, ער זאָל ניט אָפּקערעווען די אויגן. זי האָט א שמייכל געטאָן פריידיק, זיגעריש, מיט מאַמעש קישעפדיקן רייץ, ווי גאָר אַמאָל. פונקט ווי אַמאָל האָט זי כיינעוודיק פאַרקנייטשט די נאָז מיטן ווייסן שראַמיקל, און די אויגן אירע האָבן געשפּריצט מיט פייער. נאָר עפּעס איז פאָרט געווען זשעדנע נידעריקס, אומגעצוימטס אין איר פּלוצעם יונג געוואָרענעם געזיכט. זי האָט דערפילט, אז ער איז אין קאַס, האָט זי געזאָגט, ניט לאָזנדיק אים אַרויסברענגען קיין וואָרט:

— הער אויס, לייב, אייניקע מאַשיניסטן שיקט מען צייטווייליק אַרבעטן אַף אַנדערע אייזנבאַנען — אַף דער פּעטשאָרע, אַף דער אַנגאַרא... רוף זיך אויך אַרויס פאָרן... וואַריען וועסטו ניט וואַרפן. מע דאַרף עס ניט. איך וועל אזוי אויך נאָכפאָרן נאָך דיר... מיט נאַטקען... מירן אָפּלעבן צוזאַמען א יאָר, צוויי... וועסט וועלן מער — איז מער... קיין סאַך דאַרף איך ניט, פינף יאָר, און ווייטער בין איך שוין אַן אַלטע... פאַרמעסטן זיך אַף עפּעס גרעסערס איז שוין שפּעט... טו א טראַכט...

איצט האָט לייב געקוקט איר גלייך אין די אויגן. מען איז שטיין געבליבן בא א זייט פון וועג. א פּראַכטמאַשין איז פאַרבייגעפאָרן, זיי באַשפּריצט, נאָר ביידע האָבן קיין אַכט דערויף ניט געלייגט. לייב האָט אָנגענומען אסיען פאַרן אַרבל פון פּאַלטאָ:

— קונציק האָסטו עס צוגעטראַכט, — האָט ער געזאָגט שטיל, ניט אזוי פאַרוואָרטיילנדיק, ווי דערשיטערט.

זי האָט געהערט און נאָך ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט, זי איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. צו איר איז דערגאַנגען בלויז איינס: ער איז ניט מאַסקים. און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע. עס מאַכט צונישט אַלע אירע האָפענונגען. אין די געדאַנקען האָט זי זיך איצט שוין אַלץ מער דערווייטערט, אָפּגעשיידט פון אים.

— צי דען האָסטו ערשט איצט דערקענט זוסיען? — האָט ער פאָרגעזעצט, — זאָל זיין אזוי... נאָר אָט ווילסטו א סאַך מאַכן, און ווידער טאַקע אַף בערבעסעס אויפן... אבי עס זאָל אים זיין גוט, וועט ער א צווייטן די נעשאָמע אַרויסנעמען... און דו אויך — אָט ביסטו שוין גרייט אַן אַנדער לעבן צעשטערן...

— דאַרפסטו מיך, הייסט עס, ניט... האָסט אויסגעמעקט אסיען, — האָט זי געשעפּטשעט, ווי אין פיבער, — כ'פאַרשטיי, איבערן ברודערל, איבער מוישקען קאָנסטו אַף מיר ניט קוקן... נאָר איך בין דען שולדיק? דאָס איז בא בערבעסעסן א שטיין אפּן האַלדז, דאַרפסט מיך ניט שטופּן אין איין גרוב מיט אים...

— כ'ווייס, אסיע, אז דו ביסט ניט שולדיק, — האָט ער געזאָגט מיט א געפאַלענער שטים, — דיר בין איך קלאָל קיין סוינע ניט, א פריינט בין איך דיר, און דעריבער וויל איך דיר זאָגן...

— אַף וואָס טויגן מיר דיינע אייצעס און דיין מוסער זאָגן? וואָלסט מיך בעסער מיט די רעדער צעשנימן, גוטערפריינט מיינער!

זי האָט זיך צעלאַכט הויך, אַרויסרופעריש, געוואָרפן אַף לייבן א העפקערדיקן געזעגענונגסבליק, א הייב געטאָן איין אַקסל אזוי, אז דאָס טיכל זאָל בעסער צודעקן דעם שטערן. זעט אויס, זי האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער בלויז א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַוועקגעלאָזט זיך מיטן וועג צוריק אין יישעוו, האַלטנדיק דעם קאָפּ געבויגן א ביסעלע אַף א זייט.

אין יענעם קלאָרן אָנהייב אָקטיאַבער האָט די ערד מאַמעש געפֿלאַקערט, אַ באַצירטע אין גאָלדיק-פֿײַערדיקע קאָלירן פֿון דעם האַרבסט. אין די פֿינקלענדיקע שטראַלן פֿון דער באַטאָגיקער זון, וואָס ברענט שוין ניט, נאָר וואַרעמט צערטלעך, האָבן פֿאַרבײַ די פֿענצטער פֿון לאָקאָמאָטיוו אָן אויפֿהער פֿאַנאַנדערגעוויקלט זיך ראַכוועסדיקע פֿעלדער, באַדעקטע מיט סטערניע. ערטערווײַז זײַנען געשטאַנען ריזיקע סקירדעס. באַקאַנטע וועלדלעך זײַנען אַרויסגעשוווּמען פֿון דער בלוי-פֿאַרנעפּלטער ווײַט אַלעמאָל פֿאַרענדערט. אייניקע, ווי פֿון ריינעם גאָלד, האָבן שטיל און פֿאַרומערט געלויכטן זיך אויף דורך און דורך; אַנדערע זײַנען אײַנגעהילט געווען אין צונטעררויטע פֿלאַמען, און וו-ניט-וו האָבן הוילע, דינע שטאַמען שוין פּאַשעט געטאַפּטשעט זיך אין די אָנגעפֿאַלענע פֿאַרזשאַווערטע בלעטער...

לייב כאָדאָש איז אַ פֿאַרהאָרעוועטער געשטאַנען בײַם פֿענצטער פֿון לאָקאָמאָטיוו. מ'האָט זיך דערנעענטערט צום וואָלטשיאַרעווקער אויסבייג. לייב האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם גאַנצן רויק, פּונקט ווי וועגן אַלץ, וואָס דאָס אויג האָט געזען אין פֿענצטער. אָט איז אַ יאָדלעוועלדל. אַנטקעגן דער זון איז עס מאַמעש בלאָ. אָט איז אַ היפּש פֿעלד גריקע, וואָס מע האָט נאָך ביז איצט ניט אַראָפּגענומען... ווײַטער גלאַנצט אַ אָזערע, און אַרום איר זײַנען אין שפּיציקע טורעמלעך אויסגעשטעלט דינע, לאַנגע בינטעלעך לײַן, ווי ביקסן, וואָס סאָלדאַטן שטעלן צונויף בייסן אָפּרו... באַלד וועט מען פֿאַרבײַפֿאָרן יענע מעכטיקע סאָסנע מיטן גאָלדיק-רויטן שטאַם... די אַלטע, קרומלעכע בערעזע, וואָס וואַקסט בײַם סאַמע טויער פֿון זוסיע בערבעסעס הויף, איז שוין מיסטאַמע פֿון דער קרוין ביז די אונטערשטע אַראָפּהענגענדיקע צווײַגן באַדעקט מיט געלע האַרבסטיקע בלעטער... אין סאָד שטייען אַוודאי די בינשטאָקן מיט אויפֿגעהויבענע דעקלעך און אַרום קעלער קאָן מען אָנציילן ניט ווייניקער ווי אַ האַלב צענדליק פֿעסער מיט פֿאַרזײַערטע אוגערקעס און קרויט...

ווען דער צוג איז שוין געווען נאָענט לעבן דער סטאַנציע, האָט לייב פֿונדערווײַטנס באַמערקט אַ פֿרוי. זי האָט, לויפֿנדיק, געמאַכט מיט די הענט, ווי זי וואָלט עמעצן גערופֿן צוהילף. באַלד האָט ער אין דער פֿרוי דערקענט אַסיען.

אַסיע איז נאָכגעלאָפֿן דעם טאָרמאָזירנדיקן צוג. דעריאָגט אים, האָט זי מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר דער פּאָרענטשע, ווי זי וואָלט זיך געקליבן אַרופֿדראַפּען אויפֿן לאָקאָמאָטיוו. לייב האָט מיט אומרו גענומען זיך נאָכפֿרעגן:

— וואָס איז געשען? ווידער שלאָגט ער זיך, אַסיע?..

זי האָט שווײַגנדיק, מיט טיפֿער פּײַן, אַ קוק געטאָן אויף לייבן, אויף די אומבאַקאַנטע מענטשן, וואָס זײַנען אונטערגעקומען. אין אירע ברייטצעעפֿנטע אויגן האָט, כּוח לייד, זיך אָפּגעשפּיגלט אויך האַרבע אַנטשלאָסנקייט.

— געשלאָגן... נאָר אָן עק, צום לעצטן מאָל... — זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך שטיל פֿאָרגעזעצט, — איך האָב געגראָבן קאַרטאָפֿל אין גאָרטן... און ער טרײַבט סאַמאָהאָן... אים פֿאַרדריסט, לעמײַ איך גיב אים ניט אָפּ קיין געדעכט... איז ער געקומען און מיד אָנגעהויבן טאָפּטשען מיט די פֿיס... — זי האָט גערעדט מיט אָפּגעריסענע פֿראַזעס, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, — איך האָב דערהערט דעם פֿײַף פֿון דײַן לאָקאָמאָטיוו... איך דערקען אים שוין, דעם פֿײַף, צווישן הונדערטער... כ'בעט דיך, שטיי דאָ אַ ווײַלע, האָב ראַכמאָנעס... איין מינוט וואַרט צו.

אויסמײַדנדיק לייבס בליק, האָט זי געזאָגט צום קאָנדוקטאָר:

— וועסט מיך אַרופֿכאַפּן מיטן קינד אויף דײַן פּלאַטשטשאַדקע... כ'וועל אייניקם און צוויי גרייט ווערן...

זי איז אַוועקגעלאָפֿן צו איר שטוב, געזאַמט זיך דאָרט אַ פּאָר מינוט און זיך ווידער באַוויזן מיטן קינד אויף די הענט. ווען דער צוג האָט זיך גענומען רירן פֿון אָרט, האָט דער קאָנדוקטאָר פֿלינק אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד פֿון אירע הענט און איר אַליין געהאָלפֿן אַרופֿשפּרינגען אויפֿן טרעפּל.

— נישקאָשע, — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין, — די וועלט איז גרויס...

.1961



## סטעפאן שטשיפאטשאָוו

געבוירן אין 1899 אין דאָרף שטשיפּאטשי (סווערדלאָווסקער געגנט). פארענדיקט דעם אינ-סטיטוט פון רויטער פראָפעסור. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1925. אָנטיילנעמער פון בירגערקריג און פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָ-מע. וווינט אין מאָסקווע.

# פּאָרטרעט נאָכן טרוים

מיר בײַטן דעם גאנג פון די טײַכן,
פון רו איז אונדז פרעמד דאָס געפיל,
מיטן וועג מיטן שווערן און גלײַכן
מיר גייען צו אונדזער ציל.

מיר האָבן צום טרוים זיך געצויגן,
וואָס האָט זיך פארוואנדלט אין וואָר,
הײַנט זעען מיר שוין פאר די אויגן
די צײַט איבער צוואנציק יאָר.

ניט ציפערן בלויז, וועלכע זײַנען
דער שטרענגער סאכאקל פון זיג,
נאָר מענטשלעכע אויגן, וואָס שײַנען,
דערציילן פון אונדזער גליק.

די פינצטערע קראפט פון צעשטערן
איבער אונדז איז שוין אויס באלעבאָס,
יאָ, אונדזער פראָגראם, זי וועט ווערן
פארווירקלעכט פון אָס ביז אָס.

יִדיש — ר. בוימוואָל.

# גרויע האָר

די האָר מײַנע פאריכטן וועל איך,
ווי שטענדיק גיין מיט יונגן דראנג,
נאָר מיידלעך, ווען איך געפעל נאָך,
„דער גרויער” רופן מיך שוין לאנג —
און גוטעפרײַנט, און גלאט באקאנטע.
ס׳איז מיר דערעסן שוין ביז גאָר,

זיי דריקן שמייכלענדיק די האנט מיר,
דערבײַ באמערקן: גרוי די האָר!
אין שלאכט געפרווּוט, אין שווערע יאָרן,
נאָר וועגן אונדז א ליד עס שאלט:
מיר זײַנען יונגע גרוי געוואָרן,
נאָר קיינמאָל ניט געוואָרן אלט.

יִדיש — כ. זעלצער.

# יעווגעני יעווטושענקאָ



געבוירן אין 1933 אף דער סטאַנציע זימאַ (אירקוטסקער געגנט). פאַרענדיקט דעם מאָסק־ווער ליטעראַרישן אינסטיטוט אף גאָרקיס נאָמען. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1949. וווינט אין מאָסקווע.

# די מאַלקע שיינהייט

אוי, א נאַכט — אלץ קידער־ווידער,
אלע אפן פלאַץ ארויס,
אין סאַנטיאַגאָ טאַנץ און לידער,
מ׳קלייַבט די מאַלקע שיינהייַט אויס.
ס׳קומט אינדרויסן פאַר די פייַערונג,
אונטער הימל, גלאַט אַזוי,
בלומען פלאַקערן, ווי פייַערן,
שטערן פאַלן דאָ, ווי טוי.
קליידלעך שמאָלע, ברייטע, ברייטערע,
אָ, געהיימניספולער גאַנג...
די באַסמאַלקעס גייען פרײלעכע
מיט מוזיק און מיט געזאַנג.
זייער צאָל איז אָן א רעכענונג,
שלעפט דער שטראָם מיך מיט געוואַלד,
ס׳איז א וווּנדערלעכע צייכענונג
פון א טאַנצנדיקן וואַלד.
כ׳קוק און קאָן מייַן אויג ניט זעטיקן,
אויסגעשניצט און אָפּגעטאָקט
זייַנען פיס געפּוצטע, מעשענע,
ווי לעוואַנע ערעוו טאָג.
ווער וועט זייַן די אויסגעקליבענע?
עפּשער די, וואָס טאַנצט צום טאַקט?
עפּשער די מיטן ריפּטל לימענע
אונטער דער לילאָווער באַק?
מיידלעך, איר געפעלט מיר אלע,
נאָר פון אלע איינע נאָר
איז מייַן אויסדערוויילטע קאַלע,
ס׳איז ניטאָ צו איר קיין פּאָר.
זי — אין קאָנקורס קיין באַטייליקטע,
אָן א גילדענעם בראַסלעט.

ניט קיין געטין, ניט קיין הייליקע,
אָף דער זײַט א פיסטאַלעט
איז איר גאנצע אמוניציע.
אין א פּאָשעט־לײַכטן קלייד,
סעניאָריטע רעוואָליוציע
איבער אלע גאסן גייט.
איז פאראן דען וואָס זיך כידעשן,
ווען איך גיב צום סאָף נאָך צו:
רעוואָליוציע קובינישע —
מאלקע שיינהײַט — דאָס ביסטו.

יִדיש — מ. כאראַז.

---



## פעדער כוזאנגײַ

פּאָלקס-דיכטער פון טשוואשיע. געבוירן אין 1907 אין דאָרף סיקטערמע (טאָטערישע אססר). פארענדיקט דעם קאזאנער פּעדאגאָגישן אינסטיטוט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1924. אָנטײלנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. וווינט אין טשעבאָקסארי.

# פּאָל ראָבסאָן

אָוונט, כ׳האָב די ראדיאָ אײַנגעשלאָסן.
א באקאנט, באגײַסטערט קאָל זיך טראָגט
פונעם לאנד, ווו איצט איז אָנהייב טאָג,
נאָר די נאכט פון אומרעכט איז צעגאָסן.

צו דעם לאנד, וואָס איז דעם זינגער טײַער,
האָט זײַן הייסע בענקשאפט זיך דערוועקט:
«Я другой такой страны не знаю,
Где так вольно дышит человек...»

אָט די שטאָלצע ליד מיר אלע זינגען
מיט אן אופגעמונטערטן געמיט.
און איך וויים: עס וועט א פרײַע קלינגען,
ברודער שווארצער, אויך דײַן נעגער־ליד.

יִדיש — ר. בוימוואָל.

---

## מישע לעוו



געבוירן אין 1917 אין פּאָגרעבישטשע (אוקראַינע). געענדיקט דעם היסטאָרישן פאקולטעט פונעם מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אף וו. אי. לענינס נאָמען. ביים דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע געווען א פּארטיזאנער. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1936. וווינט אין מאָסקווע.

# ווען ניט די פרײַט אײַנס...

### שטילקײַט אפן שלאכטפעלד

כאָטש די שלאכט איז שוין געגאַנגען צו ענד, האָט זי דאָך ניט געוואָלט ארויסלאָזן דעם לעצטן אָטעם. מע האָט געקאָנט מיינען, אז ביידע צדאָדים פארגינען ניט איינער דעם צווייטן די האנאָע א וואלגער צו טאָן זיך אף דער קאלטער פײַכטער ערד — זאָל זײַן אף געציילטע מינוטן — און פארגעסן אין אלץ.

ווידער האָט די קאנאָנאדע זיך צעהילכט, ווי פאר אן אָנגריף, און גאָר אומגעריכט זיך פארכלינעט; דערנאָך אינגאנצן אנשוויגן געוואָרן. שטיל איז געוואָרן אפן שלאכטפעלד. צום אויער דערטראָגן זיך גאָר נײַע קלאנגען. ערגעץ טוט א שאָרך דאָס זאמד, וואָס שיט זיך צוריק פונעם ברוסטווער אין אָקאָפּ ארײַן... א ביסל ווײַטער בעט עמעצער שטילערהייט: „א טר-ו-נק...“ פונעם ברעג וואלד, עטלעכע הונדערט מעטער פונדאנען, דערהערט זיך אזא היימיש קאָל — „פּאָשלא, דורא, פאָשלא“, — אז טיף אין הארצן טוט עפּעס א צאפּל...

אף אלץ וואָלט מען זיך דאָ געקאָנט ריכטן, נאָר ניט אף אָט דעם זאָקן מיט דער קו. גלײַך ווי ס׳וואָלט גאָר קיין מילכאָמע ניט געווען אף דער וועלט, שלעפּט ער זיך מיט איר ארום און טוט זי אלעמאָל א טרײַב געמיטלעך: „פּאָשלא, דורא, פאָשלא“.

דער ראנד פונעם הימל איז טונקל געוואָרן. ערגעץ ווײַט האָבן זיך באוויזן פײַער-צונגען. א קאלטער ווינט האָט געבראכט מיט זיך דאָס גערוך פון שטענדיק גרינעם מאָך און פארוועלקטן גראָז, דאָס טערפּקע גערוך פון טיפן הארבסט.

דאָס איז געווען אין אָקטיאבער 1941, קארגע הונדערט קילאָמעטער פון מאָסקווע.

מיר, רעשטלעך פון א צעקלאפּטן קורסאנטן-באטאליאָן, צוזאמען מיט דרײַ צענדליק רויטארמייער פון פארשיידענע טיילן, האלטן אײַן א קליין דערפל אין סוינעם הינטערלאנד. פּאראן בא אונדז עטלעכע קוילנווארפערס, נאָר קוילן — שפּאָט ווייניק. צו אונדז האָט זיך פארייניקט א גרופּע ארטילעריסטן מיט הארמאטן, אָבער קימאט אָן סנאריאדן. שוין דעם עלפטן טאָג, אז מיר באקומען ניט קיין פּראָדוקטן. ניטאָ קיין איין מעדיקער, די צאָל פארוואונדעטע וואקסט.

פעדיע פּימענאָוו, ניקאָלײַ סערגייעוו און איך ליגן אפן דיל אין א פארלאָזטער כאטע. מיר דרייען זיך פון זײַט אף זײַט און, ניט געקוקט אף דער מידקײַט, קאָנען מיר ניט אײַנשלאָפן: עס נאָגט אונטערן לעפעלע, דער מאָגן איז פוסט...

דער ערשטער איז אײַנגעשלאָפן פעדיע. אויך איך וויים שוין ניט, וווּ איז די גרענעץ פון וואָר און טרוים, אלץ איז, ווי אין א געדיכטן נעפל. נאָך א מינוט און... די טיר עפנט זיך מיט א גרילצנדיקן סקריפּ. מע רופט אויס מײַן פאמיליע. ווי גוט וואָלט געווען, ווען דאָ זאָל נאָך עמעצער האָבן אזא פאמיליע, ווי איך.

עס רופט מיך ארויס דער עלטערער לייטענאנט איוואשין — דער קאָמאנדיר פון אונדזער ראָטע.

מע מוז גלײַך גײן.

איך קלאפּ אָן אין טיר.

— ארײַן!

— כאווער עלטערער לייטענאנט! געקומען לויט אײַער באפעל!

איוואשין קוקט אף מיר מיט זײַנע גרויסע בלויע אויגן, ווי גלײַך ער וואָלט מיך צום ערשטן מאָל געזען. מיר דאכט, אז ער האָט זיך אפילע פאר די לעצטע טעג קימאט ניט געענדערט. אָט אזוי האָט ער אויסגעזען, ווען ער פלעגט דורכפירן די לימודים פון טאקטיק...

ער ווײַזט אף מיר און זאָגט צום לייטענאנט:

— אָט ער וועט זײַן דער פּערטער אין דער גרופּע. אײַער אויפגאבע: זיך דערקלײַבן צום שטאב פונעם פארפעסטיקטן ראיאָן, וואָס געפינט זיך אָט דאָ, — באווײַזט ער אף דער קארטע, — אויב עס וועט זײַן א באפעל אָפּצוטרעטן, דארפט איר זיך אומקערן ניט שפּעטער, ווי פינף אזייגער, קעדיי מיר זאָלן ביז פארטאָג נאָך קאָנען דערקלײַבן זיך צום וואלד.

...אומגעקערט האָבן מיר זיך, ווען אין הימל, וואָס האָט זיך אָפּגערייניקט פון די וואָלקנס, האָבן נאָך שעמערירט קאלטע שטערן. קיין באפעל אָפּצוטרעטן האָבן מיר ניט באקומען. זיצן מיר באם קאָמאנדיר פון דער ראָטע איוואשינען אין דזאָט. ערשט איצט האָט מען זיך געכאפּט, אז באם סאמע ארײַנגאנג פון דזאָט שטייט א גרויסער אלטער דעמב, גאָר ניט קיין שלעכטער אָריענטיר פאר די דײַטשישע פּליִער, פאר זייערע ארטילעריסטן און מינענווארפער. איוואשין שיקט איינעם א קורסאנט אין דאָרף נאָך א זעג.

איך באמערק: אף זײַן פּנים האָבן זיך באוויזן דינע קנייטשעלעך...

פארוואָס די היטלעראָווצעס האָבן אונדז גלײַך ניט ארומגערינגלט, נאָר געלאָזט זיך, ווי אף א פּאראד, אין אטאקע אפן דאָרף, וווּ אלץ — דער וועג, דאָס בריקל און יעדע סטעזשקע — איז אפריִער נאָך געווען גענומען אפן ציל, איז שווער צו באנעמען. און דאָס האָט זיי טאקע געקאָסט טײַער.

ערשט נאָך דער דריטער אטאקע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אײַנצײַטיק פון אלע זײַטן, האָט זיך די דײַטשן אײַנגעגעבן ארויסשלאָגן אונדזער באטאליאָן פון די אָקאָפּעס. די לעבנגעבליבענע קורסאנטן זײַנען איינציקווײַז אריבערגעלאָפן אין דזאָט. דעם ארײַנגאנג האָבן פארטיידיקט די ארטילעריסטן. סטעפּאנאָוו, דער פּארטאָרג פון באטאליאָן, פּימענאָוו, סערגייעוו און איך האָבן זיך געשטעלט מיט א האנט-קוילנווארפער בא איינער פון די אמבראזורעס. אליין איוואשין האָט צעטיילט די לעצטע פּאטראָנען. עס האָט זיך באקומען צו צען קוילן אף א ביקס און צו דרײַסיק — אף א קוילנווארפער. אויסער דעם האָבן מיר נאָך געהאט אכצן גראנאטעס, דרײַ פולע דיסקן פאר איוואשינס אווטאָמאט און בא א צענדליק אָנגעלאָדענע נאגאנען און פּיסטאָלעטן.

מיט א ווילדן געשריי האָבן די פאשיסטן זיך א לאָז געטאָן צו אונדזער דזאָט. דאָס איז געווען די לעצטע אטאקע, וואָס מיר האָבן אָפּגעשלאָגן.

פון מויל האָט בא מיר א גאָס געטאָן בלוט. קיין ווייטעק פיל איך ניט. אין דער רעכטער באק טאפּ איך אָן א שפּליטער. איך קוק זיך ארום: לעבעדיקע זײַנען פארבליבן עפּשער צען מענטשן. אונדזערע קוילנווארפערס שווײַגן. איוואשינס אווטאָמאט וואלגערט זיך אפן דיל. אין דער האנט האלט ער א פּיסטאָלעט.

די היטלעראָווצעס האָבן אהער אונטערגעצויגן זייער ארטילעריע און שיסן אָן אויפהער. אזוי קאָנען מיר לעבעדיקערהייט באגראָבן ווערן אונטער די קלעצער פונעם דזאָט. עפּעס האָט מען אונדז אהער ארײַנגעשלײַדערט אזעלכעס, פון וואָס עס איז געוואָרן שטארק פינצטער. דער רויך שטיקט אין האלדז. עמעצער שרײַט:

— שיסט אין טיר ארײַן!

נאָר די טיר פּראלט אוף, און עס רײַסן זיך ארײַן די היטלעראָווצעס...

זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט לענגויס דער וואנט פון דזאָט. דער ערשטער האָט זיך געלאָזט צום ארויסגאנג אונדזערער אן ארטילעריסט. ער האָט באוויזן מאכן בלויז א פּאָר שפּאן, ווי אין אים האָבן אײַנצײַטיק אויסגעשאָסן עטלעכע פאשיסטן. עס איז צוגעפאָרן א לאסט-מאשין. מע האָט אוועקגעפירט אף איר איוואשינען. א דײַטשישער אָפיצער האָט א ווײַז געטאָן אף אונדזער פּארטאָרג איוואן ניקיפאָראָוויטש סטעפּאנאָוו:

— יודע!

מע האָט אים גלײַך דערשאָסן.

עראָפּלאנען מיט שווארצע קרייצן אף די פליגל פליִען איצט נידעריק-נידעריק. זיי מאכן עטלעכע קרײַזן ארום אונדזער געוועזענער פּאָזיציע. א הויכער, געזונטער היטלעראָוועץ מיט ברייט צעשטעלטע פיס פארײַסט דעם קאָפּ צום הימל און שמייכלט, באווײַזנדיק א פול מויל מיט ארײַנגעשטעלטע ציינער.

דער האלב-רויִנירטער קלויסטער, וווּהין מע האָט אונדז פארטריבן, איז געווען געפּאקט מיט קריגסגעפאנגענע. ס'איז אזא ענגשאפט, אז עס קלעקט ניט קיין אָרט אוועקצוזעצן אפילע די שווער-פארווונדעטע.

ניקאָלײַ סערגייעוו האָט זיך דערמאָנט, ווי אזוי מע האָט דערשאָסן דעם פּארטאָרג. פּימענאָוו האָט א ווײַלע געשוויגן, דערנאָך שטיל א זאָג געטאָן:

— גיכער קאָן מען מיך אָנעמען פאר א ייִדן!

סערגייעוו האלט אין איין איבערכאזערן:

— מירן זיך האלטן אינײינעם, נאָר אינײינעם...

פארטאָג האָט זיך אויפגעעפנט די טיר און ס'האָט זיך ארײַנגעריסן א כאָפּטע היטלעראָוו-

צעס. זיי האָבן געזוכט שטיוול. גוטע רוסישע שטיוול. קוים האָבן זיי אָנגעוויזן אף עמעצן, און יענער האָט ניט אזוי געשיקט זיך אויסגעטאָן, האָבן זיי אים געשלאָגן מיט די פיס אין בויך, אין דיך ארײַן.

דער קאָנוואָיר האָט עפּעס א זאָג געטאָן צו די מאראָדיאָרן, און יענע האָבן זיך אפגיך אָפּגעטראָגן מיטן ביסל גוטס.

אין קלויסטער איז ארײַנגעקומען א דײַטשישער אָפיצער, נאָך אים א פרוי אין א רוסישן שינעל. די פרוי האָט געמאָלדן:

— פארווונדעטע און קראנקע, גייט ארויס. אײַך וועט מען אָפּפירן אף מאשינעס.

עס האָט זיך אָנגעהויבן א טומל, א שטופּעניש, נאָר צום ארויסגאנג האָט זיך קיינער ניט געלאָזט. די פארווונדעטע, וואָס זײַנען געווען נעענטער צו דער טיר, האָט דער דײַטשישער אָפיצער געהייסן ארויספירן.

די פרוי האָט זיך גענומען דורכשטופּן נעענטער צו אונדז. מיר האָט זיך געדוכט, אז עפּעס זאָגט זי נאָך, אָבער וואָס — איז אוממעגלעך געווען פאנאנדערצוקלײַבן. ווען זי איז צוגעגאנגען נאָענט, האָב איך דערזען אירע אײַנגעפאלענע אומרויִקע אויגן און דערהערט דאָס, וואָס זי האָט געהאלטן אין איין איבערכאזערן שטילערהייט:

— מע וועט אײַך שיסן... שיסן...

די נאכט האָט אונדז ניט אָפּגעפרישט, דער קאָפּ איז ווי אָנגעגאָסן מיט בלײַ. און אליין בין איך, ווי אן אָנגעצויגענע סטרונע.

— אפּ! אפּ! — יאָגט מען אונדז פון קלויסטער אין הויף ארײַן.

— שנעלער! שנעלער! — טרײַבן אונטער מיט די ביקסן די וואכלײַט, וואָס שטייען באם ארויסגאנג. מע שלאָגט אויך מיט גומענע טרײַבלעך פון גאז-מאסקעס און דערבײַ שרײַט מען:

— האלט! האלט!

יעדערן ווילט זיך דורכגיין אזוי, אז ער זאָל ניט כאפּן קיין קלעפּ, שטופּט מען איינס דעם צווייטן, און אף די פאָדערשטע שיט זיך א האָגל פון קלעפּ.

אינדרויסן איז אן עסעריקע קעלט. דעם טאָל און דעם ברעג וואלד האָט פארצויגן מיט א נעפּל. דאָס פארוועלקטע גראָז לענגויס דעם פּארקן איז ווײַס פון פראָסט. די געלע בלעטער, וואָס וואלגערן זיך אף דער ערד, זײַנען צונויפגעקאָרטשעט, פארדרייט אין טרײַבלעך און ארומגעזוימט מיט ווײַסן אויסגעניי.

אין א זײַט שטייען צוויי דײַטשישע אָפיצערן מיט א טאָפּאָגראפישער קארטע אין די הענט. פאר זיי איז דאָ אלץ — דאָס דאָרף, די לאָנקע, דער וואלד און דער טײַך — פארהאסט, פרעמד.

אונדזער קאָלאָנע האלט אין איין וואקסן. אהער, צום קלויסטער, טרײַבט מען נײַע און נײַע גרופּעס געפאנגענע.

אין איינער א גרופּע דערזע איך איוואשינען. מיר דאכט, ער האָט מיך אויך באמערקט און אפילע א ווונק געטאָן צו מיר. ער איז אָן א רימען, נאָר דערפאר איז ער דער איינציקער קאָמאנדיר, וואָס האָט פארהיט די קוביקעס אפן קעלנערל פון דער גימנאסטיאָרקע. אפן האַלדז איז ווארעמער געוואָרן: דער קאָמאנדיר איז מיט אונדז! קוקנדיק אף זײַן געזעצטער פיגור, אף די פארפרעסטע ליפּן, אף די שטרענג צונויפגעצויגענע ברעמען איבער די באטריבטע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט אופמערקזאם, נאָר מיט כשאד, האָט אין מיר אופגעוואכט א שטיקל האָפענונג אף רעטונג.

דער דײַטשישער לייטענאנט האָט א ווײַז געטאָן מיט דער האנט אף איוואשינען:

— אָבערלויטנאנט, ארויס פון דער ריי!

ער איז ארויס. אין דעם גאנצן שטיין און גיין זײַנעם איז איצט שווער געווען דערקענען דעם אונטערגעצויגענעם קאָמאנדיר פון דער בעסטער קורסאנטן-ראָטע.

— אָבערלויטנאנט, איר וועט גיין צוזאמען מיט מיר און איבערכאזערן מײַן קאָמאנדע!

— איך וועל דאָס ניט טאָן!

הונדערטער מענטשן האָבן אופגעהויבן די קעפּ, אויסגעגלײַכט די פּלייצעס. מע האָט געקוקט אף אים מיט שטאָלץ.

— וואָס? — דער דײַטשישער לייטענאנט האָט אראָפּגעצויגן די הענטשקע, גענומען אָפּשפיליען די קאָבורע, נאָר דער איבערזעצער איז אים פארלאָפן דעם וועג. ער האָט דערלאנגט איוואשינען אזא קלאפּ, אז יענער איז אומגעפאלן ערגעץ אין סאמע מיט פון דער קאָלאָנע. דעם לייטענאנט האָט מען אין יענער מינוט א רוף געטאָן צו דער מאשין, וואָס איז אהער צוגעפאָרן.

פּימענאָוו, סערגייעוו און איך האָבן שוין איצט באוואָרנט, אז איוואשין זאָל ווערן ניט צום דערקענען: די קוביקעס פונעם קעלנערל אראָפּגעטרענט, דאָס היטל פארביטן אף א פּילאָטקע און דאָס אופגעלאָפּענע אויג איבערגעבונדן מיט א שטיק לײַוונט, וואָס פּימענאָוו האָט ארויסגעריסן פון דער קעשענע פון זײַן שינעל.

## אונטער דער שילד פון „רויטן קרייץ”

דער ערשטער גרויסער לאגער, וווּהין מע האָט אונדז פארטריבן, איז געווען אין סוכיניטשי. צו דער שטאָט זײַנען מיר צוגעקומען, ווען עס איז שוין געווען גוט פינצטער. נאָך פון דער ווײַט האָבן זיך געזען א סאך שײַטערס. מיר האָבן דערהערט א טומל פון הונדערטער שטימען. מענטשן האָבן געקרעכצט, געוויינט, גלאט געשרײַען, און דאָס אלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין אומופהערלעכן הו-הא! הו-הא!

מיר גייען צום לאגער איבער שמאָלע געסלעך, און אף יעדן ראָג בריט מיך דער געדאנק:

אנטלויפן! צי איז איצט ניט די סאמע צײַט צו לויפן? מעגלעך, אז איך האָב אפילו פארלאַנגזאמט דעם שפּאן, ווײַל איוואשין האָט מיר לײַכט א נעם געטאָן אונטער דער האנט און קוים באמערקבאר א צי געטאָן צו זיך. ער איז קעגן...

ווי נאָר די קאָלאָנע איז אָנגעקומען אין סוכינימשער לאַגער, האָבן מיר זיך, ווי לויט א קאָמאנדע, גענומען פאר די הענט און שטיין געבליבן. פון איין שערענגע האָט מען איבערגעגעבן אין דער צווייטער:

— ניט פאנאנדערגיין זיך, ביז מע וועט ניט געבן עפּעס עסן.

די פאשיסטן האָבן אונדז געפּרווט פארטרײַבן אין די באראקן. א סאך פון די, וואָס זײַנען געשטאנען אין די פאָדערשטע רייען, זײַנען פון די קלעפּ אומגעפאלן. נאָר קיינער איז ניט אָפּגעטראָטן, ביז צום הימל האָט זיך געריסן דאָס געשריי:

— ברויט! ברויט!

די געפאנגענע, וואָס האָבן זיך געוואָרעמט ארום די אומצאָליקע שײַטערס, זײַנען אופגעשפּרונגען פון די ערטער און זיך געלאָזט צו אונדז מיט א טומל. נאָך גרויזאמער האָט זיך געטראָגן דאָס געברום:

— ברויט! ברויט!

די היטלעראָווצעס האָבן אָנגעהויבן שיסן. עס איז אוועק א שטופּעניש אף אומקומען. אין דעם הו-הא האָבן מיר פארלוירן איוואשינען.

נאָך לאַנג זײַנען מיר אינדרויסן דערנאָך ארומגעגאנגען איבערן לאַגער און געשריִען:

— איוואשין! וואסילי! באטיא!

איך פארשטיי, אז נאָך עטלעכע טעג, און איך וועל זיך שוין ניט קאָנען אופהייבן פון אָרט. ווײַזט אויס, אז דערמלט אין דזאָט האָב איך פארלוירן א סאך בלוט. אין דיך זיצט א שפּליטער, וואָס פארשאפט מיר שרעקלעכע ווייטעקן בייסן גיין. איך קוק אף סערגייעוון — דעם גוואר אונדזערן. ערשט ניט לאַנג האָבן זײַנע באקן זיך גערויטלט, און איצט איז בא אים אין פּנים ניטאָ קיין טראָפּן בלוט. אונטער די אויגן — צוויי קישעלעך, די ליפּן זײַנען צעפּלאצט. נאָר איין פּימענאָוו שטייט נאָך פעסט אף די פיס. אין זײַנע שמאָלע מאָנגאָלישע אויגן באווײַזט זיך אפילו ווען-ניט-ווען אן אָנדײַט אף א שמייכל. ווער האָט זיך עס אזוינס געקאָנט ריכטן אף דעם קליינינטשקן, דארן פעדיען, וועגן וועלכן אונדזער סטארשינא פלעגט זאָגן, אז אין ארמיי איז ער נאָר אלפי-טאָעס.

אפן גאנעק פון הויז האָבן זיך באוויזן עטלעכע פאשיסטישע אָפיצערן. איינער פון זיי, ווײַזט אויס, א ווײַסגוואַרדייער, ווענדט זיך צו אונדז אף רײַן רוסיש. ער וואָרנט: — יעדער באפעל וועט איבערגעכאזערט ווערן דרײַ מאָל.

— יידן, ארויס פון דער ריי!

עטלעכע געפאנגענע האָבן א שפּאן געטאָן פאָרויס. די היטלעראָווצעס האָבן גענומען נישטערן צווישן די רייען. לעבן אונדז איז געשטאנען א מענטש, אָנגעשפּארט אף א שטעקן. אפן קאָלנער פון זײַן שינעל האָבן זיך געזען שפּורן פון „שפּאלעס", צו אים האָט זיך געלאָזט דער ווײַסגוואַרדייער.

— הער קאפּיטאן, איר גייט אויך ארויס פון דער קאָלאָנע.

ער האָט אים א צי געטאָן צו זיך און אוועקגעשלײַדערט אף די שטיינער, לאַנגזאם אויסגעווישט די הענט מיטן נאָזטיכל און צווישן די ציין א ברום געטאָן:

— הע-ר-ר...

דאָס דאָזיקע וואָרט האָב איך ביז אהער געהערט נאָר פון דער בינע און אין קינאָ, אויסגעלייענט עס אין ביכער. נאָר ערשט איצט האָב איך פארשטאנען דעם עמעסן באטײַט פון דעם...

קימאט אלע, וואָס זײַנען ארויסגעגאנגען פון דער ריי, האָבן אויסגעזען אזוי, אז מע וואָלט אלציינס דערקענט, אז זיי זײַנען יידן. לעבן מיר האָט מען שוין עטלעכע מאָל געגנישטערט. נאָר דערווײַל האָב איך ניט ארויסגערופן קיין כשאר. אָן א זײַט האָט מען געשאָפן קאָמוניסטן פון אונדזער קאָלאָנע. מע האָט געמאָלדן, אז דער, וואָס ווייסט וועגן א יידן און וועט אים ניט ארויסגעבן, וועט אויך דערשאָסן ווערן. איך האָב זיך א ריס געטאָן פון אָרט, נאָר פּימענאָוו און סערגייעוו האָבן מיך אָנגעכאפּט פאר די הענט.

עס איז געוואָרן טויט-שטיל. מיטאמאָל האָט זיך דערטראָגן אן אויסגעשריי:

— טשעפּע מיך ניט! טשעפּע מיך ניט, זאָג איך דיר!

אלע האָבן אויסגעקערעוועט די קעפּ. פון אָנהייב האָב איך ניט געזען דעם, וואָס האָט געשריען, אים האָט פארשטעלט א הויכער היטלעראָווער. דער ווײַסגוואַרדייער האָט זיך א לאָז געטאָן אהין, נאָר דאָס זעלבע קאָל וואָרנט:

— זאָלסט זיך ניט דערוועגן צוגיין, פעל איינע!

צווייען האָבן אים קאָנוואָירט. אלע האָבן געזען: ניט ער, נאָר זיי היטן זיך פאר אים און האַלטן זיך אין א זײַט, אף א היפּשן מעהאלער.

— בינדן!

איצט איז ער געשטאנען מיט געבונדענע הענט, אין א קורצן רויטארמייִשן בושלאט, ניט קיין הויכער, מיט שמאָלע פּלייצעס. נאָר ווען דער ווײַסגוואַרדייער האָט אים א זעץ געטאָן מיטן פויסט אונטערן קין, האָט ער זיך בלויז א וואקל געטאָן און א קוק געגעבן אף אים מיט אזא בליק, אז יענער האָט אינסטינקטיוו געמאכט א טראָט צוריק.

איינס איז מיר געווען אומפארשטענדלעך, פארוואָס שיסן זיי אים ניט?

איך האָב געפּרווט ארויסרײַסן די הענט, לאָזן זיי מיך ניט, מײַנע פרײַנט. פּימענאָוו שעפּטשעט:

— ביסט מעשוגע?

און סערגייעוו אין צווייטן אויער:



3—3128

— וועסט אויך אונדז אומברענגען.

נאָר מיר איז שוין קלאָר — אלציינס וועל איך ניט אויסהאלטן... מיט די לעצטע קויכעס רײַס איך זיך ארויס און לאָז זיך לויפֿן אהין, וווּ עס שטייען שוין עטלעכע צענדליק געפאנגענע — ייִדן.

איך שטעל זיך אוועק לעם באָכער אין קורצן בושלאַט, ער איז אין מײַן עלטער. איך פרעג אים:

— וויאַזוי איז דײַן פאמיליע? ווער ביסטו? פון וואנען?

— קליינמאַן, — ענטפערט ער מיר. — א שאָפער פון הינטער קיִעוו. נאָר דאָס איז שוין ניט וויכטיק.

איך ווייס ניט, וואָס האָבן אויסגעדריקט מײַנע אויגן, נאָר האלטן דעם קאָפּ אזוי שטאָלץ, ווי ער, האָב איך ניט געקאָנט. איינער פון די דײַטשישע אָפיצערן האָט א טיטשע געטאָן אין מיר מיט א פינגער און געפרעגט:

— יודע?

איך ענטפער אף רוסיש:

— יאָ, איך בין א ייִד.

— אפּ! אפּ! — צעטרײַבט מען די קאָלאָנע. אונדז פירט מען אוועק צום הויז, וווּ עס געפינט זיך דער לאַזארעט. איבער דער טיר הענגט א פאניר־ברעטל, אף וועלכן עס איז אָנגעמאָלט א רויטער קרייז. אונדזערע קאָנוואָירן זײַנען דער וויַסגוואַרדייער, א דײַטשישער סאָלדאַט, וואָס איז באוואָפנט מיט אן אווטאָמאַט, און א פּאָליצײַ. דאָס איז דער ערשטער פּאָליצײַ, וואָס איך האָב ווען־עס־איז געזען. קיין געווער האָט ער ניט געטראָגן, נאָר אין דער האנט האָט ער געהאלטן א גומי־טרײַבל און פון אונטערן רימען האָט ארויסגעשטעקט א מעסער אין א שיידל.

קליינמאַנען האָט אוועקגעפירט דער היטלערָאָווער מיטן אווטאָמאַט. איך בין געווען אין דער ערשטער שערענגע, אונדז האָט מען באַפוילן ארײַנגיין אין דער געבײַדע אייַנציקווײַז. און אָט שטיי איך אין א קליין צימערל פונעם ערשטן שטאָק. דאָ איז, ווײַזט אויס, געווען א באָד אָדער א וועשערײַ. אפן דיל ליגן הילצערנע שטאַכעטלעך, בא דער וואנט שטייען צוויי בענק.

דער וויַסגוואַרדייער הייסט מיר אויסטאָן דעם שינעל, די פּילאָטקע, די גימנאַסטיאָרקע. איך טראָג צוויי גימנאַסטיאָרקעס, די אונטערשטע איז שטארק צעריסן. ער באַטאַפּט מײַנע קעשענעס און נעמט ארויס פון דאָרט א קאָמפּאַס, א בינט און צען רובל געלט.

איך קאָן זיך ניט מויכל זײַן, וואָס איך האָב ניט איבערגעגעבן פעדיען דעם קאָמפּאַס, אים וואָלט ער נאָך עפּשער געקאָנט צוניץ קומען.

דער היטלעראָווער נעמט ניט אראָפּ די אויגן פון מײַנע שטיוול, כאָטש פון דעם רעכטן איז די פּאָדעשווע אָפּגעריסן און צוגעפּעסטיקט מיט א דין פארזשאַווערט דרעטל. ער באַפוילט מיר אראָפּצוציִען די שטיוול. איך בלײַב אין איינע אָנעטשעס. קעדיי זיי ניט פארלירן, פארבינד איך זיי מיט דעם דרעטל.

— ארויס פון דאַנען! — זאָגט דער היטלעראָווער.

„אָט באלד, — טראַכט איך, — וועט ער אויסשיסן אין מיר”. נאָר דער פּאראַבעלום איז בא אים נאָך דערווײַל אין קאָבורע. און דאָך פיל איך, מאַמעש איך ווייס דאָס אָרט, וווּהין די קויל וועט טרעפן. אָט דאָ אין נאַקן. דורכן לײַב לויפט דורך א גרויל. און איך טו פלינק א לויף ארויס פון צימער, ער זאָל ניט באוועַזן ארויסכאַפּן דעם פּאראַבעלום.

בא דער פּאָרענטשע פון די טרעפּ, וואָס פירן אַפן צווייטן שטאָק, שטייט א פּאָליציימאַן און קוקט ארויס צו די געפאנגענע, וואָס ווארטן, מע זאָל זיי אויסרופן. פון אייבערשטן שטאָק לאָזט זיך אראָפּ איינער א געפאנגענער, אף זײַן ארבל דערזע איך א בענדל מיט א רויטן קרייץ.

— ווער ביסטו? — פרעגט ער מיך.

איך שווײַג.

— ווער איז ער? — פרעגט ער שוין באַם פּאָליצײַ.

— ער זאָגט, אז א ייִד, — ענטפערט ער, ניט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ.

— ער איז אזא ייִד, ווי דו ביסט א ייִד! פון שרעק איז ער אראָפּ פון זינען...

אראָפּגעלאָזט זיך פון די לעצטע טרעפּלעך, האָט דער מענטש מיטן רויטן קרייץ א קוק געטאָן אף מיר און, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, שטילערהייט געזאָגט:

— הער זיך אײַן, וואָס מע רעדט צו דיר, קיין ייִדן שיסט מען דאָ ניט, טו א קוק אהין, אָט הינטער יענע באראַקעס זײַנען פאראַן טיפע גריבער. פריִער האָט מען דאָרט געהאלטן קארטאָפל, דערנאָך זײַנען עס געווען אָפּטריט־ערטער. אָט אהין וועט מען דיך ארײַנוואַרפן. דאָרט וועסטו שטיין ביזן האלדז אין איפּעש. איך בין א דאָקטער און קאָן גאראַנטירן, אז פאר איין נאַכט וועסטו ניט שטארבן. הערסט, ווי זיי שרײַען? דו הערסט?! — האָט ער מיך אָנגענומען פאר דער האנט.

איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען פּימענאָוון און סערגייעוון, וואָס האָבן נאָכגעשפּירט נאָך מיר.

קאָלזמאַן דער דאָקטער האָט גערעדט, איז דער פּאָליצײַ געשטאַנען און זיך ניט גערירט פון אָרט. אָבער ווי נאָר יענער האָט מיך אָנגענומען בא דער האנט, האָט ער אים אָפּגעשטופּט.

— פארנעם זיך פונדאַנען! צו דיר האָט עס קיין שײַכעס ניט. אויב דו וועסט ניט אוועקגיין, רוף איך גלײַך דעם שעף.

פּימענאָוו און סערגייעוו האָבן זיך דערנעענטערט צו מיר אף עטלעכע שפּאַן. ווען דער פּאָליצײַ האָט זיך פארקוקט אָן א זײַט, האָב איך געגעבן א צייכן, אז זיי זאָלן ניט אוועקגיין. זיי האָבן מיך געוויס פארשטאַנען.

דער לעצטער ייִד איז ארויסגעגאַנגען פון דער געבײַדע, ווען עס האָט גענומען טונקל ווערן. דער וויַסגוואַרדייער האָט געזאָגט דעם פּאָליצײַ:

— וועסט זיי אליין אָפּפירן.

איצט גיי איך דער לעצטער. אלע איבעריקע געפאנגענע, כוץ אונדזער קליינער גרופּע, זײַנען שוין אין די באראקעס. אָט דערזע איך סערגייעוון, ניט ווײַט פון אים אײַלט פּימענאָוו. איך הער, ווי ניקאָלײַ זאָגט דעם פּאָליצײַ:

— אָט דעם באָכער, — ווײַזט ער אָן אויף מיר, — לאָז אָפּ.

— און אז ניט?

אין איין אויגנבליק פאלט דער פּאָליצײַ, ווי אן אונטערגעשניטענער. מיר איז גוט באוווּסט די קראפט פון ניקאָלײַס האנט... ניט אזוי גיך וועט דער פּאָליצײַ קומען צו זיך...

מיר לויפן אָן אָטעם. דער ערשטער — פּימענאָוו, איך אינמיטן. מיר פּרוּוון זיך ארײַנשטופּן אין איין באראק, אין א צווייטן, — אומזיסט די טירבע. שוין פאמע פון דער טיר איז אָנגעפאקט מיט מענטשן. פארסאָפּעטע, לאָזן מיר זיך צו א באראק, פונוואנען עס זײַנען נאָרוואָס ארויס עטלעכע געפאנגענע. זיי האָבן זיך אָנגעשפּארט אין א וואנט און געגומען ראשיק ארײַנעטעמען אין זיך די קאלטע, פרישע לופט.

— נאָך א ביסל, און איך וואָלט דערשטיקט געוואָרן, — קלאָגט זיך איינער, — בעסער דאָ שטארבן, אײדער זיך אומקערן צוריק...

ערגעץ הינטער אונדז דערהערט זיך א צעצויגענער, לאנגער פײַף. סערגייעוו מאכט זיך א וועג. זײַן באסאָווע שטים דערלאָזט ניט קיין דערווידערונג:

— אנו, פּאָלונדרא, מאכט א ווארע דער פּעכאָטע! — און נאָך אײדער עמעץ באווײַזט זיך ארומקוקן, ווער עס באלעבאטעוועט אזוי, צעשמוּפּט ער אלעמען מיט די עלנבויגנס און מיט די אקסל אויף רעכטס און אויף לינקס.

אין דער טיף פון באראק איז עטוואָס געראמער. מײַנע כאַווײרים באגיסן זיך מיט שווייס. און בײַ מיר טרעפט נאָך אַלץ ניט א צאָן אויף א צאָן.

— מוט נאָר א קוק, — באווײַזט סערגייעוו מיט דער האנט אין דער הייך. אויף די קראָקוועס זיצן האלב נאקעטע מענטשן און לויזן זיך. פון א גרויסן געפלאָכטענעם קייש, וואָס איז צוגעבונדן מיט א שטריק צום באלקן, שטעקן ארויס א פּאָר באָרוועסע פיס. ווי אזוי האָט זיך דער מענטש אהין פארקליבן און ווי אזוי וועט ער פון דאָרט ארויסקריכן, — איז שווער צו באנעמען. די לופט איז אזוי געדיכט, אז מיר כאפּן קוים איבער דעם אָטעם. איינס פרייט אונדז אָבער: ביז פארטאָג וועט אונדז קיינער דאָ ניט זוכן.

פּימענאָוו האָט אויף מיר ארופגעוואָרפן זײַן שינעל, צעבונדן מײַנע אָנעטשעס און ביז שארפן ווייטעק מיר איינגעריבן די פיס.

— זע, — האָט ער זיך געוווּנדערט, — און איך בין געווען זיכער, אז זיי וועלן אָפּפירן בײַ דיר... דו האָסט ניט באמערקט, — טוט ער א פרעג, — די איבעריקע האָבן באוויזן אנטלויפן?

— ניין, — ענטפער איך, — איך האָב ניט באמערקט...

— ווען וואָס, — פרעגט ער, — האָסטו גערעדט מיטן באָכער אינעם בושלאט?

— איך האָב זיך דערוווּסט, אז זײַן פאמיליע איז קליינמאן, א שאָפער איז ער, פון הינטער קיעוו.

— ווען זיי האָבן אים אוועקגעפירט, — דערציילט פעדיע, — זײַנען מיר, איך מיט קאָליען, אים נאָכגעגאנגען און אַלץ געזען. א לעבעדיקן האָט זיך טאקע זיי ניט אײַנגעגעבן אים ארײַנוואַרפן אין גרוב. ער האָט זיך אזוי לאנג געווערט, ביז איינער א פאשיסט האָט אים דערשאָסן און ערשט נאָכדעם ארײַנגעוואָרפן. — קליינמאן, זאָגסטו, איז זײַן פאמיליע? — בײַ פעדיען האָבן א בלישטשע געטאָן די אויגן. — איך וועל עס פארגעדענקען... אומבאדינגט פארגעדענקען...

מײַנע כאַווײרים האָבן אָפּגערעדט, אז אין דער ריי נאָך באלאנדע זאָל איך זיך ניט שטעלן. פארטאָג זאָל איך זיך אריבערכאַפּן אין ווינקל, וווּ עס ליגן די קראנקע אויף דיזענטעריע, און אפילו ניט ארויסרוקן דעם קאָפּ פון אונטערן שינעל, ביזוואנען מײַנע פרײַנט וועלן מיך ניט א רוף טאָן.

מיר טוליען זיך צו איינער צום אנדערן און ווערן אנשלאָפן.

אָפּזוכן א פרײַ אָרט אין דעם ווינקל, וווּ עס געפינען זיך די קראנקע, איז אוממעגלעך.

בײַ דער וואנט ליגט עמעצער צונויפגעקאָרטשעט. ניקאָלײַ איז שוין עטלעכע מאָל צוגעגאנגען צו אים. צוערשט האָט ער אים לײַכט א טאָרקע געטאָן. דערנאָך אופגעהויבן יענעמס האנט און זי אָפּגעלאָזט. די האנט האָט א פאל געטאָן אָן א סימן פון לעבן.

— דער האָט זיך שוין אָפּגעמוטשעט, — זאָגט סערגייעוו.

ער דעקט אים אײַן מיטן שינעל, וואָס ליגט אין א זײַט, הייסט אונדז, מיר זאָלן אים פארשטעלן, און אליין בייגט ער זיך אָן און פרוּווט אראָפּשלעפּן פון אים די שטיוול. דעם לינקן האָט ער לײַכט אראָפּגעצויגן, ערגער איז מיטן צווייטן. ניקאָלײַ שטעלט זיך אויף די קני, טוט א גוטן צי, און... וואָס מיינט איר איז געשען? דער „טויטער" האָט זיך צעשריען:

— וואָס שלעפּסטו?

ניקאָלײַ איז אָפּגעשפּרונגען. דער „לעבעדיקער מעס" האָט זיך צעשריען העכער:

— דושעהוב! דושעהוב!

עס איז געוואָרן א טומל. עטלעכע מענטשן האָבן זיך א לאָז געטאָן צו אונדז. אפילו ניקאָלײַ האָט זיך פארלאָרן.

— באלד, — האָט ער אונדז געוואָרנט, — וועט מען אונדז ברעכן די ביינער. ענטפערן טאָר מען ניט, עס וועט זײַן נאָך ערגער.

אויף אונדז האָבן זיך אָנגערוקט עטלעכע געפאנגענע.

— ווער האָט געמאַראַדיאָרעוועט? ווער? שלאָג זיי, די פּאַראַזיטן!

כאָטש אונדז האָט ניקאָלײַ געוואָרנט, דאַכט זיך מיר, אַז אַלײן וועט ער אָט-אָט ענטפּעון מיט א קלאַפּ אַף א קלאַפּ. אַנטקעגן אים שטייט א פעטגעבויטער, ניט קיין הויכער מענטש.

— וויאַזוי האָסטו דאָס געקאָנט טאָן? — לאָזט ער זיך צו ניקאָלײַען מיט די פויסטן. איך באַווײַז זיך שטעלן צווישן זיי:

— פרועער הערט אויס און דערנאָך, אויב עס איז פאַראַן פאַר וואָס, — שלאָגט.

פון א זײַט שרײַט מען:

— נעמעק דעם לאַנגן!

— איך בין שולדיק, און ניט ער, — ווענד איך זיך צו דעם, וואָס גרײַפט אָן אַף סערגייעוון.

ווײַזט אויס, אַזוי איז עס שוין: קוים אַנער-קענט עמעצער זײַן שולד, ווילן מענטשן וויסן, אין וואָס זי באַשטייט. איך און פימענאָוו שלאָגן איבער איינער דעם צווייטן.

— מיר זײַנען געווען זיכער, אַז ער איז טויט, — דערקלער איך.

— און אונדזער כאַווער, — באַווײַזט אַף מיר פעדיע, — איז באַרוועס. איר זעט דאָך, אינ-גאַנצן באַרוועס. איז ווי לאָזט מען עס אומקומען א פרײַנט?

דער, וואָס שטייט קעגן סערגייעוון, באַשטע-טיקט: — יאָ, טאַקע באַרוועס, — ער האָט צו-ריק אָנגעטאָן די שטיוול דעם קראַנקן און צוזא-מען מיט אונדז געלאָזט זיך זוכן. פונעם ערשטן מעס, וואָס מיר האָבן געפונען, האָט ער אַלײן אַראָפּגעצויגן די שטיוול און, קוקנדיק דורכדרינג-לעך אַף מיר מיט קלוגע אויגן, זיי מיר דער-לאַנגט מיט די ווערטער:

— נאַ, און פאַרליר ניט מער!

## דער וועג קיין מאָלעוו

אין סאַמע עק פון א לאַנגער קאָלאָנע שלעפּן מיר זיך ווידער איבער א שאָסיי-וועג. איך האַלט זיך נאָך אַף די פיס, ווײַל פון בײדע זײַטן שפּאַר איך זיך אָן אין פעדיע פימענאָוון און ניקאָלײַ סערגייעוון. א טשאַטשע פייגל פליט הויך איבער אונדזערע קעפּ. זיי פאָכען אָן אויפהער מיט די פליגלען, אײַלן אַהין, וווּ עס איז וואַרעם — אַף דאָרעם. אונדז טרײַבט מען אַף מיזרעך.

דער וועג אַף קריטשעוו איז דער לעצטער עטאַפּ, וואָס מיר זײַנען נאָך בעקויעך דורכמאַכן צופוס. ווען ניט די פרײַנט מײַנע, וואָלט איך זיכער א פאַל געטאָן אַף דער ערד און מער שוין ניט אופגעשטאַנען. א גאַנצע נאַכט האָט די פײַכטע קעלט ניט געלאָזט שלאָפן. דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבן באַמערקט גאַנצפרי, איז געווען א גערינכטער מילך-ווײַסער נעפּל, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבערן טײַך. די צוגעפרוירענע ערד איז באַדעקט געווען מיט אַראָפּגעפאַלענע געלע בלעטער.

הײַנט האָבן צום ערשטן מאָל די קאָנוואָירן אונדז ניט אָפּגענאַרט. באַם אַרײַנגאַנג אין קריטשעווער לאַגער האָט מען געטיילט ברויט. די פּײַקעס זײַנען געווען שפּאָט-קליין און שטאַרק שווער. דאָס זײַנען געווען שטיקלעך ברויט, געבאַקן פון קלײַען און קאַרטאָפל. די אייבערשטע קאָרקע, ווי איבערגעטריקנטע ערד, — פול מיט שפּאַלטן און בערגלעך. אונטן — הוילע קוילן און שפּענדלעך. דאָס אינוווייניקסטע, דאָס ווייכע — א טונקל-פײַכטער און קלעפּיקער קוואַטש, וואָס האָט זיך געצויגן, ווי גומי. און דאָך — ברויט. ברויט, וואָס מע קאָן נעמען אין מויל, צעקײַען מיט די ציין, צודריקן צום גומען, דערפילן, ווי עס טוט דיר א דראַפּע דעם האַלדז און דערוואַרעמט דײַן מאָגן.

מיר דאַרפן דורכגיין אונטער א מין פידאַ-שעק, וואָס האַלט זיך אַף הילצערנע סלופּעס. אין דער מיט, אַף א לאַנגער באַנק, שטייען פלייצע-צו-פלייצע צוויי דײַטשן. איינער שפּירט נאָך דער קאָלאָנע, וואָס גייט פון דער רעכטער זײַט, דער צווייטער — נאָך דער אַנדערער קאָלאָנע.

פון בײדע זײַטן געפינען זיך פענצטערלעך. דאָרט ליגן א סאַך פּײַקעס ברויט.

ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער שוועל, האָט דער וואַכמאַן אויסגעדרייט צו אונדז דעם קאָפּ און אויסגעשריען:

— האַלט!

עס איז גאָרניט אַזוי לײַכט זיך אָפּשטעלן, ווען דו פילסט דעם זויער-גערוך פון ברויט. דערצו נאָך שטויסן דיך אין רוקן אויסגע-הונגערטע מענטשן.

— צוריק! — האָט דער היטלעראָווער א גלאָנץ געטאָן מיט די אויגן אַף ניקאָלײַען, וועלכער האָט געהאַט אויסגעצויגן די האַנט צום ברויט. מיר האָבן א שלעפּ געטאָן ניקאָלײַען אַף צוריק, נאָר דער וואַכמאַן נעמט שוין ניט אַראָפּ פון אים קיין אויג. זײַנע פליישיקע ליפּן מאַכן איינע און די זעלבע באַוועגונגען, ער כאַזערט אָן אופהער:

— שווײַן, שווײַן.

דאָס פענצטערל איז פרײַ, מע קאָן שוין צוגיין. נאָר עס דויערט נאָך א היפּשע צײַט ביז דער היטלעראָווער טוט א פאָך מיט דער נאַהײַקע און שרײַט אויס:

— אַפּ! אַפּ!

אַף א בלעך ליגן א סאַך פּײַקעס. און נעמען ווילט זיך די כאַמע גרעסטע. באַ ניקאָלײַען בלאָנדזשען די הענט אַהער און אַהין. נאָר אָט טוט א פײַף די נאַהײַקע. ניקאָלײַ כאַפּט זיך מיט די הענט פאַרן פּאָנעם. צווישן די פינגער רינט בלוט. נאָר ניקאָלײַ טרעט ניט אָפּ פון דעם אָרט, וווּ מע טיילט דאָס ברויט.

אומדערוואַרט טוט זיך א דריי אויס דער צווייטער וואַכמאַן, מיט דעם פיס טוט ער א זעץ ניקאָלײַען אַזוי, אַז ער פאַלט אוים. איצט שנײַדן שוין די לופט צוויי נאַהײַקעס.

מיר, פימענאָוו און איך, טוען א פאַל צו אין פאַרדעקן ניקאָלײַען. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס מיר זײַנען בעקויעך צו טאָן. די צוויי, וואָס האָבן דערלאַנגט די פּײַקעס אָפּן בלעך, זײַנען

צונעלאָפן, אוועקגעשטופּט אונדז און א שלײַדער געטאָן סערגייעוון צו יענע, וועלכע האָבן שוין באַקומען זייער כײַלעק ברויט.

מיר האָבן אויסגעצויגן די הענט צו די שטיק-לעך ברויט, וואָס האָבן אויסגעזען צו זײַן די סאמע גרעסטע. גענומען האָבן מיר, ווי אונדז האָט זיך דערנאָך געדאכט, די סאמע קלענסטע.

מיט די פּײַקעס ברויט האָט מען אונדז דורכגעלאָזט אין לאַגער אַרײַן.

מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין א זײַט, צעטיילט די צוויי פּײַקעס אף גלײַכע דרײַ כאַלאַקים. פעדיע האָט זיך אויסגעדרייט צו אונדז מיט דער פּלייצע און האָט יעדן כײַלעק באַזונדער אַרײַנ-געלייגט אין זײַן פּילאָטקע און געפרעגט:

— וועמען?

— ניקאָלײַען, — האָב איך געענטפערט.

ניקאָלײַ האָט געכאַפּט די פּײַקע און גלײַך אָנגעשטאָפּט א פול מויל מיטן קלעפּיקן ברויט.

— וועמען? — פרעגט פעדיע ווידער.

— דיר!

פעדיע ברעכט אָפּ א קליין שטיקעלע און טראָגט עס פאמעלעך צו צום מויל, קיין ברעקל זאָל ניט פאַרפאַלן גיין.

מער וואַרטן קאָן איך שוין נים. איך כאַפּ מײַן כײַלעק, עס אים אפּגיך אוף און ערשט דאַן דערזע איך, אז אף אונדז קוקן הונגעריקע אויגן פון אַנדערע געפאַנגענע.

קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי אין די שוואַרצע האַלב-פאַרפרוירענע קאַליוזשעס, אין וועלכע מיר זײַנען געשטאַנען, האָבן גענומען פאַלן גרינגע, ווײַסע שנייעלעך.

מאַלעוועך לאַגער פאַר קריגסגעפאַנגענע איז געווען איינער פון די גרעסטע אין ווײַסרוסלאַנד.

אונדז האָט מען גלײַך אוועקגעפירט צום עשאַפאָט, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט פון דעם לאַגער-פּלאַץ פּונקט אַנטקעגן דער קאָמענדאַטור. דאָס איז געווען, אזוי צו זאָגן, די עמבלעם פון לאַגער. דער ווינט האָט געהוידעט א געהאַנגענעם. אָפּן ברעטל בא אים אף דער ברוסט איז מיט פעטע בוכשטאַבן געווען אָנ-געשריבן:

„קוק און פאַרגעדענק! אזוי וועט זײַן מיט יעדן איינעם, וואָס וועט ניט אויספּילן די באַ-פעלן פון דער דײַטשישער קאָמאַנדשאַפט!“

...שוין דער צווייטער טאָג, ווי איך הייב זיך ניט אוף פון ערד און גיי ניט נאָך דער פּײַקע. נעכטן האָט מיר פעדיע געבראַכט א שטיקל ברויט און אין קעסעלע א ביסל וואַסער מיט שאָלעכץ פון קאַרטאָפל.

איך האָב באַמערקט: עפּעס איז צווישן פימענאָוון און סערגייעוון פאָרגעקומען. ניקאָלײַ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ער קוקט ניט אין די אויגן. פעדיע איז הײַנט ווידער געקומען אליין און געבראַכט א שטיקל ברויט און א ביסל באַלאַנדע. אָוונט-צו האָט זיך אומגעקערט סערגייעוו, זיך געלייגט לעבן מיר, געלעגן לאַנג און ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. פון טאָג צו טאָג איז ער אַלץ מער און מער געשוואָלן געוואָרן. די אויגן האָט מען שוין קוים אַרויסגעזען. ניט קיין אויגן — צוויי בלויע דינע שפּאַלטעלעך צווישן אויפגעלאָפענע זעקעלעך, אָנגעפּיקטע מיט בלויער פליסיקײַט. פון די יאַסקעס טריפט בלוט. די ציין שאָקלען זיך. די ליפּן זײַנען פאַרבאַקן. דער שינעל האָט אף אים געפּלאַצט. די שטיוול האָט ער געמוזט אויסבײַטן אף אומגעלומפּערטע גרויסע שיך. נאָר דאָך האָט ער נאָך פאַרמאָגט ניט ווייניק קויעך.

— דו ווייסט, — האָט ער א פרעג געטאָן, — דו ווייסט, אז נאָר פעדיע אליין טיילט זיך מיט דיר? איך — ניט. ערשט הײַנט האָב איך זיך גע-געבן דאָס וואָרט, אז איך וועל אויך אָפּגעבן א כײַלעק, נאָר איך האָב ניט אויסגעהאַלטן, אופגעגעסן. דו הערסט, וואָס איך רייד צו דיר?

— האָט ער א טרייסל געטאָן מײַן האַנט. ער האָט א ווײַלע געשוויגן און דערנאָך פאַר-געזעצט, — מאָרגן, האָב איך געהערט, וועלן די, וואָס קאָנען זיך ניט באַוועגן, באַקומען אַפּן אָרט ברויט מיט באַלאַנדע. מיר וועלן דיך פאמעלעך אַראָפּלאָזן פון בוידעם און ווי נאָר דו וועסט באַקומען דײַנס, וועלן מיר דיך צוריק אהער אַרופשלעפּן. גוט?

אף מאָרגן איז געווען דער זיבעטער נאָיאַבער. א נעגרויש און א טומל האָט זיך אופגעהויבן נאָך איידער עס האָט אָנגעהויבן שאַרן זיך אף טאָג. די ידיעה, וועלכע עס האָט מיר אָנגעזאָגט ניקאָלײַ, האָבן שוין געוווּסט אַלע. עס האָבן זיך אויסגע-שטעלט צוויי קאָלאָנעס, איינע פון די, וואָס האָבן זיך געקאָנט באַוועגן, און די צווייטע — שטאַרק קראַנקע. מיך האָבן מײַנע כאַווײרים געהאַלטן אונטער די הענט. עס זײַנען צוגעקומען עטלעכע דײַטשן מיט א גרופּע פּאָליצײַען. אין די הענט האָבן זיי געהאַלטן גומי-שטעקנס, גאָפּלדיקע טרײַבלעך. פון אָנהייב האָט מען אוועק-געפירט די קאָלאָנע „געזונטע“. ניקאָלײַ האָט זיך לאַנג געוואַקלט, נאָר פאַרבליבן מיט אונדז.

פונדערווײַטנס האָט זיך דערטראָגן א טומל. פון צווייטן עק לאַגער זײַנען געלאָפן אהער דער-שראָקענע, צעבלוטיקטע מענטשן. ס'איז קלאָר געוואָרן: אַנשטאָט ברויט און באַלאַנדע טיילט מען פּעטש.

ערשט איצט האָבן מיר באַמערקט, אז אויך אונדזער קאָלאָנע איז אַרומגערינגלט. ניט אַנדערש, אז מע וואַרט אף עמעצן.

— הערן געפאַנגענע... — האָט זיך צו אונדז געווענדט א דײַטשישער אָפיצער.

מיר ווייסן שוין, קוים רופט מען אונדז „הערן“, וועט שוין קיין גוטס ניט אַרויסקומען.

— הערן געפאַנגענע! — כאַזערט ער איבער,

— איך באַגריס אײַך מיט אײַער יאָמטעוו, מיט דעם זיבעטן נאָיאַבער, און בעט אײַך באַקומען אונדזערע א מאַטאָנע, — צו צען פּעטש יעדערן! — ער האָט זיך א קער געטאָן צו די פּאָליצײַען, אופגעהויבן די רעכטע האַנט:

— אַכטונג! אָנגעהויבן!

...איך ליג ווידער אפֿן בוידעם און פֿיל שוין ניט קיין ווייטעק, קיין קעלט, קיין הונגער. פֿון פֿעדיעס כּיילעק ברויט וועל איך זיך אָפּזאָגן. מיך וועט עס שוין ניט ראַטעווען, און אַליין וועט ער אומקומען.

אין אָט דעם טאָג האָט סערגייעוו זיך ניט אומגעקוקט. ניט באַוויזן האָט ער זיך אויך אַף מאָרגן. און וויפֿל פֿעדיע האָט אים ניט געזוכט, האָט ער אים אינערגעץ ניט געפֿינען.

ניקאָלײַ סערגייעוו איז ווי אין וואַסער אַרײַן.

דער צוריקגעהאַלטענער און שווײַגנדיקער פּימענאָוו איז, ווי קיינמאָל ניט, באַרײַדעוודיק. איין דערינערונג רופֿט בײַ אים אַרויס אַ צווייטע. ער דערציילט מיר וועגן דעם, וויאַזוי ער האָט נאָכן פֿאַרענדיקן דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט אָנטייל גענומען אין אַן עקספּעדיציע. ער וואָלט שוין האַיאָר פֿאַרענדיקט דעם דײַטשישן פֿאַקולטעט פֿונעם הינטערוויגיקן אינסטיטוט פֿאַר אייסלענדיישע שפּראַכן. אומגעריכט זאָגט ער:

— ווייסט, וואָס איך האָב באַשטימט? איך וועל דיך גאָר אָפּפֿירן אין לאַזאַרעט.

עס איז געווען פֿאַרבאָטן זיך באַווײַזן אַף דער גאַס נאָך דעם, ווי ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. ווען דער וואַכמאַן פֿלעגט דערזען אַ קריגסגעפֿאַנגענעם, וואָס איז אַרויס פֿון באַראַק, פֿלעגט ער אָן שום וואָרענונג שיסן.

ס'איז שוין געווען אַרום האַלב-נאַכט, ווען פּימענאָוו האָט מיך אַוועקגעפֿירט צום לאַזאַרעט. צוערשט האָט ער מיך בלויז אונטערגעהאַלטן. דערנאָך האָב איך אינגאַנצן פֿאַרלוירן די קוייכעס. ער האָט מיך גענומען אונטער די פּאַכוועס און אַוועקגעשלעפּט. מײַנע אָפּצאַסן מיט די אײַזערנע פּאָדקעוועס האָבן הילכיק געקלאַפּט איבער דעם ברוקירטן וועג. נאָך יעדע עטלעכע שפּאַן לאָזט ער מיך אַראָפּ אַף די שטיינער און רוט זיך אָפּ.

— פֿאַרוואָס שיסן זיי ניט? — פֿרעגט ער.

איך וווּנדער זיך אַליין אויך. מיר זײַנען שוין געווען ניט ווײַט פֿון לאַזאַרעט, ווען עמעצער האָט אויסגעשריִען:

— האַלט!

און גלײַך אַ צווייטע קאָמאַנדע:

— איינער צו מיר, די איבעריקע בלײַבן אַפֿן אָרט!

פּימענאָוו פּילט אויס דעם באַפֿעל. ער רעדט אַף דײַטש:

— מײַן כאַווער שטאַרבט. פֿיר איך אים אין לאַזאַרעט.

פֿעדיע קערט זיך אום צו מיר. מיט אים — צוויי וואַכלײַט. איינער האָט מיך באַלויכטן מיט אַ טאַשן-לאַמטערן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— רוס קאַפּוט.

— פֿונוואַנען קומט עס צו דיר אַזוי גוט ריידן דײַטש? יוער ביסטו לויטן פֿאַך? — פֿרעגט בײַ פֿעדיען דער צווייטער דײַטש.

— אַ פּעדאַגאָג.

— קאָלעגע! — שרײַט יענער אויס. — איך בין אויך אַ פּעדאַגאָג. אַ לינגוויסט. רוסישע ליטעראַטור איז גוט! טאָלסטאָי, טורגעניעוו, — ער קוקט זיך אַרום, — גאָרקי... גוט! מײַן פֿאַמיליע איז פֿורגעל. גיונטער פֿורגעל. — ער פֿאָדערט, אַז פֿעדיע זאָל אָנרופֿן זײַן פֿאַמיליע. דערנאָך נעמט ער אַרויס אַ גרויסע שטיק היטלצוקער, ניט ווייניקער פֿון אַ האַלב פֿונט, און צעקלאַפּט עס אַף צוויי טיילן. איין שטיקל גיט ער מיר, דאָס צווייטע פֿעדיען. אים דערלאַנגט ער נאָך אויך אַ פּעקל סיגאַרעטן און גיסט אים אָן פֿון זײַן פֿליאַגע אין שפּײַז-קעסעלע שוואַרצע זיסע קאַווע. פֿעדיע טרינקט אָפּ, די רעשט גיט ער מיר.

— אָט איך, — זאָגט פֿורגעל, — אַ פּעדאַגאָג, מוז שטיין דאָ אַפֿן פּאָסט, און מײַן קאָמאַנדיר, וואָס קאָן זיך קוים אונטערשרײַבן, שלאָפֿט אַף אַ וואַרעם געלעגער. און דאָס איז נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער איז אַ דײַטש און איך מיט הובערטן, — ווײַזט ער אַפֿן צווייטן וואַכמאַן, — זײַנען עסטרײַכער.

הובערטן געפֿעלט, ווײַזט אויס, ניט, וואָס זײַן כאַווער האָט זיך שוין צופֿיל צערעדט, נאָר גיונטערן איז גאָר ניט אַזוי לײַכט אָפּצושטעלן.

מיט פּימענאָוון האָט גיונטער פֿורגעל זיך געזעגנט, ווי מיט אַ גוטנפֿרײַנט.

— אין צוויי טעג אַרום, — האָט ער געזאָגט, — וועל איך זײַן דעזשורנע בײַ דער קיך, זאָלסטו אומבאַדינגט קומען, וועל איך דיר אָנגיסן אַ פֿול קעסעלע. און איצט גיי, זאָג זיי דאָרט, אַז איך האָב באַפֿוילן נעמען דײַן כאַווער אין לאַזאַרעט און דיך לאָזן איבערנעכטיקן.

...ווי נאָר עס איז ליכטיק געוואָרן און אין לאַזאַרעט האָט זיך דערטראָגן דאָס גערויש פֿון דער קאָלאָנע, וואָס האָט זיך אויסגעשטעלט נאָך באַלאַנדע, האָט פֿעדיע זיך גענומען קלײַבן אין וועג אַרײַן.

— קיין ניסים כאַזערן זיך ניט איבער. נאָכאַמאָל זיך דורכרײַסן אַהער וועל איך ניט קאָנען... אַ שאָד... און איך, — האָט ער, ווײַזט אויס, זיך געפּרוּווט אונדז ביידן באַרויִקן, — עפּשער וועל איך נאָך געפֿינען ניקאָלײַען.

און ער איז אַוועק.

מער האָב איך אים שוין קיינמאָל ניט באַגעגנט. וויפֿל איך האָב זיך ניט נאָכגעפֿרעגט, האָט קיינער מיר אַף זיכער גאָרניט געקאָנט זאָגן.

קיינמאָל אין לעבן איז מיר ניט אויסגעקומען צו הערן אָדער אַפֿילע צו לייענען וועגן מער איבערגעגעבענע פֿרײַנט, ווי ניקאָלײַ סערגייעוו און פֿיאָדאָר פּימענאָוו. שוין לאַנג האָט זיך געענדיקט די מילכאָמע, נאָר יעדעס מאָל, ווען עס קומען מיר אַפֿן זינען די פֿאַרגאַנגענע טעג, שווימט אויף אין מײַן זיקאָרן דער ברייטפּלייציקער ריז ניקאָלײַ סערגייעוו. איך פֿיל נאָך איצט דאָס געהויד פֿון זײַנע העל-בלאָנדע האָר, דערמאָן זיך אָן דער קראַפֿט, מיט וועלכער ער

האָט געדריקט מײַן האַנט, דעם ווייכן גלאַנץ פֿון זײַנע בלויע שמייכלענדיקע אויגן, זייער מונקל־גרויזאַמען בליק אין מינוטן פֿון צאָרן. און באַנאַנד מיט אים שטייט דער קליינוווּקסיקער שווײַגער פֿעדיע בימענאָוו. עס לײַכטן פֿאַר מיר נאָך ביז איצט זײַנע קלוגע און שטרענגע אויגן. ווי אָט דער מענטש האָט עס ליב געהאַט באַגעגענען דעם זון־אויפֿגאַנג, ווי ער איז באַצױבערט געווען פֿון דעם שעמערירנדיקן שניי־טוי, וואָס באַדעקט פֿאַר דער נאַכט אַלץ אַרום!.. פֿאַרגעסן אין דער עסעריקער קעלט, אין הונגער, האָט ער געשמייכלט, און, אַרומנעמענדיק מיך, געשעפּטשעט:

— ס'איז גוט, אַ?

פֿרײַנט מײַנע! אין פֿאַרשיידענע ווינקלען האָט דאָס לעבן אונדז צעזייט. נאָר איך ווייס — מיר האָבן דאָן געלעבט מיט איין פֿאַרלאַנג: אַרויסרײַסן זיך פֿון דער פֿאַרשאָלטענער געפֿאַנגענשאַפֿט, כּדי האָבן דאָס גליק צו אָפּרעכענען זיך מיטן שׂונא פֿון אונדזער היימלאַנד.

## מײַן טאַטנס נאָמען

איך ליג אויפֿן דיל צווישן צוויי פֿאַרזשאַווערטע אײַזערנע בעטלעך. ווער עס זײַנען מײַנע שכנים, ווייס איך נישט. ביידע ליגן זיי צוגעדעקט אויף די הוילע ברעטער, אַרופֿגעצויגן די שינעלן איבער די קעפּ. די ווענט און די סטעליע זײַנען שוואַרץ פֿון סאַזשע. דאָס פֿענצטער איז פֿאַרקלאַפּט מיט שטיקלעך בלעך און פּאַניר. די אַרויסגעהאַקטע פּאָדלָקע איז פֿאַרשטעקט מיט אַ צעריסענער גימנאַסטיאָרקע. דער אַרבל הענגט, וויגט זיך, אַרויס אין דרויסן, הוידעט אים דער ווינט, און די מעטאַלענע קנעפּלעך פֿונעם מאַנזשעט קלאַפּן אין דעם שטיקל פּאַניר, ווי מע וואָלט שיסן אויף דעם שרויט.

באַם אַרײַנגאַנג שטייט אַן אײַזערן אייוועלע, נאָר קיין פֿײַער ברענט נישט אין דעם. כּדי זיך דערוואַרעמען, דריק איך די קני צום בויך, דאָס פֿאַרשאַפֿט מיר וויייטעק. דער שפּליטער אין דיך לאָזט זיך דערפֿון שטאַרקער פֿילן. דערפֿאַר אָבער קאָן איך זיך אײַנדעקן מיטן שינעל פֿון קאָפּ ביז פֿיס.

ס'איז שטיל. די בערציק מענטשן ליגן שטיל, ריידן נישט, אויס צווישן זיך קיין וואָרט. דער סאַניטאַר קערט אויס דעם דיל, טראָגט אַרויס די פּאַראַשע, ברענגט וואַסער. איצט, ווען איך זאָל האָבן קויעך, וואָלט איך גלײַך אַוועק פֿינדאַנען. פֿון דעם געשפּרעך, וואָס עס האָט געפֿירט דער פֿעלדשער מיט אונדזער סאַניטאַר קוזיע, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז די קראַנקע פֿאַרשרײַבט מען דאָ אין עפּעס אַ ספּעציעל קאַרטל. מיסטאָמע וועט מען מיך פֿריִער באַטראַכטן, און איך וועל זיך מוזן אויסטאָן נאַקעט...

פֿעדיע האָט מיך נישט איין מאָל געוואָרנט: דײַן נאָמען און פֿאַמיליע איז נאָך אַהין־אַהער, נאָר דעם פֿאָטערס נאָמען, אַהרן, זאָלסטו אומבאַדינגט בײַטן.

מײַן טאַטנס נאָמען... די ווערטער מײַנע זײַנען אַראָפּגעלאָזט, נאָר אַפֿילו ווען איך קוק אויף עמעצן מיט אָפֿענע אויגן, זע איך אים נישט אַזוי בולט, ווי איך זע איצט דעם טאַטן מײַנעם, זײַן לאַנגע געל־רויטע באָרד, די האַרטע פֿאַרמאָזאָליעטע הענט.

ער האָט געטאָגט און גענעכטיקט אויפֿן קאָלווירטישן ווײַנגאָרטן, און קוים איז געקומען די צײַט, — עס האָט געמוזט דויערן און בליִען, — האָט ער זיך געשטעלט דאַווענען. זײַנע ליפּן שעפּטשען עפּעס היים. מיר דוכט, אַז ער בעט בײַ גאָט אַ רעגן צו דער צײַט, ער בעט וואָס מער זוניקע טעג — דער ווײַנגאָרטן זאָל רײַף ווערן. אין אַזאַ מינוט איז אוממעגלעך געווען אָפּצווענדן אים, דעם פֿאַנאַטיקער. עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז אויך בײַ דער אַרבעט האָט ער געמורמלט אַ שטילע תּפֿילה. צו מינחה פֿלעגט ער זיך שטעלן אַזוי, אַז דער ווײַנגאָרטן זאָל זײַן פֿאַר זײַנע אויגן: ער זאָל זען, ווער עס גייט אַהער, קיין יינגל זאָל, חלילה, נישט צערײַסן קיין צווײַגל. ער האָט זיך אײַנגעהערט אין גערויש פֿון די קוסטעס, אין דעם סוידען זיך פֿון די בלעטער, אײַנגעקוקט זיך, ווי עס שפּילט זיך די זון אויף דער דינער הויט פֿון די ווײַנטרויבן, אײַנגעזשעמט דאָס טערפּקע גערוך פֿונעם פֿרישן ווײַן־זאַפֿט, מיט וועלכן ס'זײַנען אָנגעגאָסן די ליכטיק־גרינע הײַטלעך פֿון די שיקערנדיקע הענגלעך.

מײַן טאַטנס נאָמען... איך בין דער יינגסטער פֿון זיבן קינדער, וואָס ער האָט אויסגעהאָדעוועט און דערציִען. זיבן קינדער — מיט זיי איז ער אָפֿט געווען אין נויט, הונגער, נאָר ער האָט קיינמאָל קיינעם פֿון אונדז קיין פּאַטש נישט געגעבן. זעלטן־ווען האָט ער געשריגן אויף אַ קינד, און צוליב וואָס שרײַען, אַז עס איז גענוג, ער זאָל בלויז אַ קוק טאָן מיט זײַן איינציק געזונט אויג, — און דער פֿאַרזינדיקטער פֿאַרשעמט זיך. מיר האָבן געוווּסט, וואָס ער וויל פֿון אונדז. ער וויל, אַז מיר זאָלן זײַן ערנטלעך, אַליין ליב האָבן אַרבעט און שעצן די מי פֿון אַ צווייטן. און ווען איך, דער מיזיניק, דער געפּעסטעטער, בין געקומען פֿון אַ ווײַטער שטאָט אויף קאַניקולן צוגאַסט און האָב זיך אַרײַנגעכאַפּט באַנאַכט צוזאַמען מיט אַ כאָפּטע כעוורעלײַט אין דעם ערדשטיבל, וווּ עס זײַנען געלעגן די ווײַנטרויבן, האָט דער טאַטע אונדז פֿאַרשלאָסן פֿון דרויסן און אַליין אַוועק אין שכנישדיקן ישעוו נאָכן פֿאָרזיצער פֿון דאָרפֿראַט. זאָל ער קומען און זען, ווער עס האָט געוואַגט זיך צורירן צום קאָלווירטישן גוטס. די מאַמע האָט זיך אַרופֿגעוואָרפֿן אויף אים, אָנגענומען זיך די קרייוודע פֿון איר מיזיניק, נאָר ער, דער טאַטע, האָט זיך שטילערהייט פֿאַרענטפֿערט:

— וואָס ווילסטו פֿון מיר האָבן, עס איז דאָך נישט נאָר מײַן גוטס...

מײַן טאַטנס נאָמען... זײַן לעצטן בריוו האָט מיר איבערגעשיקט מײַן ברודער, אויך אַ קורסאַנט פֿון אַ מיליטערישער שול. דער טאַטע האָט געשריבן אין יענע כוידעש פֿון דעם איין־און־פֿער-

ציקסטן יאָר: „איך און די מאַמע שלאָפן ניט קיין נאַכט, דאָס האַרץ טוט ווי פאַר אײַך, קינדער. נאָר מיר בענטשן און באַשווערן אײַך: שלאָגט אים, דעם בלוטיקן סאָנע".

אָט דעם טאַטנס נאָמען מוז איך בענטשן.
זײַ מיר מויכל, פאָטער...

...צוויי סאַניטאַרן און דער פעלדשער האָבן געבראַכט עסן. צום אַלעמערשטן צעטיילט מען דאָס ברויט. אַף פיר מענטשן א האַלב לעבל. די פּײַקעס זײַנען שוין אָנגעשניטן, נאָר ווער קאָן זײַן זיכער, אַז די באַלאַקים זײַנען אַבסאָלוט גלײַכע? עס זײַנען פאַראַן ווינקל-שטיקלעך, מיטל-שטיקלעך און ריפּטלעך. קעדיי עס זאָלן ניט זײַן קיין געקריוודעטע, איז פאַראַן אַן אויסגעפּרוווט מיטל...

מײַן שכן האָט זיך אויסגעדרייט צו אונדז מיט דער פּלייצע, פאַרוקט נאָך טיפער דעם קאָפּ אונטערן שינעל, און איינער האָט בײַ אים א פרעג געטאָן:

— וועמען?

— דעם נײַנקן.

איך כאַפּ מײַן ביילעק. מײַן שכן האָב איך נאָך אין פּנים ניט געזען, נאָר פון דעם איינציקן וואָרט זײַנעם איז ניט שווער געווען זיך אָנשטויסן, אַז ער איז ניט קיין רוס. ווידער פרעגט מען בײַ אים: — וועמען?

ווען דאָס ברויט איז צעטיילט געוואָרן, האָט מײַן שכן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שינעל, באַקוקט זײַן פּײַקע, דערנאָך א קוק געטאָן אַף מיר מיט זײַנע טיף אײַנגעפאַלענע שוואַרצע אויגן. קעדיי מיך בעסער זען, שפּאַרט ער זיך אָן אַפן עלנבויגן. די גימנאַסטיאָרקע איז בײַ אים צעשפּיליעט. אַף זײַן ברוסט איז צוגעקלעפּט א שטיקל ברודיקע מאַרליע. איך פיל, אַז אונטער דער לאַטע איז בײַ אים א טיפע וווּנד. ער עטעמט שווער. מיר דוכט, אַז מיט יעדן אָטעם הייבט זיך אוף און לאָזט זיך אַראָפּ דאָס שטיקל מאַרליע.

— א לעפל האָסטו? — טוט ער מיך א פרעג.

פון זינט איך בין אין געפענקעניש, האָב איך נאָך קיין איין מאָל ניט געזען, אַז עמעצער זאָל עסן מיט א לעפל. איך שאָקל מיטן קאָפּ אַף ניין.

— נא, נעם, — ער גיט מיר אַן אַליומיני-לעפל, — דאָס איז בעיערושע פונעם כאַווער, וואָס איז געלעגן טאַקע דאָ אַפן דיל. א ווילער מענטש געווען. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער געגלייבט, אַז עס וועט זיך אים אײַנגעבן אַנטלויפן פונדאַנען. „מיט אָט דעם לעפל, — האָט ער געטײַנעט, — וועל איך נאָך עסן רויטאַרמייִשע קאַשע". א סיביריאַק איז ער געווען, א טאַנקיסט. און דו ביסט פונוואַנען? — פרעגט ער בײַ מיר.

— א מאָסקוווער.

— און איך בין אַן אַרמענער. פון לענינאַקאַן... אַלוואַרדיאַן איז מײַן פאַמיליע.

צו אונדז איז צוגעקומען א מענטש אין א לאַנגן קאַוואַלעריסטישן שינעל, אָן א היטל. אַף זײַן לינקער האַנט — א בענדל פון „רויטן קרייץ". די שטריכן פון זײַן געזיכט זײַנען רויִקע. אין די באַוועגונגען — א פאַרבאָרגענע קראַפט. ער זעצט זיך צו אַפן שאָכנס בעטל און דריקט אים די האַנט. איך באַמערק, אַז ער האָט אים איבערגעגעבן א געקאָכטע קאַרטאָפל. עפּעס ריידן זיי צווישן זיך שטיקערהייט, דערנאָך זאָגט ער צו מיר:

— איך בין דער עלטערער סאַניטאַר פון פּאַלאַטע, דערצייל, ווער און פונוואַנען ביסטו?

קיין בלײַער און קיין פּאַפּיר זע איך בײַ אים נישט. דער בליק איז בײַ אים א האַרבער, אָבער אַזאַ, וואָס רופט אַרויס צוטרוי. דער לענינאַקאַנער כאַווער, וואָס איז מיר געפעלן פון דער ערשטער מינוט, טוט א שאָקל מיטן קאָפּ — ס'הייסט, אַז כ'מעג אַלץ דערציילן.

— אַז דו ביסט א מאָסקוווער — ווייס איך שוין, — זאָגט דער סאַניטאַר.

— יאָ, איך האָב געאַרבעט אַלס מײַסטער אין א זאַוואָד.

— אין וועלכן? — וויל ער וויסן.

א ווײַלע טראַכט איך — זאָגן צי ניט? איך באַשליס: נאַרישקײַטן, קיין באַדײַטונג האָט עס איצט סײַוויסײַ ניט. און, דעריקער, מע קאָן דאָך ניט אַלעמען כווישער זײַן אין שקעבטס.

— אין א מיליטערישן, — ענטפער איך.

ער שטעלט מיר איין פראַגע נאָך דער צווייטער. און פּלוצעם, אומגעריכט, טוט ער א פרעג:

— וויפל מאָל האָסטו געפּרוווט לויפן?

— איין מאָל.

לויט די פאַשיסטישע געזעצן איז דאָס גענוג אַף צו דערשאָסן ווערן.

— איין מאָל איז ווייניק, — האָט ער א זאָג געטאָן. ער איז אויפגעשטאַנען פון אָרט, צוגעגאַנגען צום טישל, וואָס לעבן אייוועלע, און אַרויסגענומען פון שופלאָד א קאַרטאָנענע קאַסטעלע. דאָס קאַסטעלע, פול מיט פּאַפּיר-קאַרטלעך, איז ענלעך אַף א ביבליאָטעק-קאַרטאָטעקע. מיט א פּאַפּירן-ברעטל איז עס צעטיילט אַף צוויי ניט קיין גלײַכע טיילן. פון קלענערן טייל האָט דער סאַניטאַר אַרויסגענומען א קאַרטל — דאָס איז דעם שאָכנס, וואָס ליגט פון לינקס. ער איז מיט עטלעכע מינוט צוריק געשטאָרבן. אין לינקן ווינקל שרײַבט ער אָן מיט גרויסע בוכשטאַבן „פון דיסטראָפיע" — און לייגט איבער דאָס קאַרטל אין דער גרעסערער אָפּטיילונג.

ער פאַרפירט אַף מיר א קאַרטל. איך דאַרף אָנרופן מײַן פאַמיליע, נאָמען און פאָטערנאָמען. וויפל איך האָב זיך ניט געגרייט צו ענטפערן אַף דער פראַגע, האָב איך זיך דאָך פאַרטאַכט. ער קוקט מיר אין די אויגן, וואַרט אַף מײַן ענטפער...

זײַן בלײַער איז גרייט צו פאַרשרײַבן אַלץ, נאָר איך שווײַג. וואָס זאָל איך אים זאָגן? פון קאָפּ גייט ניט אַרויס די וואָרענונג: „ענדער דעם פאָטערס נאָמען!" ניט איין מאָל האָט וועגן דעם געטײַנעט פעדיע — פימענאָוו פיאָדאָר אַנדרייעוויטש.

— וויאַזוי זשע איז פאָרט דײַן פאָטערס נאָמען? — פרעגט ער איבער.

— אַנדרײעװיטש.

— אַזעלכע זאַכן, — זאָגט ער מיר, — זאָלסטו מער ניט פֿאַרגעסן, קלאָר? אָט אַזױ! מיך רופֿט מען גליעב איװאַנאָװיטש טשערנאָװ.

— קוזמאַ, — האָט ער אַ געשרײ געטאָן, — דאָס בעטל װעט פֿאַרנעמען אָט דער נײַנקער, קלאָר? אָט אַזױ!

איך װאָלט אַ באַלן זײַן װיסן, מיט װאָס האָט זיך גליעב פֿאַרנומען ביז דער מילכאָמע. אַף קײן קאַדראָװן קאָמאַנדיר איז ער ניט ענלעך. מיט עפּעס דערמאָנט ער מיר מײַנעם אַ באַקאַנטן, אַ פּעדאַגאָג. נאָר פֿרעגן בײַ אים װעל איך ניט. דאָס לעבן אין געפֿאַנגענשאַפֿט האָט אײַנגעשטעלט זײַנע שטרענגע געזעצן. אײנער פֿון זײ פֿאָדערט: „זאָלסט ניט פֿרעגן"...

ערשט אױפֿן דריטן אָדער אױפֿן פֿערטן טאָג האָט מיך גליעב אַװעקגעפֿירט אין קאַבינעט, װוּ מע בינדט איבער די קראַנקע.

מיך לײגט מען אַװעק אַף צװײ צונױפֿגערוקטע קאַנצעליאַרישע טישן. אַ װײַס מעטאַלן פּושקעלע מיט עטלעכע פּינצעטן, אַ סקאַלפּעל, אַ שערעלע, אַ פּאָר פֿלעשעלעך און צװײ גרױסע באַנקעס שטײען אין אַ ביכער-שאַפֿע. אײן באַנקע איז פֿול מיט אַ טונקל-געדיכטער פֿליסיקײט, װאָס װערט דאָ אָנגערופֿן „גאַרני דובניאַק". מע קאָכט דאָס געטראַנק פֿון דעמבענער קאָרע און מע גיט עס טרינקען די דיזענטעריע-קראַנקע. אין דער צװײטער קײלע איז די פֿליסיקײט אַ העל-גרינע, זי האָט אַ ביטערלעכן רײעך פֿון כװאָיע. דאָס איז אַ געקעכטס פֿון כװאָיע פֿאַר די קראַנקע אַף צינגאַ.

עס איז אַרײַנגעקומען דער דאָקטער. אים איז לײַכט צו דערקענען — בלױז כירורגן פֿאַרמאָגן דאָ װײַסע כאַלאַטן.

— נו, װי גײען די געשעפֿטן, קראַנקער?

אַזױ, װײַזט אױס, װענדן זיך די דאָקטױרים פֿון גאָר דער װעלט צו זײערע פּאַציענטן. אָבער דאָ, אין לאַגער, װוּ עס װערט געטאָן אַלץ, קעדײ אומצוברענגען מענטשן, קלינגט די דאָזיקע פֿראַגע מאָדנע. איך לאָז ניט אַראָפּ די אױגן פֿונעם דאָקטער. װײַזט אױס, ער פֿאַרשטײט, אַז איך האָב צו אים עפּעס אַ װיכטיקע באַקאָשע. אַלײן הערט ער זיך צו, װאָס אים דערצײלט גליעב, און צו מיר זאָגט ער:

— נו, גוט, באַלד װעלן מיר אַ קוק טאָן.

כוץ אונדז זײַנען דאָ פֿאַראַן צװײ פֿרױען, אײנע אַן עלטערע. אַלע רופֿן זי דאָ מומע פּאַשע. זי איז אַ קורצזיכטיקע, אַ פּולע, מיט קלוגע און שטרענגע אױגן. די צװײטע פֿרױ איז אַ יונגע, אַ שײנע. יוליע הײסט זי.

— פּראַסקאָװיאַ מיכײַלאָװנאַ,—װענדט זיך צו דער עלטערער פֿרױ דער דאָקטער, — אױב איר האָט אַ שמאַטקעלע, נעצט עס אײַן און פּרוּװט זיך דערקלײַבן צו זײַן פּאָנעם. ער איז אַזױ קױטיק, אַז עס איז שװער צו דערקענען, צי איז ער אַ יונגער, צי אַן אַלטער.

עטלעכע מאָל שװענקט אױס די מומע פּאַשע דאָס שמאַטקעלע און בײַט דאָס װאַסער אין שיסל.

עס רופֿט בײַ קײנעם ניט אַרױס קײן פֿאַרװוּנדערונג. װײַל װאָס איז דער כידעש? אַף מיר ליגט נאָך די ערד פֿון די אָקאָפּעס, דער רױך פֿון די שײַטערס, די בלאָטע פֿון סוכינישטשער לאַגער, די לײם פֿון ראָסלאַװלער, צעמענט און קױלן פֿון קריטשעװער, שטױב און שפּינװעבס פֿונעם בױדעם, פֿונװאַנען פּימענאָװ האָט מיך געבראַכט אַהער.

— גענוג, — זאָגט דער דאָקטער, — אַניט װעט קײן װאַסער אין ברונעם ניט קלעקן. איך זע שױן, אַז קײן אײניקלעך האָט ער נאָך ניט.

גליעב העלפֿט מיר זיך אױסטאָן. לאַנג פּאָרעט זיך דער דאָקטער. די מומע פּאַשע דערלאַנגט דאָס, װאָס ער פֿאָדערט. װען יוליע װיל אים העלפֿן, זאָגט ער איר: — מע דאַרף ניט, שװעסטער, מיט אָט דעם קראַנקן װעל איך זיך אַלײן סטראַװען.

װען מע טראָגט מיך צוריק אין פּאַלאַטע, רוקט מיר גליעב אַרײַן אין דער האַנט צװײ קלײנע געקאָכטע קאַרטאָפֿל. דאָס איז געװען די ערשטע צוגאָב-פּאָרציע, װאָס איך האָב באַקומען. קלאָר — דאָ זײַנען פֿאַראַן כאַװײרים, אַף װעלכע מע קאָן זיך פֿאַרלאָזן. זײ קומען צוהילף אין אַ שװערער מינוט. צו זײ געהערן גליעב, מײַן שאָכן פֿון לעניגראַד, מיסטאָמע אױך דער דאָקטער און די שװעסטער פּראַסקאָװיע מיכײַלאָװנע. װער נאָך? דאָס װעט די צײַט באַװײַזן.

אין אָװנט האָט אַלװאַרדיאַן אַ פֿרעג געטאָן באַם דאָקטער:

— װי קלערט איר, דאָקטער זאַרינקין, איך װעל זיך נאָך אַרױסדראַפּען?

— װאָס זאָל איך אײַך זאָגן? בײַ אײַך איז אָסטעאָמיעליט פֿון ברוסטקאַסטן. איר פֿאַרשטײט אַלײן...

— אַ דאַנק, — האָט ביטער אַ שמײכל געטאָן מײַן שאָכן, — צום ערשטן מאָל רעדט איר מיט מיר, װי אַ מאַנצבל מיט אַ מאַנצבל.

ס'איז קאָנטיק געװען, אַז דער דאָקטער אַלײן איז אױך קראַנק. אונטער די אױגן — בלױע פּאַסן, די ליפּן זײַנען באַדעקט מיט אַ װײַס הײַטל. ער װענדט זיך צו מיר:

— נו, און װאָס זאָל איך טאָן מיט אײַך? לאַנג האַלטן אײַך אין לאַזאַרעט קאָן איך ניט. אױסשרײַבן — װעט איר אומקומען...

— דאָקטער, — זאָג איך, — פֿאַר אַלץ, װאָס איר האָט שױן געטאָן, אַ דאַנק אײַך, און װײַטער טוט אַזױ, װי איר קאָנט.

ער דריקט מיר און דעם שאָכן די הענט, און װען ער האַלט שױן באַם אַװעקגײן, זאָגט ער צו אונדז:

— נאַרישע יִנגלעך, פֿאַרװאָס דאַנקט איר מיר? אַ גוטע-נאַכט אײַך...

— אַ גוטע-נאַכט, דאָקטער, — ענטפֿערן מיר בײדע מיטאַמאָל.

אַף מאָרגן איז דעם דאָקטער ניט צו דערקענען. ער איז גלאַט אױסגעראַזירט. די מומע פּאַשע האָט אױסגעװאַשן און אױסגעפּרעסט זײַן כאַ-

לאט, צו דער גימנאַסטיאָרקע האָט זי אים צוגענייט א ווײַס אונטערקעלנערל. די שטיוול, כאָטש עס איז שוין לאנג צײַט צו פארבײַטן זיי, זײַנען אויסגעפּוצט. די האָר גלײַך פארקעמט. הײַנט האָט ער אפילע א שפּאס געטאָן מיט קוזיען.

צוגייענדיק צו אונדזערע בעטלעך, זאָגט אלעקסאנדער איוואנאָוויטש:

— דעם נעכטיקן שמועס אונדזערן פארגעסט... אים, — באווײַזט ער אף אלוואַרדיאנען, — גלײַך נאָכן רונדגאנג ברענגען אין פּערעוויאזאָטשנע. און אים, — טוט ער א ווונק אין מײַן זײַט, — אים העלפט אראָפּלאָזן זיך אפן אונטערשטן שטאָק. פון דעם, ווי ער וועט דורכמאכן דעם דאָזיקן שפּאציר, איז א סאך געווענדט. און ווי פילט איר זיך? — פרעגט ער שוין בא אן אנדערן.

...צי האָט איר ווען-עס-איז געזען א זשוקל, וואָס ליגט איבערגעקערט אפן רוקן? אָן אופהער דריגעט עס הילפלאָז מיט די פיסלעך, נאָר איבערקערן זיך — דאָס ניט! איך פארזיכער אײַך, אז צו יענער צײַט בין איך געווען אומבאהאָלפן, ווי אָט יענץ זשוקל.

מיך האָט אונטערגעהאלטן גליעב, נאָר אראָפּלאָזן זיך אפן ערשטן שטאָק האָט זיך מיר פּאָרט ניט אײַנגעגעבן.

דער קאָפּ איז ווי מיט בלײַ אָנגעגאָסן, קוים וואָס ער האלט זיך אפן דין-געוואָרענעם האלדז. עס קלאפּט אין די שלייפן, די פיס האקן זיך אונטער און פאָלגן ניט. דאָס גאנצע הויז דרייט זיך אין א קאראהאָד: די סטעליע און דער דיל, די פּאָרענטשע צוזאמען מיט די טרעפּ, דער מענטש, וואָס גייט אנטקעגן, — אלץ דרייט זיך אין אן אומענדלעכן קרײַז. עס ווערט פינצטער, און נאָר פאר די אויגן פליִען ארום פינקען. צוריק זיך אומקערן האָב איך פּאָשעט מוירע. שוין צום ווייפלטן מאָל זאָגט מיר גליעב:

— גענוג, רו זיך אָפּ און לאָמיר גיין צוריק.

איך פארבײַס די ליפּן, נאָר איך זאָג אים:

— ניין, גליעב, דער דאָקטער האָט געזאָגט, אז פון דעם איז פיל אָפּהענגיק. אים מעג מען גלייבן.

— ווען א קראנקער איז זיכער, אז ער וועט געזונט ווערן, איז ער שוין אף האלב קיין קראנקער ניט.

די שטים, וואָס זאָגט עס, איז מיר זייער באַקאנט. עס לאָזט זיך אויס, אז אונדז גייט נאָך זארינקין. ער גיט מיר עפּעס א שמעק טאָן פון א פלעשעלע, און מע פירט מיך אָפּ צוריק אין פּאלאטע.

איך פרעג גליעבן:

— צוליב וואָס איז געווען דאָס אראָפּלאָזן מיך אפן ערשטן שטאָק? וואָס איז פון דעם געדרונגען?

— אלץ, — ענטפערט ער, — הײַנט האָבן מיר מיט דיר זיך איבערצײַגט, אז דו ביסט נאָך אף עפּעס פיייִק. און אויב אזוי, איז נאָך ניט אלץ פארפאלן. קלאָר? אָט אזוי.

איצט ווייס איך שוין, אז ער איז א געוועזענער קאָמיוג-טוער, און אז צו דעם „קלאָר" און „אָט אזוי" איז ער צוגעוווינט פון לאנג און קאָן זיך אָן די דאָזיקע ווערטער ניט באגיין.

שוין א היפּשע צײַט, אז אלוואַרדיאַן רעדט מיט קיינעם ניט אויס קיין וואָרט. ער אָטעמט שווער און פון צײַט צו צײַט בעט ער בא גליעבן א ביסל קאלט וואסער. ווען ער טראָגט צו דאָס בלעכענע קווערטל צום מויל, הער איך, ווי די ציין קלאפּן אין מעטאל. ער האָט היץ. קיין טערמאָמעטער אף אויסמעסטן די טעמפּעראטור איז ניטאָ. איך טאַפּ אים דעם פּולס. דערנאָך דריק איך זײַן האנט און דערצייל אים, אז מיר איז ניט געלונגען אראָפּלאָזן זיך אפן ערשטן שטאָק.

— ס'מאכט ניט אויס, — ענטפערט ער מיר, — זיי זײַנען ווילע מענטשן, האלט זיך נעענטער צו זיי.

— און אויך צו דיר, — זאָג איך אים.

— וועגן מיר, — זאָגט ער, — איז ניטאָ וואָס צו ריידן. איך פאָר מיט א שנעלצוג קיין „מאָגיליאָווסק". א שאָד, וואָס איך וועל ניט קאָנען מיטנעמען מיט זיך כאָטש א צענדליק פּאשיסטן...

## די פינפטע פאלאטע

יעדעס מאָל, ווען אין דער פינפטער פּאלאטע איז קראנק געוואָרן אָדער געשטאָרבן א סאניטאר, פלעגט מיר וועגן דעם גלײַך זאָגן גליעב. צוליב וואָס דערציילט ער עס מיר? דער טויט איז דאָ אזא מין וואָכעדיקע זאך. און דעריקער איז דאָס, וואָס די פינפטע פּאלאטע איז די גרעסטע — דאָרט ליגן די קראנקע אף פלעקטיפוס. לײַז אין לאזארעט זײַנען ניט ווייניקער ווי אין די באראקן. איז וואָס איז דאָ דער כידעש, וואָס די סאניטארן שטעקן זיך אָן און שטארבן?

מע האָט מיך ארויסגערופן צו זארינקינען. געטראָפן האָב איך אים זיצן אף א טאבורעט לעבן אייוועלע, ווו עס קאָכט זיך דער „גאָרני דובניאק". מיר האָט ער געהייסן זיך צוזעצן. אכוץ אונדז איז דאָ קיינער ניטאָ. איך וואַרט, וואָס וועט ער מיר זאָגן.

ער נעמט אראָפּ זײַנע ברילן, איין גלעזל פעלט אין זיי, דאָס צווייטע ווישט ער אויס מיט דער פּאָלע פונעם כאלאט. אף מיר קוקט ער מיט קורצזיכטיקע אויגן. באלד, דאכט זיך, וועט ער מיר אָנטרויען עפּעס א וויכטיקע זאך. נאָר ער פרעגט מיך גאָר:

— מיט פלעקטיפוס האָט איר געקרענקט?

— געווי, — זאָג איך, — ווייס איך ניט, נאָר, דאכט זיך, אז ניין.

— איז אָט, — זאָגט ער, — פאראן א וואַקאנסיע, און איך וויל אײַך רעקאָמענדירן אלס סאניטאר אין דער פינפטער פּאלאטע. איך בין אָבער מעכויעוו אײַך וואָרענען, אז גיכער פון

אַלץ וועט איר זיך אָנשטעקן מיט פֿלעקטיפֿוס, נאָר קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ. דעצו איז נאָך וויכטיק צו האָבן אין פּאַלאַטע אַ מענטשן, וואָס זאָל אונטערהאַלטן די קראַנקע, ניט דערלאָזן, מע זאָל צונעמען זייער פּעקלעך ברויט, די באַלאַנדע, — ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, — איז ווי קלערט איר?

— איך בין מאַסקים.

...נאַכט. אין דער פּאַלאַטע איז פֿינצטער. שוין עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד שיט אָן אויפֿהער אַ געדיכטער שניי. דורך דער איינציקער גאַנצער שויב זעט מען, ווי דער ווינט הוידעט דעם גאַז-לאַמטערן. אַ פּאַסיקל שײַן באַוועגט זיך אפֿן דיל, שפּרינגט אַריבער אַף די בעטלעך, פֿאַרקלײַבט זיך אַף דער וואַנט און קערט זיך ווידער אום אפֿן דיל.

הײַנט בין איך דעזשורנע אין פּאַלאַטע. איך טוליע צו דעם שטערן צום קאַלטן גלאָז — אַזוי איז לײַכטער פֿאַרטרײַבן דעם שלאָף. איך קוק זיך אײַן אין ווילדן קאַראַהאָד פֿון די ווײַסע שנייעלעך אַרום דעם ברענענדיקן לאַמטערן. דער דײַטשישער וואַכמאַן אַף דער גאַס שפּאַנט מער ניט אַרום. אָן אײַנגעהויקערטער, די הענט באַרוקט אין די אַרבל, שטייט ער אָנגעשפּאַרט אין פּלויט. זײַן טונקל-גרינער שינעל איז שוין ווײַס פֿון שניי. די קעלט האָט אים געוויס דורכגענומען אַף דורך און דורך. קאָן זײַן, אַז ער האָט גאָר ניט געוואָלט קומען אַהער, אַף דער פֿרעמדער ערד.

אין אונדזער פּאַלאַטע איז זעלטן אַזוי שטיל, ווי איצט. און מיטאַמאָל... ניט שוין זשע האָט זיך מיר אויסגעדוכט? ניין, עס קאָן ניט זײַן... קיין טאָעס האָב איך ניט געקאָנט האָבן. נאָר וואָס האָט עמעצער מיט אַ וויינענדיק קאָל געזאָגט אַף ייִדיש: „מאַמע, קום אַהער, מאַ-מע-ע-ע“... איך האָב זיך געלאָזט צווישן די בעטלעך, נאָר שאַ-שטיל, כאָטש די לופֿט איז נאָך פֿול מיטן רוף „מאַ-מע-ע-ע“.

נאָכאַמאָל גיי איך פֿון איין בעטל צום צווייטן, קוק זיך אײַן אין די פּנעמער. ווער האָט עס געשריִען?

אין לאַגער האָט מען אומגעבראַכט אַפּילע די, וועלכע זײַנען בלויז ענלעך געווען אַף ייִדן. דאָ ליגן מענטשן — מאַמעש סקעלעטן, זיי ליגן פֿאַרטראָגנע, אין היץ און אין פֿיבער. איז ווער פֿון זיי האָט עס נאָרוואָס גערעדט אַף מײַן מאַמע-לאָשן? כ'נעם איבערקלײַבן אַלעמען אין זיקאָרן...

וואַרט, דאַכט זיך, אַז איך שטויס זיך אָן, שוין זשע יענער, וואָס ליגט אפֿן סאַמע עקסטן בעטל? זײַן פֿאַמיליע איז מיאַסניקאָוו. איך האָב נאָך פֿון אים קיין וואָרט קיינמאָל ניט געהערט. ער איז דעם צווייטן טאָג אין פֿיבער. כוץ פֿלעקטיפֿוס האָט ער נאָך דיזענטעריע און, דאַכט זיך, אויך אַ גאַנגרענע פֿון אַ פֿוס.

איך זעץ זיך צו אַף זײַן בעטל, נעם אים אָן פֿאַר אַ האַנט. ווייש אויס דעם שווייס פֿון זײַן פּנים, פֿרעג בײַ אים איין מאָל און אַ צווייט מאָל:

— מיאַסניקאָוו, געבן דיר אַ טרונק? — ער דרייט אויס דעם קאָפּ, נאָר אַכוץ אַ קרעכץ הערט מען פֿון אים גאָרניט. איך האַלט צו זײַן קאָפּ און אַליין שעפּטשע איך אין אויער אַף ייִדיש:

— פֿליישמאַן... פֿליישמאַן... איך בין אויך אַ ייִד... — ער טוט אַ ציטער און פֿאַרגייט זיך אין אַ געוויין.

איצט ווייס איך שוין, ווער עס האָט גערופֿן די מאַמע...

פֿאַרטאָג איז מיאַסניקאָוו געשטאָרבן.

די קעלט אין פּאַלאַטע איז אומדערטרעגלעך. דאָס ביסל וואַסער אין עמער איז פֿאַרצויגן מיט אַ הײַטל אײַז. דער פֿעלדשער פֿון אונדזער פּאַלאַטע האָט מוירע, ער זאָל אַליין אויך ניט פֿאַרפֿרירן ווערן, האָט ער אויסגעבעטן אַ דערלויבעניש אָפּצוזעגן די סאָסנע, וואָס וואַקסט ניט ווײַט פֿון לאַזאַרעט.

אפֿן שניי שיט זיך דאָס געלבלעכע זעגעכץ פֿון בוים. אַזאַ פֿראָסט, און עס שמעקט מיט גרינס, מיט פֿרישקייט...

## אלווארדיאן

ווען מען האָט עס געקאָנט קומען אפֿן זינען, אַז אַלוואַרדיאַן וועט זיך פּרוּוון נעמען דאָס לעבן! אַלוואַרדיאַן — דער קלוגער, שטאַרקער מענטש, מיט זײַן שטאָלצן כאַראַקטער, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט דאָס לעבן, — ער האָט געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד! איך האָב זיך ניט געקאָנט מיישבֿ זײַן, וויאַזוי האָב איך עס אַרויסגעלאָזט פֿון זינען די ווערטער, וואָס ער האָט מיר אַנומלטן געזאָגט: ווען מיר איז ניטאָ וואָס צו ריידן, איך פֿאָר מיט אַ שנעלצוג קיין „מאָגיליאָווסק“...

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט האָט מיך אויפֿגעוועקט גליעב:

— גיכער צו אַלוואַרדיאַנען!

אַליין איז ער אַוועק צום דאָקטער זאַרינקינען.

בײַ דער צאַנקענדיקער שײַן פֿונעם קאַנעץ האָב איך דערזען: אַלוואַרדיאַן ליגט אַ שטאַרק בלייכער, פֿונעם לינקן שלייף טריפֿט בלוט. צוויי טיפֿע שניט האָבן זיך געצויגן פֿונעם שלייף צום מויל איבער דער רעכטער באַק. אפֿן דיל האָט זיך געוואַלגערט אַ דין פֿאַרבלוטיקט גאָלמעסערל. קוזמאַ האָט אים געהאַלטן פֿאַר די הענט. ס'איז אַרײַן טיכאָן, דער סאַניטאַר פֿון דער שכיינעסדיקער פּאַלאַטע, און נאָך פֿון ווײַטן אַ געשריי געטאָן:

— לאָז אים אָפּ די הענט, — און אַ שפּרונג געטאָן צו אַלוואַרדיאַנען, — ווי האָסטו געוואַגט, פֿרעג איך בײַ דיר? הײַנט וועסטו זיך נעמען דאָס לעבן, מאָרגן ער, איבערמאָרגן איך, טאַקע דאָס ווילן זיי.

מיך האָט פֿאַרחידעשט, וואָס טיכאָן, וועלכער האָט בעסער פֿון אונדז אַלעמען זיך געקאָנט נעמען אין די הענט, האָט דאָס מאָל זיך ניט אײַנ-

געהאַלטן, געקריצט מיט די ציין און געטרייסלט מיט די פויסטן.

אַלוואַרדיאַן איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און שווער געאָטעמט. טיכאָנעו האָט ער געענטפערט:

— איך ווייס, דו ביסט גערעכט... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ...

אָט דאָ אויפן בעטל האָט אים זאַרינקין פּעסט איבערגעבונדן, לייכט אים אַ שנעל געטאָן אין דער נאָז און געזאָגט:

— עך, נאַריש יינגל! און איך האָב גערעדט מיט אים, ווי מיט אַ מאַנצבל.

גוט, וואָס זאַרינקין האָט זיך אויסגערייט מיט דעם רוקן, עס האָט זיך מיר זייער ניט געוואָלט, אַז עמעצער זאָל באַמערקן, ווי בײַ אונדזער דאָקטער פינקלען טרערן אין די אויגן.

אין איינעם אַן אָוונט זײַנען מיר, פרײַע פון דעזשורסטווע, געזעסן אין סאַניטאַרן־צימער. פּלוצעם האָט זיך צו אונדז דערטראָגן:

— פײַער! פײַער! הוראַ! אַ טויט די פאַשיסטן!

איך האָב גלײַך דערקענט אַלוואַרדיאַנס שטים.

מיר האָבן אַלע זיך אַ לאָז געטאָן צו דער צווייטער פּאַלאַטע. קוזיע איז געשטאַנען און פון דערשטוינונג געפּינטלט מיט די אויגן, — וואָס טוט מען? פאַר אַזאַ צופאַל האָט ער קיין אינסטרוקציעס ניט באַקומען... קימאַט אַלע קראַנקע האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער. מיט אַ פאַרטײַטן אָטעם האָבן זיי געהערט, ווי אַלוואַרדיאַן שרײַט:

— פאַר אונדזער היימלאַנד! פאַר אונדזער סאָוועטיש היימלאַנד!

מיר שטייען פאַרגליווערט, ביז גליעב צעשרײַט זיך אויף קוזיען:

— הערסטו דען ניט, דער קראַנקער רעדט פון שלאָף, פאַרוואָס וועקסטו אים ניט אויף?

קוזמאַ האָט גענומען טרייסלען אַלוואַרדיאַנען:

— דו, אומגליק מײַנער, גענוג צו באָפן!

אַלע האָבן געוואָלט וויסן, וואָס האָט זיך עס אַזוינס געכאָלעמט אַלוואַרדיאַנען. יעגער האָט אָפּגעווישט דעם שטערן און מיט אַ קרעכץ געענטפערט:

— דאָס האַרץ טוט מיר וויי. די לעצטע שלאַכט לאָזט מיך ניט צו רו.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט זיך דער כאָלעם איבערגעכאַזערט. אויף מאָרגן און איבערמאָרגן — די זעלביקע מײַסע. ווי נאָר אַלוואַרדיאַן שלאָפט אײַן, אַזוי נעמט ער שרײַען. עס האָט זיך געדאַכט: דאָס לעצטע ביסל קויעך שרײַט ער אויס. די קראַנקע אין די פּאַלאַטעס זײַנען ניט געשלאָפן. זיי האָבן ניט געלאָזט צומאַכן די טירן. מיט אומגעדולד וואַרט מען, אַז אַלוואַרדיאַן זאָל אָנהייבן ריידן פון שלאָף, און ווערהערט מען נאָר זײַנע אויסגעשרייען, אַזוי הייבן אָן די בענעמער פון די קראַנקע צו לויכטן מיטן לעצטן ביסל פרייד.

אַלוואַרדיאַן קלאָגט זיך פאַרן דאָקטער:

— פון אָט די כאַלוימעס וועל איך אַראָפּ פון זינען. גיט מיר עפּעס אַ רפואה, איך זאָל רויקער שלאָפן.

— וואָס זאָל איך דיר געבן, שלאָף־געטראַנק? וווּ זאָל איך עס נעמען? נאָר דו קימער זיך ווייניקער. איך געדענק עפּעס ניט, אַז עמעצער זאָל שטאַרבן פון אַ כאָלעם...

דעם עמעס געזאָגט, האָט זיך בײַ מיר פאַרגאַנוועט אַ כשאַד, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. שוין צו אָפט כאַזערן זיך איבער זײַנע כאַלוימעס.

קוזיע טײַנעט, אַז עס איז אויסצערגעווייגלעך שווער אים אויפוועקן.

— איך טאָרקע אים, און ער שרײַט: „מיר וועלן זיגן!"

אַז מיר דאַרפן וועגן עפּעס זיך צונויפריידן, גייען מיר מיט גליעבן אָדער מיט טיכאָנעוון צו דער קאַלאָנקע נאָך וואַסער. דאָס, וואָס נאָך יעדע עטלעכע שפּאַן שטעלן מיר זיך אָפּרוען, קאָן בײַ קיינעם ניט אַרויסרופן קיין כשאַד. גאַנצפרי לאָזן מיר זיך אײַנדרײַען אַוועק מיט די עמער. גליעב דערציילט אַ נײַס:

— הײַנט האָב איך דעזשורעט אין פּאַלאַטע. ווי נאָר איך האָב אײַנגעדרימלט, האָט אַלוואַרדיאַן זיך צערעדט פאַר פײַער און פאַר וואַסער. איך גיי צו צו אים, קוק זיך אײַן — זײַנע שוואַרצע אויגן זײַנען ברייט צעעפנט און צו מיר מאַכט ער מיט דער האַנט. ס'הייסט: „וואַרט צו, וועק מיך ניט, איך האָב נאָך ניט פאַרענדיקט". שטיי איך און האַלט זיך קוים אײַן פון געלעכטער. טוט ער עס אַ געשריי: „אַ טויט די פאַשיסטן און די פּאָליצײַען!" דאָ האָב איך שוין ניט אויסגעהאַלטן און גענומען אים טרייסלען. „שטיי אויף, — שרײַ איך צו אים, — און הער אויף צו קערן די וועלט". ער רײַבט אויס די אויגן און פרעגט מיך: „וואָס איז געשען? מיסטאָם ווידער געשריען".

מיר נעמען די עמער, גייען אָפּ עטלעכע טריט און שטעלן זיי צוריק אַוועק אויפן שניי. טיכאָן פרעגט איבער:

— הייסט עס, אַז די פּאָליצײַען האָט ער אויך ניט פאַרגעסן...

אויף מאָרגן האָט אַלוואַרדיאַן געביטן דעם רעפּערטואַר פון זײַנע כאַלוימעס. איצט האָט ער שוין דערציילט וועגן דער מאַפּאָלע, וואָס די היטלעראָווצעס האָבן געכאַפּט הינטער מאָסקווע. דערציילט מיט אַלע איינצלהײַטן, וואָס בלויז מיר, אַ קליינע גרופּע געפאַנגענע, האָבן געוווּסט. בײַ דער טיר איז געוואָרן אַ שטופּעניש. אַהער האָבן געאײַלט אַלע, וועמען די פיס האָבן נאָך געטראָגן.

— שטילער! — האָט קוזיע געשריען, — איך קאָנט אים נאָך אויפוועקן, און דערנאָך גיי וואַרט, ביז עס וועט זיך אים נאָכאַמאָל אַזוינס כאָלעמען.

אַלוואַרדיאַן האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. עמעצער פון די פּאָליציי־לײַט האָט וועגן זײַנע כאַלוימעס געמאָסערט דער קאָמענדאַטור. זאַרינ-

קינען האָט וועגן דעם דערציילט דער איבערזעצער. וואָס טוט מען?

ווידעראַמאָל גיי איך מיט טיכאָנען נאָך וואַסער. ער זאָגט מיר:

— איין אויסוועג איז פאַראַן, דו זאָלסט אים נעמען צו זיך אין פּאַלאַטע. מיט פּלעקטיפוס האָט ער שוין געקרענקט...

אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן.

אין אַ פרײַער מינוט זעץ איך זיך צו צו אַלוואַרדיאַנען אויפן בעטל. ער דערציילט מיר וועגן זײַן מוטער, וואָס אַרבעט שוין לאַנגע יאָרן אַלס פּעדאַגאָג און איז אַ דעפּוטאַט. ער דערציילט אויך וועגן אַ מיידל.

— ס'קאָן זיך מאַכן, — זאָגט ער, — אַז עמעצער פון אונדז זאָל בלײַבן לעבן. איז געזונג, מע זאָל פאַרגעדענקען צוויי ווערטער: לעניגאַקאַן און אַלוואַרדיאַן. אויב צו יענער צײַט וועט איר פאַרגעסן מײַן פאַמיליע, איז שטעלט אָפּ אין גאַס אַן אַרמענער און פרעגט, וויאַזוי איז אויף אַרמעניש „אַ רויז". דער ענטפער וועט אײַך דערמאָנען מײַן פאַמיליע.

איינמאָל, אין אַ קאַלטן, פראָסטיקן טאָג, האָט זיך געעפנט די טיר און אין פּאַלאַטע איז אַרײַנגעקומען דער הויפּט-דאָקטער מיט אַ הויכער, שטאַלטנער פרוי, געקליידט אין שוואַרצן. אָפּשטעלנדיק זיך בײַ דער שוועל, האָט זי געזאָגט צום פּאָליצײַ:

— גאָט נייטיקט זיך ניט אין קיין איידעס, ער האָט ליב, מע זאָל ריידן מיט אים אויג אויף אויג. דו פאַרבלײַב אין קאָרידאָר און מאַך צו די טיר.

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אונדז און זיך טיף פאַרנייגט:

— זײַט געבענטשט, גאָטס באַשעפענישן. איך בין אַ מאָנאַשקע.

זי האָט אַריבערגעפירט דעם בליק פון איין קראַנקן אויפן אַנדערן. אַלוואַרדיאַן האָט זיך צוגעצויגן צו מײַן אויער:

— אָט וועל איך באַלד מיט איר אַ שמועס טאָן...

און טאַקע גלײַך שטעלט ער זיך אויף אויף די קני, איך פרוּוו זיך אײַנצוהאַלטן אים, צעשרײַט ער זיך: „לאָז צורו!" — זײַנע הענט ציטערן, כאָטש זיי זײַנען אײַנגעקלאַמערט אין פאָרענטשע פון בעטל.

— בײַ זיי אויף די בליאַכעס איז אָנגעצייכנט „גאָט מיט אונדז". איז ווילן מיר וויסן, אין נאָמען פון וועלכן גאָט זײַט א י ר צו אונדז געקומען?.. פרוי אין שוואַרצן, היט זיך! דאָ זײַנען פאַראַן אַ סאַך לײַז און ווייניק גאָטספאָרכטיקע... מיר וואַרטן דאָ אויף אַן אַנדער מין מענטש, נאָר יענעם וועט די פּאָליצײַ ניט עפענען די טיר...

גרישען איז באַפאַלן אַ שווערער הוסט. די מאָנאַשקע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. אירע פינגער האָבן פיבערהאַפט צונויפגעדרייט דאָס נאָזטיכל. נאָר אַלוואַרדיאַנס בליק האָט זי אויסגעהאַלטן ביזן סוף.

— באַרויִק זיך, לייג זיך צו, — האָט זי געזאָגט, — קאָנטיק, דו ביסט ניט פון די, וואָס קאָנען שטיין אויף די קני. אויף אַלע דײַנע פראַגן וועל איך זיך באַמיִען ענטפערן, און איצט בעט איך אײַך, — האָט זי זיך געווענדט צו איר באַגלייטער, — לאָזט מיך דאָ אַליין. איך וויל, אַז נאָר איין סאַניטאַר זאָל איבערבלײַבן, — האָט זי אָנגעוויזן אויף מיר, — ער וועט מיר העלפן טראָגן דאָס קוישל.

— גיי, — האָט מיך אונטערגעשטופּט גרישע. — די שפּיל הייבט מור אָן געפעלן.

איך האָב גענומען דאָס קוישל, וואָס איז פול געווען מיט געקאָכטע אָנגעבראַקנעוועטע ווייצקערנער. די קערנער זײַנען געווען צעטראַסקעט, און די אָפּענע בײַכעלעך זייערע זײַנען געווען געלבלעך-ראָז און געשמעקט מיט פאַרקאָכטער מעל.

די מאָנאַשקע האָט צו מיר געזאָגט:

— צייל אויס יעדערן צו צוואַנציק קערנער. שווער-קראַנקע מעגסטו געבן אַ ביסל מער. איך האָב אויך געבראַכט אַהער געקאָכטע קאַרטאָפל, ברויט, וואָס מיר האָבן צונויפגענומען. נאָר מע האָט ניט דורכגעלאָזט...

מיר האָט זיך זייער געוואָלט איר געבן אָנצוהערן, אַז עפּעס שטימט איך זיך אָן, האָב איך איר געענטפערט: „מיר פאַרשטייען, שוועסטער".

זי איז אַרומגעגאַנגען פון בעטל צו בעטל, פאַר יעדערן האָט זי געהאַט אַ וואַרעם וואָרט.

— וואָס טוט דיר וויי, קראַנקער?

— דער פּ ס. ער ברענט, ווי אַ פײַער.

— אָנו, באַווײַז. אָ, דאָס איז אַ גאַנגרענע. ניט דיר האָט עס באַדאַרפט טרעפן. אין געגנעם אויפן פײַער וועלן ברענען די, וואָס מאַטערן אײַך דאָ.

זי פרעגט בײַ אַ צווייטן:

— וויפל ביסטו אַלט?

— אַכט און צוואַנציק. איך וואָלט אײַך וועלן בעטן, אַז אָט דער לעפל זאָל ווען-ניט-איז אָנקומען לויטן אַדרעס, וואָס איז דאָ אויסגעקריצט.

זי נעמט דעם אַליומיני-לעפל. מיט אַ דינעם פּינקטיר איז אויסגעקריצט דער קאָנטור פון אַ פרוי מיט אַ קינד, דער אַדרעס און אַ קורצע אויפשריפט: „זײַט גליקלעך, מײַנע טײַערע"...

— דײַן ווילן זאָל אויסגעפילט ווערן! נאָר דער לעפל זאָל בלײַבן בײַ דיר.

— פאַרוואָס?

— מיר איז פאַרבאָטן עפּעס אַרויסטראָגן פון דאַנען אָדער פאַרשרײַבן עפּעס וואָס. מע קאָן מיך באַזוכן, און דעמאָלט וועל איך שוין אויף געווים מער אַהער ניט קומען... זאָג, דו ביסט אַ קינסטלער?

— ניין, אַן אינזשעניער-טעכנאָלאָג. נאָר מײַן טאַטע איז געווען אַ גראַווער. איז נעמט איר ניט דעם לעפל?

— גוט, איך וועל אים נעמען.

עס דערהערט זיך ווידער אַלוואַרדיאַנס קאָל:

— לעבעדיעוו, נעם צו דײַן לעפל. אזוי ריזיקירן איז נאריש.

דער לעפל בלײַבט ליגן אפן בעטל. ווען די פרוי גייט צו צו גרישען, דערלאנג איך איר דעם איינציקן טאבורעט, וואָס מיר פארמאָגן. זי לאָזט קיין אויג ניט אראָפּ פון די צוויי שראמען, וואָס ציִען זיך איבער אלווארדיאנס געזיכט, און פונעם שטיקל מארליע, וואָס איז צוגעקלעפּט צו דער ברוסט. זי זאָגט שטיל-שטיל:

— א דאנק אײַך, כאווער.

אלווארדיאן האָט א ציטער געטאָן. א פײַערל האָט אופגעבליצט אין זײַנע אויגן:

— שוועסטער, איר זאָלט פארגעדענקען אלץ, וואָס איר האָט דאָ געזען.

און דערנאָך זיך א כאַפּ געטאָן:

— ציילעמט מיך ניט...

נאָר זי האָט צונויפגעלייגט דרײַ פינגער און נעטאָן אירם.

ערשט ניט לאנג האָט אלווארדיאן נאָך געגלייבט, אז עס וועט זיך אים אײַנגעבן מיט אונדז צוזאמען אנטלויפן. און גראָד איצט, ווען מיר פּרוּוון זיך פארווירקלעכן אונדזער טרוים, זאָגט מיר גרישע:

— מײַן לידל איז שוין אָפּגעזונגען... דו ווייסט, איצט גלייב איך, ווי קיינמאָל ניט, אז מיר וועלן זיי בײַקומען. נאָר איך, איך וועל שוין אהיים זיך ניט אומקערן...

דער פינפטער מײַ האָט זיך אויסגעגעבן א ליכטיקער און א ווארעמער. גליעב, טיכאָן און איך זײַנען געשטאנען אין הויף בא דער קאמער, ווו עס זײַנען צונויפגעלייגט אין שטאבעלן די מייסים. אהער האָבן מיר געבראכט אלווארדיאנען. מײַן בליק פארהאלט זיך אף אן אלטער שילד, מיט וועלכער ס'איז פארקלאפּט א לאָך אונטער דער סטריכע. אף דעם בלעך קאָן מען נאָך אלץ איבערלייענען „מאָגיליאָווסקי". די איבעריקע אויסיעס זײַנען אָפּגעבליאקעוועט. ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן מיר געבראכט אהער אונדזער דאָקטער אלעקסאנדער איוואנאָוויטש זארינקינען. וועמעס ריי איז איצט? ניכער פאר אלץ, מײַנע...

איך קוק אף דעם שטעכיקן דראָט, אונטער וועלכן איך באמערק גרעזעלעך, לעבעדיקע, גרינע גרעזעלעך. זיי זײַנען נאָך זייער דין, עס וויגט זיי א שוואך ווינטל. זיי שעמערירן מיט א ליכטיקער גרינקײַט, דער פרילינג קומט...

## אָגינסקיס פאָלאָנעז

שוין דאָס דריטע מאָל, ווי מע פירט די סאניטארן אף ארבעט אין שטאָט. אלס לוין באקומען מיר נאָך א פּײַקע ברויט און א קעסעלע באלאנדע. כוץ דעם שטופּן מיר אָן די קעשענעס מיט געקאָכטע קארטאָפל און שטיקלעך ברויט, וואָס די קינדער און פרויען שענקען אונדז. זיי וואַרטן אין די ליקעלער, דורך וועלכע מע פירט די ארבעטס-קאָמאנדעס.

ווי אפּצולאָכעס, זײַנען מיר אלע דרײַ — גליעב, טיכאָן און איך — דערווײַל קיין איין מאָל ניט ארײַנגעפאלן צוזאמען אין איין ארבעטס-קאָמאנדע. מיר דאכט, אז ווען עס גייט זיך אונדז אײַן אונטערקלײַבן נאָך א פּאָר מענטשן, וואָלטן מיר געקאָנט אָנפאלן אף די צוויי קאָנוואָירן, וואָס באגלייטן אונדז.

דער קאָמענדאנט, ווי ער וואָלט געלייענט אונדזערע געדאנקען, האָט אײַנגיכן פארבאָטן נעמען די סאניטארן אין שטאָט אף ארבעט.

נאָר איצט ווייסן מיר שוין, אז ניט ווײַט פון מאָלעוו, אין די וועלדער, האלטן זיך אוף פּארטיזאנער. איצט איז שוין ניטאָ קיין רייד וועגן דערקלײַבן זיך צו דער פראָנט-ליניע. וואָלט זיך נאָר אײַנגעגעבן אנטלויפן פונדאנען...

איך און גליעב גיבן אָפּ טיכאָנען יעדן טאָג א פערטל פון אונדזער ברויט. ער באהאלט עס אפן בוידעם, ווו מיר האָבן שוין צוויי שארפע מעסערס, א רידל אָן א הענטל און א קליין שערל.

א טופּען פון טריט אף די טרעפּ. דאָס אײַלט אהער דער איבערזעצער פונעם לאגער:

— אלע סאניטארן אפן ערשטן שטאָק! שטעלן זיך אין א ריי, שנעלער!

פון זינט איך געפין זיך אין לאזארעט איז עס דאָס ערשטע מאָל, מע זאָל פאָדערן, אז די סאניטארן זאָלן זיך אויסשטעלן אין א ריי.

— קומט, — רופט אונדז דער עלטערער סאניטאר פון לאזארעט אווערעאָוו. ס'איז צו זען, אז אויך ער איז באאומרויִקט.

— פּאשע, — כאפּט ער אָן דעם איבערזעצער בא דער האנט, — וואָס איז געשען?

— גענוי ווייס איך ניט. נאָר שרעקן זיך איז ניטאָ פאר וואָס.

דער ערשטער שטעלט זיך אין דער ריי אווערעאָוו, נאָך אים די איבעריקע עלטערע סאניטארן. גליעב, טיכאָן און נאָך דרײַ מענטשן זײַנען ניטאָ. זיי טראָגן קארטאָפל פון שפּײַכלער אין קיך ארײַן. איך רוק זיך צו נעענטער צום ווינקל, ווו עס שטייט א לייטער, אָנגעשפּארט אין דער וואנט.

אנטקעגן אונדז איז געשטאנען דער געהילפס-קאָמענדאנט פון לאגער, אן אויסגעפּוצטער אָפיצער מיט א זאט געכאָליעט פּנים, מיט אן אקוראטער פריזור און פארדרייטע וואָנצעס. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אָקאָרשט אראָפּ פון אן אלטמאָדישער שילד פון א שערערײַ.

דער איבערזעצער דערקלערט דעם אָפיצערס ווערטער:

— עס פאָדערן זיך סאניטארן פאר א לאזארעט. דאָרט וועט איר באקומען גוטע שפּײַז. ווער עס וויל, זאָל מאכן דרײַ שפּאן פאָרויס.

מיר זײַנען שוין אזוי געוווינט ניט גלייבן די פאשיסטן, אז קיינער רירט זיך ניט פון אָרט.

— נו, ווער? — כאזערט איבער דער דײַטש. ארום איז געוואָרן אזוי שטיל, אז איך הער, ווי ס'קלאפּט דאָס הארץ.

— ווער איז דאָ דער עלטערער סאַניטאַר?

— איך, — ענטפערט אַווראַם.

— אַרויס פון דער ריי!

קאַזימיר וולאַדימיראָוויטש שטייט א בלייכער. דער געהילפס-קאָמענדאַנט האָט זיך געלאָזט לענגאויס דער ריי און באַפוילן די סאַמע יונגע אַרויסגיין פאָרויס. נאָר דאָס איז נאָך אַלץ ווייניק. ער הייסט אַוורעמען אַרויספירן פון דער ריי נאָך עטלעכע סאַניטאַרן. אַוורעמל גייט פון איינעם צום צווייטן און אַז ער ווייזט אָן מיטן פינגער, דערהערט זיך דעם דײַטשס קאָמאַנדע:

— פאָרטרעטען!

ווען אַוורעמל דערנעענטערט זיך צו מיר, זאָג איך אים שטילערהייט:

— איך בעט אײַך, מיך נעמט ניט.

נאָר ער ווײַזט אָן אויף מיר מיטן פינגער און אין א ווײַלע אַרום דערהערט זיך:

— פאָרטרעטען!

שוין דער דריטער טאָג, אַז מיר זײַנען אין אַלגעמיינעם לאַגער.

פאַרטאָג, ווי נאָר מע האָט אויסגעלאָשן דעם לאַמטערן, האָט זיך דערטראָגן א הילכיק קלאַפּן פון אײַזן איבער א רעלס. א פּאָליצײַ שרײַט:

— שנעלער, נאָך באַלאַנדע!

ניט ווייניקער פון א שעה שטייען מיר דערנאָך אויפן פּלאַץ, ביז עס באַווײַזן זיך עטלעכע היטלעראָווצעס. ווען זיי גייען לענגאויס דער קאָלאָנע, וואַרפט אייגער פון זיי אַראָפּ אויף דער ערד א ניט דערייכערטן פּאַפּיראָס. א געפאַנגענער בייגט זיך אָן, כדי אויפהייבן דעם „ביטשאָק". דער פאַשיסט האָט, ווײַזט אויס, אויף דעם געוואַרט, ער טוט זיך האַסטיק א קערעווע אויס און נעמט שלאָגן דעם געפאַנגענעם מיט די פויסטן, מיט די אויסגעפוצטע שטיוול. דעם פּאָליצײַ, וואָס שטייט לעבן אים, זאָגט ער:

— אין קאַרצער! דאָרט וועל איך זיך מיט אים באַשעפטיקן...

מע ברענגט צו פירן נאָך עטלעכע געפאַנגענע. און אַפיצער לייענט דעם באַפעל פונעם קאָמענדאַנט שולץ. דאָרט ווערט אויסגערעכנט, וועמען פון די ערשט געבראַכטע עס קומט צוואַנציק שמיץ, וועמען דרײַסיק און וועמען גאַנצע פופציק. איך שטיי דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, די ליפּ פאַרביסן. אַוורעמל מאַרקעט מיך. אַלע זײַנען מיר מעכוויעוו ק קן אַהין, וווּ עס קומט פאָר די עקזעקוציע. עס לאָזט זיך אויס, אַז הײַנט איז נאָך א גוטער טאָג — מע האָט קיינעם ניט געשאָסן, קיינעם ניט אויפגעהאַנגען, פון די שמיץ איז קיינער אויפן אָרט ניט געשטאָרבן.

די היטלעראָווצעס ווילן וויסן, צי זײַנען פאַראַן צווישן די געפאַנגענע אויטאָמעכאַניקער, אויטאָשלאָסער, גלעזער און גערטנער. אויף דער שטעלע פון א גערטנער זײַנען קיין באַלאַנים ניטאָ. דאָס איז דערפאַר, ווײַל אַרבעטן וועט מען אויסקומען בא שולצן. אין לאַגער ווייסט מען שוין, אַז פון שולצס הענט איז שווער אַרויס א לעבעדיקער. טאַקע דאָ, אין לאַגער, האָט מען פאַרן קאָמענדאַנט צעגראָבן און פאַרזעצט א הירשן גאָרטן. פון שולצס אָפענע פענצטער דערטראָגן זיך אַהער קלאַנגען פון באַקאַנטער מוזיק. אַוורעמל דערמאָנט זיך:

— אָ יינבקים באַלאַנען...

דאָס געפײַף פון ריטער איבער אויסגעדאַרטע לײַבער פון די געפאַנגענע אונטער דעם אַקאָמפּאַנעמענט פון אָגינסקיס פּאָלאָנעז... קאָן זײַן, אַז אויך איצט, אין יאָרן אַרום, זיצט ערגעץ שולץ, קוויקט זיך מיט אָגינסקיס פּאָלאָנעז און קוקט דורכן פענצטער, ווי עמעצער באַגיסט אין זײַן גאָרטן די בלומען. מענטשן! אין נאָמען פון די אומשולדיק אומגעקומענע, לאָזט ניט אַרויס פון אויג שולצן. פאַרגעסט ניט אין אים, אויב אפילע ער פאַרנעמט זיך מיט אויסכאָוען טויבן.

* * *

מיכאָן קלײַבט זיך דערווײַל ניט לויפן פונעם לאַגער, גליעב איז גרייט כאָטש הײַנט. זיי גיבן מיר דאָס פאַרזשאַווערטע קעסטל קאָנסערווירטע בעבלער, וואָס מיכאָן האָט פאַרבאַהאַלטן אויפן בוידעם. מיט גליעבן רייד איך אָפּ: אויב מע וועט אונדז אַרויספירן אויף אַרבעט און איך וועל זיך ניט אומקערן, האָב איך זיך באַהאַלטן אין די כורוועס, ניט ווײַט פונעם לאַגער. און ווי נאָר עס וועט ווערן פינצטער, וועל איך זיך אַריבערקלײַבן אין וועלדל און ביז אַרום איינס אַזייגער באַנאַכט וואַרטן אויף אים.

צוויי פּאָליציי-לײַט פירן אונדז אַרויס דורך די טויערן, וואָס געפינען זיך נעענטער צום וועלדל. ניט ווײַט פון דער דראָט-פאַרצוימונג שטייט די כורווע, וועגן וועלכער איך האָב אײַנגעטײַנעט מיט גליעבן. ביז האַלבן טאָג האָבן מיר געקליבן לענגאויס דעם וועג און אויפן פעלד פאַרשיידענע אָפּפאַלן — פאַרגעלטע פּאַפּירלעך, שטיקלעך אײַזן, שפּענדלעך. צוריק אין לאַגער זײַנען מיר אויך געגאַן ניט אין איין קאָלאָנע — צעזייט זיך איינציקווײַז. יעדערער האָט געזוכט אונטער די פיס, עפּשער וועט ער געפינען עפּעס וואָס צום עסן. צו אונדז, סאַניטאַרן, איז מען ניט שטאַרק שטרענג.

ווען מיר זײַנען צוגעגאַנגען צום כאָרעוון מויער, האָב איך אומבאַמערקט זיך אַרײַנגעכאַפּט אַהין. איך שטיי און קוק אַרויס דורך א שפּאַרונע ביז אַלע איבעריקע גייען אַרײַן אין די טויערן. ווײַזט אויס, אַז מע האָט זיי ניט איבערגעציילט, און קיינער האָט נאָך ניט באַמערקט, אַז איך בין נעלעם געוואָרן. איך קריך אויף אַלע פיר, ביז איך דערקלײַב זיך צו די טרעפּ, וואָס פירן אין א קעלער. דאָ שטייט א גרויסער פאַרזשאַווערטער קעסל. ניט אַנדערש, אַז עס איז דאָ געווען א קעסל-גרוב, כאָטש קיין קוילן-שלאַק זעט מען ניט. דערפאַר וואַלגערט זיך גענוג מיסט, צעבראָכענע ציגל, ליים, ביינער, שמאַטעס. איך פאַרקלײַב זיך אין א ווינקל, צי זיך אויס און ליג שטיל. די גאַנצע צײַט שטייט מיר פאַר די אויגן אַוורעמל. שוין זשע האָט ער זיך נאָך ניט געכאַפּט, אַז איך בין נעלעם געוואָרן? אָט איצט איז ער געווים אַרײַן אין באַראַק און לאָזט זיך

נאָבן שפּיִז-קעסעלע, וואָס שטייט אַף די נאַרעס. גוט, וואָס מײַן קעסעלע איז מיט מיר. אַנדערש וואָלט מען זיך גלײַך אָנגעשטויסן.

איך בין גרייט אָפּגעבן א האלב לעבן, עס זאָל גיכער טונקל ווערן, זאָל כאָטש א גאָס טאָן א שלאַקסרעגן, זאָל זיך פֿון ערגעץ אָנטראָגן א שווערע כמאַרע. די זון איז אָבער אין סאַמע זעניט, דער הימל איז טיף און ריין און קיין ווינטל הוידעט אפילע ניט די גרעזעלעך.

איך זיך אָפּ א שטיקל אײַזן, לייג אַוועק דאָס שאַכטל קאָנסערוון אַף א שמאַטע, מיט א צווייטער שמאַטע פאַרוויקל איך די הענט און קלאַפּ שטילערהייט אינעם אײַזן. איך בין זיכער, אַז די באָבן זײַנען שוין פֿון לאַנג קאַליע, אַז עסן וועט מען זיי ניט קאָנען. לאָזט זיך אויס — זיי זײַנען פֿריש און געשמאַק. איך נעם אָן איין לעפל, א צווייטן, מער טאָר מען ניט. אויב דער פּלאַן וועט זיך מיר אײַנגעבן, איז עס די איינציקע שפּײַז מײַנע.

וויפל צײַט איז אַוועק, זינט איך האָב זיך אָהער פאַרקליבן? א שעה, צוויי? און עפּשער האַלט שוין די זון באַם זעצן זיך? גוט, וואָס הײַנט איז שאַבעס און נאָך האַלבן טאָג וועט מען שוין מער אַף אַרבעט קיינעם ניט טרײַבן. ווען איך הייב שוין אָן גלייבן, אַז מײַן אָנווזנהײַט האָט קיינער ניט באַמערקט, דערהער איך, ווי ערגעץ נאָענט רעדט עמעצער.

איך קאָרטשע זיך צונויף אין א קנויל און פאַרמאַך די אויגן. מע האָט געטראָפן אַהער א סאַך גיכער, איידער איך האָב געמיינט. די סאַמע קלענסטע דעטאַלן האָב איך דורכגעטראַכט. נאָר אַז אַף דער ערד וועלן פאַרבלײַבן שפּורן פֿון מײַנע טריט, דאָס האָב איך ניט פאָרויסגעזען.

דעם פּאַס שײַן, וואָס ציט זיך לענגאויס די טרעפּ, שנײַדט איבער א שטראַל פֿון א טאַשן-לאַמטערן און נעמט נישטערן.

— איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז ער איז ערגעץ אַנשלאָפֿן געוואָרן, — דערקען איך אַוועראָווס שטים.

איך רוף זיך ניט אָפּ. עמעצער טוט מיר א זעץ מיטן פֿוס אין פּאָנעם. איך באַגיס זיך מיט בלוט. דאָס קאָנסערוון-שאַכטל טוט א זעץ אין דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. מע שטופּט מיך צו די טרעפּ. איצט זע איך, ווער עס איז געקומען נאָך מיר: דרײַ פּאָליציי-לײַט און אַוועראָוו. איינער פֿון די פּאָליציאַנטן איז דער, וואָס האָט אונדז געפֿירט אַף דער אַרבעט. מע פֿירט מיך אין דער קאָמענדאַטור. באַם אַרײַנגאַנג זיצט דעמטשענקאָ, דער שעף פֿון פּאָליציי. איינער ראַפּאָרטירט אים אָפּ, אַז דער פאַרפאַלענער איז געשלאָפֿן אין דעם צעריונירטן מויער.

— באַזוכן! — באַפוילט דעמטשענקאָ.

עס הייבט אָן טליען א פֿונק פֿון האָפֿנונג: מע האָט מיך אָנגערופֿן „פאַרפאַלענער“, און ניט „אַנטלאָפֿענער“.

— דער-צייל, — זאָגט דעמטשענקאָ.

איך וויש אויס דאָס בלוט, וואָס רינט פֿון דער נאָז, און הייב אָן:

— אין קעסל-גרוב האָב איך געפֿינען א פּושקע קאָנסערוון... א פּאָר לעפל אויפגעגעסן, האָט מיר אָנגעהויבן שנײַדן אין בויך. איך האָב זיך אַזוי לאַנג געקאָרטשעט, ביז איך בין, ווײַזט אויס, אײַנגעשלאָפֿן...

— די מײַסע, — זאָגט ער, — איז מיר באַקאַנט. איינעם אַזאַ „כאָכעם“ האָבן מיר ווינטער פֿון דאָרט אַרויס געשלעפּט אין א פֿאַרגעהאַנגען... ווער האָט זיי געהיט? — ווענדט ער זיך צו די פּאָליצײַען.

— איך, — ענטפֿערט איינער שטיל.

— קום אַהער.

יענער דערנענטערט זיך מיט א זײַט, נאָר עס העלפֿט אים ניט. ער כאַפּט מיטן פֿוס אין בויך.

דעמטשענקאָ טוט א ווײַז אַף מיר:

— אין קאַרצער!

ניט איין מאָל בין איך פאַרבײַגעגאַן אָט דאָס הויז און ניט געוווּסט, אַז דאָס איז דער קאַרצער. איך לאָז זיך אַראָפּ אַף פֿיר אָדער פֿינף טרעפּלעך, דערנאָך גיי איך מיט א קאָרידאָר, וואָס פאַרקערעוועט אַף רעכטס. דער פּאָליצײַ, וואָס האָט מיך געבראַכט אַהער, זאָגט עפּעס דעם וואַכמאַן, און יענער פֿירט מיך צו דער עקסטער טיר.

— עפֿן, — באַפֿוילט ער מיר.

ווי נאָר איך ריר אָן די טיר, טוט מען מיך אַזאַ זעץ פֿונוּטן, אַז די טיר צעפּראַלט זיך און איך פֿלי אַזש ביז דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. עטלעכע מינוט ליג איך אַפֿן צעמענט, דערנאָך פּרוּוו איך אויפֿהייבן די הענט, פּרוּוו זיך שטעלן אַף די פֿיס — דאַכט זיך, איך בין גאַנץ.

די איינצלקאַמער, זי איז גאָרניט אַזוי קליין! פֿאַראַן דאָ א פֿענצטער, נאָר עס איז פאַרלייגט מיט ציגל, פאַרשמירט מיט ליים. און בלויז פֿון אויבן איז פאַרבליבן א מין פאַרגראַטעוועטע פֿאָרטקע. דאָך איז גענוג ליכטיק, און איך דערזע, אַז די ווענט און אַפילע די סטעליע זײַנען פֿול מיט אויפֿשריפֿטן. עס זײַנען אויסגעקריצט פֿאַמיליעס, נעמען, דאַטעס, אַדרעסן, פּאַטריאָטישע אויסרופֿן, אייצעס, קלאָלעס און אַפילע א ליד פֿון פֿיר סטראָפֿעס. מיט די נעגל קריץ איך אויס מײַנע איניציאַלן און די דאַטע. יעדעס מאָל, ווען איך דערהער טריט אין קאָרידאָר, וועט מיר פאַרקילט דאָס בלוט. איך נעם זיך אָן פֿאַר די גראַטעס און הייב אָן אַרויסקוקן אין גאַס. דאָס פֿענצטער גייט אַרויס אַף מײַרעוו, זע איך, ווי די זון האַלט באַם זעצן זיך. אָט דער צווייטשטאָקיקער מויער, וואָס אַנטקעגן, וועט מיר שטערן זען, ווי זי פאַרשווינדט הינטערן האָריזאָנט. דערפֿאַר אָבער שעמערירן די לעצטע שטראַלן אַפֿן בלעכענעם דאַך. לאָזט זיך אויס אַז מע דאַרף גאָר ניט זײַן קיין העלד, קעדיי פֿאַרן טויט ניט קאָנען אָפּרײַסן דעם בליק פֿון דער פאַרגייענדיקער זון.

איך קלײַב זיך שוין אַוועקגיין פֿונעם פֿענצטער, פּלוצעם דערזע איך אַף דער גאַס א באַקאַנטן מענטשן. און נאָך איידער איך באַוויַז א טראַכט טאָן, שרײַ איך אויס:

— אַלעקסייעוו! אַלעקסייעוו! — ער קוקט

זיך אום: ווער רופט עס אים? איך שרײַ ווידער:

— אלעקסייעוו, גיי צו צום קארצער!..

— היי, דאָכאָדיאגא, — דערהער איך דאָס קאָל פונעם פּאָליציי, וואָס איז געשטאנען אינדרויסן, — ווער אנשוויגן, אניט וועל איך דיך באלד איבערפירן אין שטרענגן קארצער, פון דאָרט וועט קיינער ניט הערן דײַן קאָל.

— אזוי, — טראכט איך, — זײַנען, הייסט עס, דאָ בישכיינעם אויך אנדערע קאמערן...

אלעקסייעוו רעדט עפּעס מיטן וואכמאן, דערנאָך דערנעענטערט ער זיך צו מײַן פענצטער און פרעגט בא מיר:

— פונוואנען ווייסטו מײַן פאמיליע?

איך און אלעקסייעוו זײַנען פון מיליטער-שול, פון איין וזוואָד. ער איז געווען ביז דער מילכאָמע אן אינזשעניער. געארבעט אין דער שטאָטישער קאָמונאלער ווירטשאפט. צי דען דערקענט ער מיך ניט?

— איז אָט ווער דו ביסט! — דערמאָנט ער זיך, — און איך האָב געמיינט, אז איך בין דער איינציקער פון אונדזערע בעוורע לעבן געבליבן. איך וועל צו דיר ארײַנגיין שפּעטער.

אלעקסייעוו האָט זיך זייער ווינציק געענדערט. ער איז ריין אָנגעטאָן, גייט ארום פרײַ איבערן לאגער. צוליב וואָס האָב איך אים באדארפט אָפּשטעלן? ער ווייסט, ווער איך בין. אָט איצט קאָן איך זאָגן, ווי אלוואַרדיאן: „מײַן לידל איז אָפּגעזונגען". נאָר מיך וועט מען דערצו נאָך פּײַניקן...

— דעמטשענקאָ האָט מיר דערלויבט צו אים ארײַנגיין, — הער איך, ווי אלעקסייעוו זאָגט דעם וואכמאן, וואָס שטייט אין קאָרידאָר. גיך, טראכט איך, האָט ער שוין באוויזן מיטיילן וועגן מיר דעמטשענקאָן. א וואזשנער פויגל, אים גלייבט מען אפן וואָרט. ער קומט ארײַן און פארמאכט די טיר.

ער דערלאנגט מיר די האנט, נאָר ווען ער טוט א זאָג: „וואָס, זיך ניט אײַנגעגעבן אנטלויפן?"

— לאָז איך זי ארויס און טרעט אָפּ צו דער וואנט. ער רעדט שטיל, קוים וואָס איך הער.

— דעמטשענקאָ איז א קלוגע בעסטיע, ער האָט אלץ פארשטאנען, נאָר ער וויל ניט, אז שולץ זאָל זיך דערוויסן, ווײַל די פּאָליציי-לײַט זײַנען אין דעם אויך שולדיק...

קיין צוטרוי רופט בא מיר אלעקסייעוו ניט ארויס, און דערפאר ענטפער איך:

— איך בין ניט געלאָפן. פון די קאָנסערוון האָט מיר אָנגעהויבן דרייען אין בויך, דערנאָך בין איך אנשלאָפן געוואָרן.

— זאָל זײַן אזוי, — שלאָגט ער מיך איבער.

— איך בין ניט קיין אויספאָרשער.

— איז ווער ביסטו?

— דעמטשענקאָס דענשטשיק.

— וואָס וועט ער טאָן מיט מיר?

— וואָס עס וועט אים אײַנפאלן אין קאָפּ. ביז מאָנטיק איז ער דאָ דער באלעבאָס. ער קאָן דיך דערשיסן און קאָן דיך באפרײַען. נאָר אלץ ביז מאָנטיק. איבערמאָרגן גאנצפרי טאָרסטו שוין דאָ ניט זײַן, אניט וועט ער אליין כאפּן א רעכטן פּסאק. און צי ווייסטו, אשטייגער, וואָס ער פאָדערט פאר דײַן קאָפּ? א פּרעזשעניצע.

— א וואָס? — פרעג איך אים.

— א פּרעזשעניצע פון פינף פרישע אייער. פון געזונטע צי פון הינערשע, דאָס איז אלצאיינס. נאָר א פּרעזשעניצע געפּרעגלט אף פּוטער, באשאָטן מיט גרינע ציבעלקעס. איך דארף זי אים אונטערטראָגן ניט שפּעטער, ווי מאָרגן צום אָנבײַסן...

פון דער מינוט אָן איז פאר מײַנע אויגן געשטאנען נאָר איינס: אייער, גרויסע שפּיצעכיקע — געזונטע, עטוואָס בלוילעכע, ווײַסע, קײַלעכיקע — הינערשע. איך זע א טשאטשע געגנדז שטשיפּען דאָס יונגע גראָז. פארטאָג אײַלן זיי צום סטאוואָק און שאָקלען זיך אף די ברייטע פיסלעך, וואָס זײַנען ראָז און פּײַכט... מײַן לעבן קאָן מען איצט געווינען פאר פינף ווײַסלעך און פינף געלכלעך, פארהילטע אין דינער שאָלעכץ...

אלעקסייעוו האָט צוגעזאָגט, אז ער וועט זיך פּרוּוון דערשלאָגן צו שולצס דענשטשיק. עפּשער וועט יענער קריגן אייער. אים איז לײַכט געווען זאָגן: „עפּשער".

א ווארעמע פרילינגדיקע נאכט לאָזט זיך אראָפּ אף דעם לאגער מיט זײַנע הויכע וואכטורעמס און עלעקטריזירטע שטעכיקע דראָטפארצוימונגען. דער הימל ווערט אלץ טונקעלער, און איך שטיי נאָך און האלט זיך צו מיט די הענט פאר די אײַזערנע גראטעס פונעם טפיסעפענצטער. די צײַט גייט. ניין, ניט קיין טעג, נאָר שאָען, מינוטן, רעגעס — איז מײַן צײַט.

...נאָר געשען איז א נעס: אלעקסייעוו האָט געקראָגן אייער און בוימל און אפילע א ציבעלע. זונטיק באטאָג בין איך ארויס פון קארצער.

אין איינעם פון די ערשטע זומער-טעג האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אף אָפּצופירן צו דער סטאנציע און פון דאָרט מיט א פראכט-וואגאָן ערגעץ ווײַטער. געזעגענען זיך מיט מיר זײַנען געקומען טיכאָן און גליעב. איך שטיי אין א זײַט און רייד מיט זיי.

פון יענער זײַט דראָט איז א ברייטע לאָנקע, ערשט ניט לאנג האָבן דאָרט געבליט בלויע ניעזאבודקעס, און איצט איז זי באשאָטן מיט ווײַסע ראָמאשקעס און לילאָווע גלעקעלעך.

בייסן געזעגענען זיך זאָגט מיר גליעב:

— צי מיר וועלן זיך נאָך אמאָל באגעגענען, ווייס איך ניט. אזא איז שוין דער סאָלדאטישער גוירל...

און טיכאָן גיט צו:

— זײַ בא זיך ניט געפאלן. צוויי מאָל האָט זיך דיר ניט אײַנגעגעבן אנטלויפן. דאָס דריטע מאָל וועט געוויס געלינגען.

אזוי איז דאָס טאקע געווען...

נאָר וועגן דעם — אן אנדערש מאָל.

1958 — 1961.

# לידער פון אונדזערע פרײַנט



## פּייסעך בינעצקי

געבוירן אין 1910 אין ביאַליסטאָק (פּוילן). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1938. וווינט אין טעל-אביוו.

## אַקטיאַבער

אלע טרויערן אַקטיאַבער האָט פאַרלייקנט,
אלע הארבסטן אָפגעוואָרפן אָן א זײַט,
אויב אַן אויג אין טרערן טוט נאָך ווייקן,
וועט עס פון די טרערן זײַן באפרײַט...

אלע אומעטן אַקטיאַבער האָט פארגאָסן
מיט א קאָכיקער א רויטער פארב.
אויב אין הערצער טליִען נאָך פארדראָסן,
וועט אַקטיאַבער זיי באפעלן: שטארב!

אלע אלטקײַטן אַקטיאַבער האָט פאַריונגערט,
אלע האָפענונגען אופגעוועקט אפסנײַ,
אויב א מענטש איז נאָך צום לעבן אויסגעהונגערט,
וועט אַקטיאַבער אים ניט גיין פארבײַ.

נאָר מיט אלע ליכטיקײַטן אים באשײַנען —
ער אליין דערקענען זאָל זײַן ווערט,
ווײַל פון אלע טויזנט יאָרן פּײַנען
וועט אַקטיאַבער אויסלייזן די ערד.

## רום דעם מענטש פון ווונדערלעכן לאנד

רום דעם מענטש פון ווונדערלעכן לאנד,
ווו הונדערט פעלקערריידן אף איין שפראך.
און ווו די מי, דער הייליקסטער פארבאנד,
פון ברידערשאפט א טוגנד האָט געמאכט.

רום דער מי, באפרײַטער פונעם יאָך,
וואָס כוואליעט, ווי א יאם, איבער דער ערד
און וואָס דער מענטש אין פוסטריט גייט איר נאָך,
און ס׳איז די פרייד פון שאפן אים באשערט.

רום דעם מענטש סאָוועטישן, א לויב!
א צווייטיליארדיק הארץ אים הײַנט באזינגט,
ווײַל בא די שטערן האָט ער זיך באגלויבט,
אפילו די לעוואָנע ער באצווינגט...

רום דעם טרוים, וואָס איז געוואָרן וואָר,
רום דער וואָר, וואָס איז געוואָרן טרוים!
רום דעם גרויסן לענינישן דאָר,
וואָס האָט זײַן פאָן דערהייבן ביז צום רוים!

1960.

---



### כאנע סאפראן

געבוירן אין 1902. דאָס ערשטע בוך ארויס-געגעבן אין 1945. וווינט אין מיאמי בימש (אמעריקע).

## קומען זיי, די יונגע...

זי איז שוין דאָ,
די נײַע צײַט,
אין דעם גאנג פון אונדזער וועלט,
געיאָגט פון בײַטשנדיקער נויט,
אין דעם מענטשנס גאנג פאָרויס
דורכן לאבירינט פון לעבן.

אין דעם פלאָנטער: וועגן, שטרעבן,
האָט מײַן דאָר
אין א פינצטערן קאָרידאָר
א טיר געפונען אין א וואנט,
זי געעפנט
און איבערן שוועל
ארײַנגעשפאנט.

קומען זיי, די יונגע, קומען
אויסגעבענקטע נאָך די זונען,
אויסגעשמידטע אין געראנגלען,
רײַף מיט צײַטיקע פארלאנגען
פון דעם ליכטיקן קאיאָר.
ס׳וואָרט פון שאָלעם אפן גומען,
ס׳ליד פון פרײַהײַט אין די טריט.
און אלץ, וואָס טראָגט די זון אין בלוט,
און אלץ, וואָס איז געזונט און גוט,
גייט מיט.

יאָ, זי איז שוין דאָ,
די נײַע צײַט.
דער אלטער וועג איז אָפגעשניטן,
פארוואלגערט מיטן שניט פון טויט.
און די, וואָס קראפט פון לעבן היטן,
וואָס היטן אונדזער זאלץ און ברויט,
בלאָנדזשען מער נישט אף די וועגן
אין דעם פינצטערן לאבירינט.
מאָרגן וועט א קינד אונדז פרעגן:
ווער האָט ערד פארוויסט, צעשניטן?
ווער האָט בוים מיט נײַע בליטן
דאָ פארפלאנצט?

און דער ענטפער וועט זײַן גאנץ,
און דער ענטפער וועט זײַן קלאָר:
ס׳האָט די ערד פארוויסט דער סוינע,
ס׳האָט דעם בוים פארפלאנצט
מײַן דאָר.

1961.

---



## סאַרע פעל־יעלין

געבוירן אין 1895. דאָס ערשטע בוך ארויס־געגעבן אין 1937. וווינט אין לאָס־אַנזשעלאָס (אמעריקע).

# אייגנס

מאַסקווע און פרילינג. טשעריאָמושקעס נייע —
ריזיק געבוי, ווו ס'איז פעלד בלויז געווען,
גערטנער פארפלאנצטע, קינדערלעך פרייע,
וואָס וועלן שוין קיינמאָל קיין כורבן ניט זען.

מאַסקווע אין ערעוו־מיי. פריילעך אף סקווערן,
פעקלעך מאטאָנעס פאר גרויס און קליין,
אלץ, וואָס איז דאָ, האלט אין איין בעסער ווערן,
אלץ, וואָס ניטאָ נאָך, — וועט זיין!

„בודיעט!“ — זאָגט איינער, וואָס ווארט אף א צימער,
„בודיעט!“ — קלינגט זיכער, ווי מאָרגן־רויט.
אין טאָן און אין אויגן א גלויביקער שימער,
יעדן טאָג ווערן שענער די טישן געגרייט.

אייגנס איז „גום“, „דיעטסקי מיר“ און מעטראָ,
אייגנס — גרעסטענער שניט אין ריאזאן,
אייגנס — איז יעדע רויקע שאָ,
יעדער פריינטלעכער טראָט אינעם שאָלעם־שפאן!

מאַסקווער פארנאכטן, מאַסקווער פארטאָגן,
שטענדיקער ריטם פון פעלקער און שטאמען —
הימן פון שאָלעם און פריינטשאפט אף ראָגן,
גריסט געסט און פריינט פון איבער יאמען.

1961.

---



## דאָרע טייטלבוים

געבוירן אין 1914 אין בריסק. אין 1932 עמי-
גרירט פון פּוילן קיין אמעריקע. אָנגעהויבן זיך
דרוקן אין 1940. די לעצטע פּאָר יאָר לעבט
אין פּאריזש.

# פראַגמענט פון א רײַזע אין „טופּאָליעוו“

1

ווי א ווײַטער זילבערנער געלעכטער
איז דער „טופּאָליעוו“ פון מאָסקווער הארץ ארויס,
און איין אויגנבליק צום הימל זיבעטן זיך אופגעהויבן,
ווי די ערד אליין פון זיך געטאָן וואָלט אים א שטויס.

א געפליעסק פון בראַוואָ־פּאטשנדיקע שויבן,
א טײַכן־טאנץ פון גאָלדיק רויטלעכן בורשטין,
און אָפן־אויגיקער באגין
אין די שפּיזן פון א טאנצנדיקער ראָד
אונדז יאָגט מיט לעצטע שפּורן פון דער שטאָט.

א לאנגער ליכטיקער לעוויאָסן מיט א פּאלעץ א פארשלונגענעם אין בויך
שווימט ארײַן אין טראכט פון רוים.
פון שנעלקײַט דאכט זיך, ער באוועגט זיך קוים.
ווי א ריזן־וואָגשאָל, מיט פליגלען בייגט זיך אין דער הויך,
ער וועגט אָפּ דעם רוים, צעמעסט אים גלײַך אף גלײַך.
דורך מאכנעס העלפאנדן, פארפרוירענע אין שלאָף,
דורך פעלדזן גלעזערנע, צוגעדעקט מיט שניי,
פירט די זון — א פאסטעך א פארכאָלעמטער — צום טײַך
קליינע יונגע וואָלקנדלעך, ווי שאָף...

2

באם פענצטערל, פארצירעוועטן מיט שטראַלן פון פארטאָג,
זיצט אין שאָטנס זילבערנע א יונגינקער געאָלאָג,
דאָס פּאָנעם זײַנס באשפּרענקלט איז, ווי קאָרן־ברויט מיט קימל.
נישטערנדיק אין שויב, ער קוקט ארונטער צו דער ערד,
ווי א הייב טאָן ער וואָלט וועלן זי צום הימל.

אף האָר די פלאַקסענע עס פאָרט די העלקייט, דאַכט זיך, מיט
פון פעלדער פאַרן שניט,
אין בליק זיין דורכזיכטיקן, קלאָרן —
די בלויע ווייסקייט פון די נעכט די לענינגראַדער,
די שטאָט פון זיין געבאָרן,
צום מידבער דאָרשטיקן, ווו געגנעסטיקט האָבן ווינטן דווירעסלאַנג,
צו די נאַפט־קוואלן פון סינקיי־ראַנג
ער פאָרט מיט א בריגאַדע געאָלאָגן
און לערנט אף כינעזיש זיך אין וועג
„זדראַווסטווויטיע, טאָוואַרישטשי" צו זאָגן.

3

באַם לופט־קאַמער פאַרמאַכטן, נעבן נאָז פון אעראָפּלאַן,
עס זיצן אין א ראָד סטודענטן פון אַלזשיריע, פון קאָנגאָ, פון סודאַן,
און א בויער — מאַגניטאָגאָרסקער וועטעראַן
מיט אויגן פיבערדיקע, מידע, ווי פאַר עקזאַמענס א סטודענט,
ווען א ווייסער ווינטערנאַכט דערציילט,
ווען וואָלגע האָט געברענט,
ווען די כוואַליעס, פונקט ווי וואַלפישן דערשטאָכענע, מיט בלוט האָבן געשפּיגן,
און ווי א קאָפּ אַן אָפּגעהאַקטער איז געפאַלן דער מאַמאַיעוו־באַרג,
און וואָלגאָגראַד געווען אין פלאַמען, ווי פּאָמפּיי...

הערן די סטודענטן, שווייגנדיק, אַרום,
עס דאַכט זיך, אין די אויגן די שטאָט שוין ברענט באַ זיי,
ווען עמעצער אים פרעגט,
צי דאָרט זיין האַנט די לינקע ר'האָט געלאָזט,
שאָקלט ער אף „יאָ" דעם קאָפּ זיינעם דעם יונגן און ענטפערט:
„ניטשעוואָ...
די האַנט מיינע די רעכטע איז נאָך דאָ,
און שטאַרק איז זי גענוג,
קעדיי די הענט פון גאַנצער וועלט אין פריינטשאַפט דריקן".
. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס פליט אין רוים דער ליכטיקער לעוויאַסן,
און קרוינען פון דער ליכט ער פּירט
פון דניעפּער, אַנגאַראַ, פון וואָלגע און פון דאָן
צו דער יאַנצזי —
דעם טייך פון טויזנטער געראַנגלען.

די זריע פון די פעלדער און די רינדער,
טראָפּייען פון געבענטשטער מי,
פון הייכן שוין דעראָבערטע — די שטערן,
פון צעאַקערטע פיר צענדליק יאָר — דעם קערן
דער „טופּאָליעוו" צו פריינט און ברידער פירט...

.1961

———

ל. מילער



געבוירן אין 1889 אין לאַנאָוויץ (וואָלין). אין 1906 אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1909. וווינט איצט אין פּאַריז.

# ווי לאַנג עס וועט נאָך אומרעכט זײַן

עס דרינגט בארויבטנס זיפץ צו מיר אין הארץ ארײַן.
איך שטיי און ווארט — עס דרייט דאָס לעבן זיך אין קרײַזן.
איך ווייס: ווי לאַנג עס וועט אין לעבן אומרעכט זײַן,
וועט גליק דאָס לויטערע פאַר קיינעם זיך ניט ווײַזן.

די אוולע שרײַט, ווי שטיל מע זאָל זי ניט באַגיין.
ווען ס׳שווײַגט באַליידיקטער, טוט צווייטער פאַר אים שרײַען.
עס איז נישט מענטש פאַר זיך אליין, נישט פאָלק אליין, —
יאָ, איינער וועט דעם צווייטן העלפן זיך באַפרײַען.

עס גייט מיר אָן דער מענטש. ווען ס׳לעבן ווערט פאַרשוועכט,
איך בין געשענדט. דער מענטש, זײַן לעבן איז דער איקער.
ווי שיין עס איז דער מענטש, ווען ער איז ערלעך און גערעכט!
ווי לאַנג, ווי לאַנג וועט הערשן נאָך דער אונטערדריקער?

איך הער מיליאָנענדיק געברום אין שלאָף באַנאַכט.
צי בוויזט אַזוי דער צאָרן קעגן מאַכט ברוטאַלער?
איך קעל ארויסגיין זען: מיר דאַכט, דער ריז דערוואַכט,
דער ריז פון ריזן, וועמעס נאָמען ס׳איז — מ י ר א ל ע.

1960.

---



## בער גרין

געבוירן אין 1901. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1923. וווינט אין ניו-יאָרק.

# שאָלעם

שאַלעם איז אין געזאנג פון ווינט און פייגל,
אין געמורמל פון ביימער,
אין שושקעריַי פון טײַכן.

שאַלעם — אין דעם האַניק פון זון־באטרונקענע ווײַנטרויבן,
אין ווײַסן פריש־צעבליטן רויזן־צוויט,
אין דעם יוירנדיקן ווײַן פון מײַן יונגער מאַרגן־ליד.

שאַלעם צו די אייביק־פארליבטע פלאטערדיקע טויבן,
שאַלעם צום מאַלערס פרילינג־טרוימען,
שאַלעם צו דער מוזיק פון מילך־וואַגן אין גרויע פארטאָגן,
צו דער מוזיק פון באך, צו יאם־כוואליעס, צו ווינטן אין ביימער,
שאַלעם — צו יעדן פאַלק, צו יעדער שפראך.

שאַלעם צו די הענט, וואָס זייען און פלאנצן,
וואָס מישן צעמענט,
וואָס ברענגען ליכט און ווארעם אין היימען.
שאַלעם צו אלע הענט, וואָס האַרעווען,
צו אלע הענט, וואָס ציִען זיך
מיט בענקשאפט צו שוועסטער־הענט פון מי.

שאַלעם צו יאבאָשע און אָקעאנען, צו מוזיק פון הימלשע ספערן,
צו ווארעמע געפילן, צום ליכטיקן דענקען — צום מענטשלעכן קערן —
צום אלדאָס גוטס, וואָס א י ז און ו ו ע ט ו ו ע ר ן!

שאַלעם צו דער ליכטיקער ליד פון פושקין, גאָרקי, פערעץ, געטע, שעלי,
שאַלעם צו דער פריילעכקײַט און מוטערלעכקײַט פון דער ערד,
צו דער מעגלעכקײַט און בראָכע פון רעגן,
צו די ברייטע שליאכן און דאָרפישע שטעגן,
צו די גרויע מעכטיקע פעלדזן, זון־געזעטיקטע דוירעסלאנג,
צו די קליינע, עלנטע, פארוואָרפענע שטיינער — און זייער איינזאַם געזאנג.

שאַלעם פון איין עק וועלט ביזן צווייטן...

.1961



ארן קורץ

געבוירן אין 1891. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1910. וווינט אין ניו־יאָרק.

# די גאַגארינס

צום פיר־און־פערציקסטן יובילײ
פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד

גאַגארין פליט.
עס פליט טיטאָוו.
עס פליט דער מענטש
מיט לענינס גוטהייסן: קי טאָוו!

האָבן אַלע הימלען זיך פאַר אים צעעפנט. רינגלט ער אַרום
דעם גאַנצן פאַרוווּנדערטן קײַלעך
מיט זײַן פרייִלעך־פליִענדיקן אָטעם, מיט זײַן פליִענדיקן זינגענדיקן
קאָל. און די גרינע הערנדיקע הויט פון דער ערד אַרום־און־אַרום
דערשפּירט
צום ערשטן מאָל
דעם מענטשנס אָטעם און ציטערט אויף אין דער מעכטיִעדיקער וואַרעמקײַט
פון ערשט־אַנטפּלעקטן סאָד.

מײַן טעלעוויזאָר האָט זיך צעעפנט, ווי אַ שטיק הימל,
און אין פליִענדיקן שטאָלענעם שטול
איז מיט לויכטנדיקן הימלדיקן האַסט צו מיר אין שטוב אַרײַנגעפלויגן,
ווי אַ דערפרייטער יאָמטעוודיקער גאַסט, — טיטאָוו.

אַזאַ גאַסט! אַזאַ גאַסט איז
צו קײנעם נאָך
אינערגעץ ניט
געקומען, און פאַר קײנעם נאָך
האָבן די הימלען, ווי וואַרטנדיקע טויערן, זיך צעגומען און געבליבן
אָפן שוין אויף אַלעמאָל. דערפאַר
לויכט אַזוי זײַן פּאָנעם און פּאַרשײַנט

אזש אין אמעריקע
מײַן שטוב. און מײַן שטוב — ווי דאָס לאַנד ארום — איז פאַרקלונגען מיט
זײַן פלײַענדיקן קאָל. עס זעט מײַן לאַנד,
ווי דער גאַסט זיצט בא מיר אין שטוב און רעדט. און עס הערט מײַן לאַנד,
ווי ער רעציטירט אין די הימלען זײַן ערדישן פּאָעט.

פונוואַנען קומט דער מענטש?
ווער איז ער, ווער? און וויאַזוי
ברענגט עס אים אהער?
פרעגט די שטערן, פרעגט: זיי קענען אים
באַם נאָמען.
די שטערן לויכטן מיט דערפאַרונג פון
ליכטיקע ליבע־נעכט אין שטאָקפינצטערע צײַטן: דעם הימל מיט די שטערן
האָבן די ראָמאַנטישע טיטאַנס פריִער פון דער ערד פאַרמאָגט, און מיט זיי
האָט א הימל שטערן גאַרנדיק און טרוימענדיק געוואַרט,
דער גאַנג פון דער ערד זאָל אונטער זיי זיך בײַטן.

די שטערן ווייסן.
די שטערן טראַכטן. זיי געדענקען נעכט אין וועלדער —
אַרבעטער און ביימער אין צעזונגענע פאַרזאַמלונגען: אַרבעטער ריידן
מיט פײַער פון פּראָפעטן, און ביימער שטייען ארום,
ווי שאָמרים אף דער וואַך.
און די שטערן האָבן צוגעלויכטן, ווי פאַרכאַלעמטע לאַמטערנס,
אין די וועלדער צוגעלויכטן די לענינישע נעוויִים
און אין די טפיסעס צוגעלויכטן אַרעסטאַנטן.

די שטערן זעען און געדענקען
די לעצטע לעבעדיקע נאַכט
פון געשטורעמטן ווינטער־פּאַלעץ. זיי זעען און געדענקען
דעם פאָלקס אויסגעשטערנטע נעכט, די האָפענונג און מוט.
זיי זעען און געדענקען לענינס ווײַסע נאַכט
בא דער פינלענדישער גרענעץ.

עס וואַכט איבער טיטאַוון דער הימל שטערן, וואָס האָט געוואַכט איבערן
באַלאַגערטן
און דורכגעפּראָרענעם לענינגראַד. עס וויגט זיך איבער אים
דער הימל שטערן וואָס האָט, ווי ער,
ניט אָפּגעטראָטן און באַלויכטן
די לעבעדיקע, ניט באַזיגטע כורוועס פון וואָלגאָגראַד. און אָט
פליט איבער אים
מאָסקווער הימל,
ווי א היימישער פּאַראַסאָל. און דער רויטער שטערן — ווי זײַן האַרץ די גרויס —

אינמיטן, אין דער שפּיץ — דער מענטשהײַטס מענטשלעכסטער סימבאָל.
טיטאָוו זיצט און שמייכלט און קוקט דער וועלט אין די אויגן
אינײנעם מיטן הימל שטערן, ווײַל ווייסן ווייסט ער וויל,
אז די גאנצע מענטשהײַט שמייכלט און פליט מיט אים
און מיט אלע זײַנע באגערן.

טיטאָוו פליט
וואָגלאָז און זאָרגלאָז, ווי שטערנליכט,
דורך זײַן אייגענעם הימל.
איבער מאָסקווע, אָקטיאבערדיק צעשטראלט, איז ער
אָפּגעפלויגן אין די הימלדיקע הייכן
און פאר די הימלען אופגעזונגען דעם אינטערנאציאָנאל.

פונוואנען קומט דער מענטש?
ווער איז ער, ווער? און וויאזוי
ברענגט עס אים אהער?

ער האָט דערגראָבן זיך צום שטיצפּונקט,
וואָס געזוכט און געווּנטשן האָט מער, ווי איין
ארכימעד. ער האָט דערגרייכט די הימלען, ווײַל ער האָט פריער
אויסגעלייזט די ערד.

.1961

---



## איציק קיפּניס

געבוירן אין 1896 אין סלאָוועשנע (אוקראַינע). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1922. וווינט אין קיִעוו.

# נײַ-יאָר

נאָך צוריק מיט א וואָך, נאָך צוריק מיט א כוידעש האָט זי געוווּסט, אז ס'וועט בא איר הײַנט ניט זײַן קיין יאָמטעוו. ס'זײַנען געווען גענוג סיבעס דערצו. דאָס פּערזענלעכע לעבן איז ניט קיין זאך, וואָס מע גיסט עס אַרײַן אין א פאָרם. א סאך מענטשן איז גוט, און איינעם ניט אזוי. וואָס קאָן מען טאָן צו דעם? מען קאָן דען זײַן א קלוגער? ניין, אויסער כאָכמע פאָדערט זיך דערצו נאָך עפּעס, נאָר די וויסנשאַפט האָט נאָך ניט געפונען דעם פּאסיקן נאָמען דערפאר. אין פאָלק רופט מען עס מאזל.

אף אלעמען אין אנשטאלט האָט זיך הײַנט גערעדט דער שלייער: ווער ס'איז שוין געווען ערגעץ פארבעטן צו באגעגענען דאָס נײַ-יאָר, בא וועמען ס'זײַנען געווען פארגרייט בילעטן אין טעאַטער און ווער ס'האָט אליין געדאַרפט אופנעמען געסט.

בלויז איין מילקע איז געווען פרײַ פון דעם דאָזיקן פיבער. אזוי האָט זיך איר אלנפאלס אויסגעוויזן. זי האָט מער פון איטלעכן הײַנט געאַרבעט: ארײַנגעשריבן, ארויסגעשריבן, צעשטעלט די קארטלעך אין אן אָרדענונג. זי האָט געטאָן אלץ מיט דער נייטיקער רויִקײַט. ערגעץ טיף אין זיך האָט זי געהאט א נעקאָמע אין אלעמען, אין דער גאַנצער שטאָט, אין דער גאַנצער וועלט: איר גרייט זיך אלע באגעגענען דאָס נײַ-יאָר? ס'ארא מין טומל, ס'ארא טאראראם! געזונטערהייט! פאר מיר איז עס א קליינע סימכע, איך קאָן זיך אזוי אויך באגיין.

טבילעס אָוונט, ווען זי איז שוין געווען אין דער היים, איז זי ערשט געוואָרן מיט זיך ניט צופרידן. און דעריקער פאר איין זאך: דערפאר, וואָס זי האָט געפילט, אז עס ווילט זיך איר וויינען. ניט מער, וואָס א מענטש דארף און קאָן אף זיך אליין זײַן א באלעבאָס. זי, מילקע, האָט איצט אָבער ניט געוואָלט אויסטראכטן אף זיך קיין איבעריקע זינד און באשולדיקונגען, האָט זי זיך פאר איין רעגע אָפּגעזוכט א גרינגן טערעץ. אז וויינען ווילט זיך איר גאָר איבער אן אנדער זאך: די עלטערן דאָרטן אין שטעטל זײַנען איינע אליין. ביידע שטילע, ווי די טויבן. די קינדער זײַנען זיך אלע צעפלויגן איבער די גרויסע שטעט און איבערגעלאָזט טאטע-מאמע עלנט... ווען זי, מילקע, איז איצט אין דער היים, וואָלט זי זיי אויסגעהייצט די הרובע, ארײַנגעבראכט אין שטוב א נײַעם קאלענדאר, זי וואָלט עפּשער עפּעס אָפּגעבאקן געשמאקע זאכן... אך, וויאזוי די אלטינקע וואָלטן זיך מיט איר געפרייט!

איר איז געוואָרן פּלוצעם גוט אפן הארצן פונעם געדאנק, וואָס זיי קערן איצט אין דער רעגע קלערן וועגן איר פונקט אזוי, ווי זי וועגן זיי. און פארוואָס נאָר קלערן, זיי ריידן אפילע (זיי זײַנען דאָך אינצווייען) און דערמאָנען איר נאָמען...

מיט אן אקשאָנעסדיקן אינווייניקסטן שמייכל פון ראכמאָנעס און ליבשאַפט צו זיך אליין האָט זי אָפּגעווישט די אומגעבעטענע טרער און פון אלע ארבעטן זיך גאָר געשטעלט ראמען דעם צימער. עמעס, זי קלײַבט זיך ניט פראווען קיין נײַ-יאָר, אָבער ווו שטייט עס געשריבן, אז אין א וואָכעדיקן אָוונט מוז דאָס צימער שטיין נישט צוגעקליבן?

אָנגעהויבן האָט זי ווי אפּצוקלוימערשט. זי האָט זיך אָבער אזוי א נעם געגעבן, אז דאָס צימער האָט וואָס ווײַטער זיך אלץ שטארקער צעלויכטן. אָט איז שוין אפילע דאָס מעשן הענטל פון דער טיר אויסגעשײַערט פון אלע זײַטן און גלאנצט, כאָטש שפּיגל זיך אין דעם. זי קאָן ניט קאווירן, מילקע, וויאזוי עס וועט איר זײַן שפּעטער, אויב זי וועט זיך ניט לייגן פרי שלאָפן, נאָר איצט איז איר פּאָשעט גוט. די באקן האָבן זיך צעבליט, דער שמייכל גייט ניט אראָפּ פון איר פּאָנעם.

נאָך א וויש טאָן מיטן געווענטל דעם דיל, צומאכן די הרובע און שוין — זי איז אין א רײַ-

נעם און שײנעם צימער, בלויז בלומען פעלן איר. צו דער שנײַדערקע איז זי ניט געגאַנגען, און זי װײסט אַלײן ניט, צי דאָס איז איבער אַ צולאָכעס, צי זי איז פּאַשעט ניט געװען גענוג אױפגעלײגט דערױף.

װעגן דער שנײַדערקע האָט זי איצט געקלערט לענגער אַ ביסל. ראָזאַליאַ עדמונדאָװנאַ האָט זיך מיט איר געטײלט װעגן אַ פרישן „ראָמאַן". זי שפּילט איצט אַ ליבע „מיט אײנעם זײער אַן אָנשטענדיקן יונגנמאַן"... ער איז דאַפּקע אַן אַלמען, נאָר ער האָט נישט קײן קינדער און בענקט ניט נאָכן געשטאָרבענעם װײַב... אַף דער שטעלע האַלט מען פון אים. אײַ, ער גײט אַ ביסל ניט װאַזשנע אָנגעטאָן, זאָל ער נאָר אַרײַנפאַלן צו איר אין די הענט (און אַבי ער װעט נאָר װערט זײַן), װעט ער שױן װערן אַ מענטש.

מילקע װישט דעם דיל און שמײכלט דערפון, װאָס זי דערמאָנט זיך אין די מײַלעס, װעלכע אַ „העלד" פון אַ „ראָמאַן" דאַרף אומבאַדינגט האָבן: ער דאַרף זײַן אַן אַלמען... ניט האָבן קײן קינדער... און... ניט בענקען נאָכן ערשטן װײַב.

דאָ האָט זיך געעפנט די טיר און דער יונגער און שײנער אופּראַמער פונעם הויף איז אַרײַנגעקומען מיט זײַן שטענדיקן מילדן שמײכל אַף די ליפּן און מיט פרישע רויזן אין די הענט.

— אָט דאָס איז פאַר אײַך, מיליאַ אַבראַמאָװנאַ, — האָט ער, איבערטרעטנדיק די שװעל, אָנגעהויבן הויך אַף אַ קאָל, פונקט װי ער װאָלט זיך געפונען אין אַ צװײטן עק הויף...

— מע באַגריסט אײַך, מיליאַ אַבראַמאָװנאַ, מיטן נײַעם יאָר! אָט אַזוי האָב איך ליב! — האָט ער גלײַך אַפן אָרט צוגעגעבן. — מענטשן פאַרשטײען, אַז יאָמטעװ איז יאָמטעװ. נאַט, שטעלט זײ אַרײַן אין װאַסער...

מילקע האָט זיך אַזוי דערפרײט מיטן מענטשן, װאָס איז געשטאַנען אַנטקעגן איר, אַז עס איז עפּשער אַװעק אַ גוטע האַלבע מינוט ביז זי האָט באַנומען, אַז דאָס איז אָסיפּ, זײער אָסיפּ פון הויף, װאָס זי קאָן אים שױן אַזױ גוט װי דרײַ יאָר.

מילקע האָט אַ צופרידענע צוגענומען די פרישע, קיל-פײַכטלעכע רויזן, שיר זײ ניט צוגעטוליעט צום האַרצן און שטיל, מיט קינדעריש-צעשײַנטע אויגן, געפרעגט:

— װע-ער?

— ע, נײן! מע טאָר ניט זאָגן! — האָט איר אָסיפּ געענטפערט, װי ער װאָלט שױן פון פריער געװוּסט, אַז מע װעט בײַ אים װעלן אױסנאַרן דעם סוד.

— נו?

— מיליאַ אַבראַמאָװנאַ, אַף מײַן װאָרט, ס'איז פאַרבאָטן צו זאָגן.

— אָבער װי זעט ער אױס, מעג מען װיסן? אַ הױכער? אַ נידעריקער? אין אַ מאַנטל צי אין אַ פוטער?

אָסיפּ האָט הילפלאָז צענומען די הענט:

— ניט אין קײן פוטער און ניט אין קײן מאַנטל... ס'איז אַ העלדישער מענטש און... זײַט מיר געזונט, ס'גײט אַ שנײ אינדרויסן, דאַרף מען גײן קערן דעם טראָטואַר.

מילקע האָט אַרױסגענומען אַ רובל און מיט פאַרװוּנדער דערלאַנגט אָסיפּן:

— איך זאָל געװען װיסן, אַז איר זײַט אַזאַ שלעכטער...

אָבער אָסיפּ האָט דאָס געלט ניט גענומען. ערשטנס, האָט ער ליב געהאַט דאָס מײדל נישט װינציקער, װי אַלע היגע אײַנװױנער האָבן זי ליב; צװײטנס, האָט אים יענער „צאַד" באַצאָלט, און צװײ מאָל פאַר אײן אַרבעט נעמט ער ניט.

— אָבער אַ גלעזעלע בראַנפן, אָסיפּ?.. ערעװ נײַ-יאָר?

— דאָס קאָן מען! פון דעם זאָגן מיר זיך ניט אָפּ. — און אָסיפּ האָט זיך אַרומגעקוקט. — די כאַװערטע אײַערע איז ניטאָ אין דער היים?

— אָ, װען סלאַװקע איז איצט דאָ, װאָלט מיר געװען אַ סך פרײלעכער...

— נו, מיליאַ אַבראַמאָװנאַ, פאַר אײַער געזונט!

— זײַט געזונט, — האָט אים מילקע אַ פרײלעכע צוגעװוּנטשן, און האָט גענומען זוכן אַן אָרט פאַר די בלומען. איצט האָט זיך איר אױסגעדוכט, אַז זי װײסט, װער עס האָט איר געקאָנט צושיקן: ס'איז פּיאָדאָראָװ. געװיס ער... גײט טאַקע ניט אין קײן פוטער און ניט אין קײן מאַנטל. ער דאַרף אינגיכן װערן אַ פליער.

אינעם צעטעלע פון דער באַגריסונג, װאָס איז בײַגעלײגט געװען צו די בלומען, איז, דאַכט זיך, זײַן קסאַװ, כאָטש ס'איז אַ ביסעלע בעקיװן געענדערט.

מילקע האָט פאַרגעסן פאַרמאַכן די הרובע. אַפן ברויט-שאַפקעלע איז געבליבן שטײן דאָס לײדיקע גלעזעלע, װו אָסיפּ האָט עס אַנידערגעשטעלט. מילקע האָט זיך צוגעזעצט אַ רעגעלע און זיך פאַרטראַכט...

די קװײטן זײַנען אַזעלכע פרישע און שמעקעדיקע! די קאָלירן — אַזױנע פײַנע... נאָר דאָס, װאָס פּיאָדאָראָװ האָט זײ צוגעשיקט, דאָס נעמט בײַ זײ אָפּ האַלב כײן.

פּיאָדאָראָװ איז אַ יונג אַ באַכײנטער און שטאַלטנער, דערצו נאָך װערט ער אינגיכן אַ פליער. אָבער דאָס, װאָס ער קומט צו איר פון סלאַװקען... סלאַװקע גיט אים אָפּ די נעשאָמע. און די בלומען האָט ער געבראַכט נאָר איר, כאָטש זי טראַכט גאָר ניט פון אים, זי האָט דאָך אין זינען מירלינען, װעמען זי האָט דאָס לעצטע מאָל אַף אַן ערנסטן אױפן געבעטן, ער זאָל צו איר מער ניט קומען.

מירלין האָט געענטפערט:

— מאַסקים, איך גיב דיר נאָך... נו, און נאָכדעם?

— נאָכדעם, — האָט מילקע געזאָגט, — אַז איך װעל זיך נאָך אײַך שטאַרק פאַרבענקען, װעל איך אַלײן קומען.

— כאָטש דו ביסט אַן אַקשן?

דאָ האָט זי א שמייכל געטאָן:

— זאָל זיך מיר נאָר פארוועלן, וועל איך קומען, כאָטש איך בין אן אקשן.

איצט האָט עס זי מיט אזא אימפעט גענומען ציִען צום פעסטן און וווקסיקן מירלינען, כאָטש גלייך די בלומען און טראָג זיי צו אים אוועק.

ס'האָט זי פארדראָסן, וואָס סלאווקע איז ניטאָ אין דער היים... סלאווקע וואָלט זי איצט געוויס אונטערגעטריבן, אז זי זאָל גיכער גיין צו מירלינען:

— גיי, מילקע, גיי. שפּיַז זיך אויס אף דעם, וואָס מע וועט קלערן... טו זיך אָן און גיי...

און מילקע האָט גענומען די רויזן און זיי אוועקגעשטעלט אפן שאפקעלע צו דער סאמע וואנט צו, און אפן טישל, וואָס אינמיטן צימער, געשטעלט מירלינס בילד.

זי האָט פארמאכט די אָנגעהייצטע הרובע, ארומגעקוקט דאָס צימער, און דאָס הארץ האָט זיך בא איר געפרייט.

„איצט, — האָט זי א זאָג געטאָן צו מירלינען, ווי ער וואָלט געשטאנען לעבן איר, — וועל איך זיך גיין א ביסעלע אײַנוואשן... איך האָב דאָך א גאנצן אָוונט געראמט!“, און זי האָט זיך אזוי פלינק און כיינעוודיק א דריי געטאָן, ווי זי וואָלט איבערגעלאָזט אן אָנגעלייגטן גאסט אין צימער.

אין וואנע האָט איר נאקעט לײַב צארט און בלענדנדיק זיך אָפּגעשפּיגלט אין די קאכלנע ווענט. זי האָט זיך דערפילט שטארק אונטער דער שוץ פון דער פארשפּארטער טיר. וואשנדיק זיך, האָט זי זיך פאַרגעשטעלט דעם, וואָס ווארט אף איר אין צימער, באם קליינעם טישעלע... און ס'האָט פארדראָסן, וואָס דאָס איז ניט ער אליין, נאָר בלויז זײַן פּאָטאָ.

ווי גוט וואָלט געווען בלײַבן, ווי זי האָט פרִיער געקלערט, א גאנצן אָוונט בא זיך אין ווארעמען און אופגעראמטן צימער, נאָר מיט איינעם א טנײַ, אז זי זאָל ניט זײַן אליין.

ניט איבגאנצן קיין אָנגעטאָנענע, איז זי איבערגעלאָפן צו זיך אין צימער ארײַן.

— קוקט ניט אהער, — האָט זי פריילעך אויסגערופן צום טיש, און ס'האָט זי ניט געארט, וואָס מירלין איז דערווײַל נאָר אן אויסגעטרוימטער. זי האָט זיך איבערגעטאָן אין פרישן און דיינעם. זיך אָנגעשטויסן אָן די רויזן, האָט זי א קלער געטאָן: פארוואָס וואָלטן זיי ניט געקאָנט זײַן פון מירלינען? ער איז ניט קליין געווען צושיקן.

און מיטאמאָל האָט איר פלוצעם א קלאַפּ געטאָן אין מויעך: נאר, נאר, נאר! וועמעס דען קאָנען זײַן די בלומען, אויב ניט מירלינס?!

זי איז צוגעלאָפן, א כאַפּ געטאָן דעם בוקעט רויזן, צוגעטוליעט צו דער ברוסט. זי האָט אים מיט גוואלד אָפּגעריסן פון זיך און אוועקגעשטעלט אפן טיש אין סאמע מיטן און מירלינס בילד אָנגעשפּארט אָן דער וואזע; איצט גייט זי שוין געווים צו אים...

זי האָט גלײַך ניט אופגעכאפּט דעם סטיל פון דעם צעטעלע. ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז דאָס איז פּיאָדראָווס שעמעוודיקער נוסעח. ס'הייבט זיך גאָרניט אָן. דאָס האָט מירלין געשריבן...

מילקע האָט פארשפּארט די טיר און איז אזא פריילעכע, א יונגער געוואָרענע אוועקגעגאנגען צו אים.

אינדרויסן האָט אָסיפּ געראמט דעם פרישן שניי פונעם טראָטואר. מילקע האָט שמייכלענדיק זיך אָפּגעשטעלט לעם אים, און ער האָט זיך אָנגעשפּארט אָנעם בעזעם און געווישט מיטן ארבל דעם שטערן, טוענדיק עם מער אוים געוויינשאפט, ווי צוליב א נויט...

— א הויכער? — האָט אים מילקע א פרעגן געטאָן און בייסמײַסע היימיש, מאמזעריש אים א בליק געטאָן אין די אויגן.

— טא-א, — האָט אָסיפּ אויסגעצויגן א זאָג געטאָן, — ווייסט איר גאָר וואָס, מיליא אבראמאָוונא, לאָמיר צוווארטן א טאָג, וועט ער אײַך אליין דערציילן דעם סאָד... אויב ניט, וועל איך דאן זאָגן.

— נו, גוט, — האָט מילקע צו אים פרײַנטלעך א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און, אָפּגייענדיק א פּאָר טריט, זיך אומגעקערט און צו אים א זאָג געטאָן:

— אָסיפּ, ענדיקט שוין גיכער די ארבעט און גייט באגעגענען דאָס נײַ-יאָר: אויב יאָמטעוו, איז פאר אלעמען יאָמטעוו. איר זעט דאָך, ווי עס לויכט אומעטום...

און ווירקלעך, אלע און אלץ אף דער צעשנײַטער און ווימלענדיקער גאס איז געווען יאָמטעוודיק: סײַ די באלויכטענע פענצטער, סײַ די לוסטיקע שטימען, סײַ דער פריילעכער טראָט פון די דורכגייער — אלץ איז געווען אָנגעזאפּט מיט פרייד און גוטע האָפענונגען אפן נײַעם יאָר.

און דאָך האָט מילקען א קלעם געגעבן דאָס הארץ דערפון, וואָס מירלין איז ניט געקומען צו איר, נאָר זי דארף גיין צו אים...

זי איז שוין געווען גרייט זיך אומקערן א באַרויגעזע און טרויעריקע צוריק צו זיך אהיים און פארברענגען דעם אָוונט אליין, ווי זי האָט געהאט באשלאָסן נאָך פון פרִיער.

אָבער עפּעס האָט זי ניט געלאָזט דאָס טאָן.

פארוואָס איז זי מעכויעוו זײַן אזוי אָפּהענטיק בא זיך? פארוואָס מעגן זיי, און מיר טאָרן ניט?!

מילקע איז דורכגעלאָפן מירלינס הויף, ווי א גאנעוו, כאָטש זי האָט, אויסער א צופעליקן דורכגייער, קיינעם ניט באגעגנט.

אף די טרעפּ איז אויך געווען זייער שטיל. ווײַזט אוים, דער היגער אוילעם האָט באגעגנט דאָס נײַ-יאָר ערגעץ אנדערש...

אָט וועט זי אָנקלאַפּן צו אים אין טיר איין מאָל און נאָך א מאָל. די דינסט וועט ארויסגיין און זי אָפּשיקן צו אלדי רוכעס, און זי, מילקעלע, וועט, מעכילע, אוועקגיין אהיים צוריק, ווי אן אָפּגעשמיסענע... אויב ניט, וועט זי דאָ טרעפן א פּאָר אויסגעגרויזטע „כאווערטעס“ זײַנע, וואָס זײַנען פון שווארץ און פון גרוי געוואָרן בלאָנד...

זי האָט זיי שטאַרק „ליב“, אָט די באַקאַנטע זײַ-
נע... אַז זי דערזעט אים מיט אַזאַ איינער אַף
דער גאַס, איז פֿאַר איר שוין גענוג, זי זאָל אים
ניט וועלן זען אַ האַלב יאָר נאָכאַנאַנד.

— נו, מילקעלע, — גיט זי אַ זאָג צו זיך
אַליין. ביים זי בלײַבט שטיין פֿאַר זײַן טיר, —
זיך אַ שפּיל געטאָן און גענוג... טו אַ גלעט די
קליאַמקע און לויף צוריק אַהיים.

זי האָט דאָך אופֿגעהויבן איר קליין הענטל,
און, פֿאַרבײַסנדיק די אונטערשטע ליפּ, אָנגע-
קלאַפּט גאַנץ שטיל אין טיר...

אויסגעצויגן זיך אַף די שפּיץ פֿינגער, האָט זי
זיך געגומען אײַנהערן, וואָס עס טוט זיך פֿון
יענער זײַט טיר.

ס'איז שאַ-שטיל. קיינער שורשעט ניט, קיינער
גייט ניט...

נאָך דרײַ קלעפּ און — אַהיים! טראַכט זי בײַ
זיך...

עמעצער גייט פֿון אונטן!.. זיך אָפּרוקן, צי
בלײַבן שטיין? — פֿרעגט זי זיך אַליין.

— אַ-אַ-אַ! געכאַפּט דעם גאַנעוו! — האָט
זיך אָנגערופֿן אַ מאַנצבלשע שטים, וואָס האָט
צו שטאַרק אָפּגעהילכט אין דער שטילקײַט.

— שטילער! שרײַט ניט אַזוי, — האָט אים
מילקע אַ דראָע געטאָן מיטן פֿינגער און איז
אַרײַנגעפֿאַלן אין זײַנע צעעפֿנטע אָרעמס. איצט
איז איר געווען אַזוי גוט, אַזוי גוט, אַז עס וואָלט
זי שוין ניט געאַרט, אַז ער זאָל זיך גיין אין שטוב
אַרײַן אַליין, און זי, ווי אַ קליין מיידעלע, וואָס
האָט געפּאַלגט דעם טאַטן אַ גאַנג, זאָל אַ צופֿרי-
דענע אַוועקלויפֿן צוריק אַהיים.

ער האָט אופֿגעשלאָסן די טיר, זיך עמעס גע-
פֿרייט מיטן גאַסט.

— מיר זײַנען נאַרוואָס, — זאָגט ער, —
אַרויסגעטראָטן דורך ראַדיאָ.

— טאַקע? — ענטפֿערט מילקע. — איך זע,
מענטשן שטייען עפּעס אין די גאַסן לעם די רע-
פֿראָדוקטאָרס. אַ שאָד, איך זאָל געוועזן וויסן...

— מיר קענען אײַך, מיר קענען אײַך, —
האָט ער זיך ווי געבייזערט אַף איר, — נו, גיב
אַהער דעם פּוטער.

זי האָט אַ פֿריילעכע, וואָס קיינער אויסער
אים און איר איז דאָ ניט געווען, לײַכט אַרומ-
געטאַנצט מיטן צעשפּיליעטן מאַנטל איבער אַלע
צימערן.

— וווּ איז יוזיק?

— בײַ דער באָבען, האָרטן איז ער דאָך אַ
גאַנצער באַלעבאָס.

— און די אַרבעטערן ווו איז?

— עמאַ? עמאַ באַגעגנט ערגעץ דאָס נײַ-יאָר
מיט די מיידלעך.

— און איר, וווהין גייט איר? — האָט זי אַ
פֿרעג געטאָן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן.

— איך גיי צו דיר, — האָט איר מירלין גע-
ענטפֿערט און האָט זי אַרומגענומען...

אַזוי זײַנען זיי געשטאַנען בײַדע אין פֿאָדער-
צימער, ווי זיי וואָלטן קיין אַנדער אָרט ניט גע-
האַט. ער — מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, און זי —

ווי זי וואָלט ביכלאַל פֿון קיין זאַך ניט געקלערט,
אויסער דעם, ווי אונטערשטעלן אים איין באַק,
דערנאָך די צווייטע...

זי האָט אים געוואָלט פֿרעגן:

— איר האָט טאַקע ניט געקלערט גיין הײַנט
אין ערגעץ? — נאָר אַ פֿרעג געטאָן וועגן די
בלומען און באַלד אויך באַראָטע געהאַט דערוף,
וואָרעם ער האָט זי אָנגעקוקט פֿאַרכידעשט און
נאָכדעם זיך קלוג אויסגעדרייט.

— ווײַבאַלד ס'איז אַ סאָד, איז אַפֿילע, אַז איך
וועל זאָגן גיין, קאָן איך אויך עמעצן אויסגעבן...
איך ווייס ניט, ווער ס'האָט געשיקט.

אַ קלוגיטשקער, ס'פֿאַרדריסט אים, וואָס ער
האָט זיך ניט אָנגעשטויסן דער ערשטער זי באַ-
גריסן מיט בלומען. נאָר ס'מאַכט ניט אויס. אויב
די רויזן זײַנען אַפֿילע פּיאָדאַראָוס, וועט זי קו-
מען אַהיים און זיי אָנגיסן מיט פֿריש וואַסער און
זאָלן זיי שטיין אַפֿן טיש אין דער סאַמע מיט.
פּיאָדאַראָוו איז אַ ווילער באָכער. ער וועט זײַן
אַ גוטער פֿלייער.

זי האָט אַמאָל פּיאָדאַראָוון געזאָגט:

— אומפֿאַהענגיק פֿון דעם, וויאַזוי איר זעט
אויס בײַ מיר אין די אויגן — קיין כילעק ניט,
צי זייער גוט, צי ניט אַזוי גוט, — סײַווי זאָלט
איר וויסן, אַז אַף מיר האָט איר ניט וואָס אויס-
צורעכענען, אַפֿילע אַף אַזויפֿיל-אָ... טראַכט בע-
סער וועגן סלאַווען... איינעם פֿון די ביידע — האָט
איר זי ליב, קומט צו אונדז צו גיין און זײַט אַ
גוטער גאַסט. ווילט איר אָבער נאָר פֿירן אַ שפּיל,
טאָ זײַט וויסן, אַז סלאַווקע איז אַ צו ווויל מיידל,
איר זאָלט איר צאַפּן אומזיסט דאָס בלוט!..

פֿון דענסטמאָל אָן האָט ער קימאַט ווי אופֿ-
געהערט אַרײַנקומען. אַ בריוועלע זײַנס פֿלעגט
זיך פֿון מאָל צו מאָל דורכוואַרפֿן, אַמאָל אַף
סלאַווען, אַמאָל אַף איר, מילקען, נאָמען, אָבער
זי האָט אים בעקיוון ניט געענטפֿערט. איצט זײַ-
נען די בלומען געוויס זײַנע.

ער בענקט, דער באָכער. זי וואָלט עפּשער
אויך געבענקט, ווען זי דערלאָזט, עס זאָל ווײַט
פֿאַרגיין. אָבער זי וועט זיך עס קיינמאָל נישט
דערלויבן. אין אַזעלכע זאַכן איז זי שוין גענוג
שטאַרק, באַזונדערס דאָרט, וווּ מע טאָר קיין כאַ-
זער ניט זײַן.

* * *

אַהיים איז מילקע געגאַנגען אַליין. זי האָט
אַזוי געוואָלט, און ס'האָט איר איצט ניט פֿאַר-
דראָסן. זי האָט אויך ניט געהאַט אַף זיך קיין
טאַרומעס דערפֿאַר, וואָס זי איז געגאַנגען צו
מירלינען.

— נו, איז זי געגאַנגען. זי האָט אַזוי גע-
וואָלט און שוין! די שטימונג איז בײַ איר געווען
אַ געהויבענע...

דער האַלבנאַכטיקער דרויסן איז ווירקלעך באַ-
נײַט. די גאַסן זײַנען ווי ספּעציעל צוגעקליבן און
אופֿגעראַמט לעקאָוועד דעם יאָמטעוו. טראַמ-
ווײַען פֿאָרן האַלב ליידיקע און שטאַרק באַלויכ-

טענע. דער אריַנגאַנג אין אַפּערע איז באַלויכטן, ווי אין טכילעס אָוונט. פון רעסטאָראַן טראָגט זיך דער רוישיקער דזשאַז צוזאַמען מיט פריילעכע שטימען פון מענער און פרויען.

מילקע איז איצט מיט אַלץ צופרידן. זי האָט אַף קיינעם ניט קיין פאַרדראָס.

וויאַזוי זאָגט זי עס, די שניַידערקע: „ער האָט מיַילעס, דער אַלמען, ער איז אָן קינדער און בענקט ניט נאָכן געשטאָרבענעם וויַיב", און מילקע האָט א שמייכל געטאָן צו זיך אַליין: — עפּשער וואָלט געווען ליַיטישער, ווען ער האָט יאָ קינדער און בענקט יאָ נאָכן וויַיב? — נאָר פאַר איר, פאַר ראָזאַליאַ עדמונדאָוונען, וואָלט עס מינאַסטאַם געווען פאַרבונדן מיט צופיל טירכע. אַזוי, מיינט זי, וועט זיַין רויִקער.

— ס'נאָווים גאָדאָם, — האָט מילקע דערהערט לעבן זיך א באַקאַנטע שטים.

דאָס איז געווען בערל מענוכעס! זי האָט אים אַזוי ליב, אָט דעם בערטשיקן, פאַר זיַין פראָסטקיַיט און פאַר זיַין געטריַיער אָנפּנויעסדיקער איבערגעגעבנקיַיט צו איר. און נאָך מער קער ער איר זיַין ליב דערפאַר, וואָס ער האָט איר קיינמאָל קיין געזונט ניט געקאָסט. ער קומט דאָך איר אַזוי צוניץ, אָט דער באָכער, אין די שאָען, ווען זי מיַידט אויס זיך צו באַגעגענען מיט מירלינען. מיט אים, מיט אָט דעם בערטשיקן, איז גרינג צו גיין אין קינאָ און טעאַטער, מיט אים איז גרינג צו לייענען א בלאַט אַף אַלע פיר זיַיטן, ווען קיין בילכערע אַרבעט איז ניטאָ. ער טוט עס אַזוי ערנסט און געטריַי.

— איצט, — זאָגט זי צו אים, — לייענט איבער די אָביאַוולעניעס. — און ער לייענט, בערטשיק.

— זאָגט מיר, ווו איז איַיער קאָמפּאַניע? וואָס דרייט איר זיך עפּעס אום אײנער אַליין?

— און איר?

— איך? — האָט אים מילקע געענטפערט מיט א גרינג האַרץ. — מיר גייט עס ניט אָפּ... אָט וועל איך זיך א ביסעלע דורכשפּאַצירן מיטן יונגן ניַי-יאָריקן פּרעסטל (איר ווייסט דאָך, איך האָב ליב נאָר יונגע) און קאַטיַיע אַהיים שלאָפן. איר ווייסט, בערטשיק? מע האָט מיר טכילעס אָוונט צוגעשיקט אַזעלכע שיינע פרישע רויזן... און איך קאָן ניט טרעפן, ווער האָט עס געטאָן... צי ס'איז קאָסטיע, צי מירלין... דאָס צעטעלע איז אָנגעשריבן מיט א צעדרייטן קסאַו. איך זיַיט דאָך אַלע אַזעלכע זשוליקעס, אַז איר טוט עפּעס אָפּ, מאַכט איר עס אַזוי, אַז מע זאָל ניט דערקענען.

בערטשיק האָט א רעגע א קלער געטאָן און מיט זיַין שטענדיקער רויִקיַיט געענטפערט:

— וואָס קאָן איַיך אויסמאַכן, ווער ס'האָט געשיקט. איצט זיַינען זיי איַיערע און זיי פאַרשאַפן איַיך פאַרגעניגן, דאָס איז שוין גענוג... סלאַווקע איז נאָך ניטאָ?

— ע, ווען סלאַווקע איז דאָ! זי וואָלט דאָך גליַיך געטראָפן. — און אַליין האָט זי א טראַכט געטאָן: גאָט אין הימל! אַפילע דער האָט אויך סייכל זיך פרעגן אַף סלאַווקען און מיינען מילקען. וואָס איז עס פאַר א מיַיסע, סלאַווקע איז דאָך אַזאַ טיַיער מיידל!

דער אַלטינקער נאַכט-וועכטער אינעם וויַיסן פּעלץ האָט געעפנט דעם טויער, מילקע האָט אים באַגריסט מיטן ניַיעם יאָר. דערנאָך האָט זי געגעבן בערטשיקן די האַנט.

— קומט צו גיין, — האָט זי אים געזאָגט, — איך האָב איַיך ליב. איר זיַיט זייער א ווױלער באָכער, נאָר פאַרוואָס זיַיט איר אַזוי אומעטיק? צום ניַיעם יאָר דאַרף מען זיַין פריילעך, אַפילע ווען עס גלוסט זיך ניט!..

— א גוטע-נאַכט!

— ריכטיק, ריכטיק, — האָט דער אַלטינקער גוטמוטיק צוגעשאָקלט מיט דער וויַיסער שיינער באָרד און מיט די רויטע בעקלעך, ווי ער וואָלט אַליין נאָרוואָס פון א יאָלקע אַראָפּ.

* * *

אין שטוב, אינעם ריינעם באַשמעקטן צימער, האָט די שיַין געברענט שטאַרק ליכטיק. מילקע האָט א וואָרף געטאָן דעם פוטער אַף א זיַיטיק שטולכל און זיך אַוועקגעזעצט לעם די בלומען. דאָס בילד מירלינס האָט זי גליַיכגילטיק געגעבן א רוק אָפּ אָן א זיַיט. א פּלוצעמדיקער נאַרישער געדאַנק האָט זי א ריס געטאָן פון אָרט:

— דאָס האָט דאָך בערטשיק צוגעשיקט די רויזן. ס'איז זיַין אַרבעט!

זי האָט געכאַפּט מירלינס בילד און פעסט איַינגעקלאַמערט אין די פינגער, דערנאָך האָט זי עס א שמייך געטאָן, און ווי זי וואָלט זיי ערשט דערזען, האָט זי א זאָג געטאָן צו די רויזן:

— ווייסט איר וואָס, טיַיערינקע? טאָמער וואָלטן מיר זיי אַלע דריַי אָפּגעשיקט צו אַלדי רוכעס? אַף וואָס דאַרפן מיר זיי?!

און זי האָט אַוועקגעשטעלט די וואַזע רויזן אַפן טישעלע, וואָס לעבן איר געלעגער.

זי האָט אַראָפּגענומען פון זיך דאָס יאָמטעוודיקע אָנטאָן, אויסגעלאָשן די שיַין און זיך קינדעריש א גליטש געטאָן אונטער דער קאָלדרע.

— א גוטע-נאַכט, — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין, און א צופרידענע, וואָס זי איז אַזוי רויִק, ווי ס'גיט זיך איר זעלטן-ווען איַין, האָט זי פאַרמאַכט די אויגן.

# אײַזיק פּלאַטנער



1961—1895

אײַזיק פּלאַטנערס אָנדענק מערקן מיר אָפּ מיט לידער, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין דער לעצטער צײַט פון זײַן לעבן.

## דאָס קינד

נאָך קלײנינקע הענטלעך באַם קינד,
און זײַנען קעסיידער פאַרנומען, —
אָט כאַפּט עס אין מויל זיי געשווינד
און קנאַקט מיטן צינגל אין גומען.

די פויסטלעך די שטײַפע פאַרקלעמט —
פאַראַנען אין זיי שוין גוווּרע.
ווײַזט אויס, פון געבוירן די הענט —
זיי טראָגן אין זיך שוין אַ שטורעם.

עס וויגט אַרום וויג זיך די ערד
אין בלענדיקע רעגנבויגנס,
דער הימל ליגט איבערגעקערט
אין בלוי פון די קינדערשע אויגן.

וואָס זעט עס, דאָס קינד, דורכן שויב,
ווען ס'שפּרינגט אין די הענט באַ דער מאַמען, —
אַף זײַלן פון זוניקן שטויב
עס כוואַליען זיך לופטיקע יאַמען,

און ס'רוישט, ווי אַ בינשטאָק, די צײַט,
די וועלט האַלט נאָך אַלץ אינעם ווערן.
דאָס קינד שטרעקט די הענט אין דער ווײַט,
אַהין — צו דער זון, צו די שטערן...

# גוווּרט

ווי קומט עס צום לאַרך אַזאַ גוווּרע,
די פרייד און דער ווילן דער הייסער —
פאַרטרײַבן די ווינטן און שטורעמס,
די וועלדער פון שלאָף אופצוטרייסלען?

ווי נעמט זיך עס אַן אַזאַ פויגל
צו זינגען אַזוי פון די הייכן,
פאַרפלייצן מיט זון דיר די אויגן,
די טיפקײַט פון האַרץ דיר דערגרייכן,

אַליין אין דער בלויקײַט צו שוועבן,
ווי איבער די יאַמען אַ פליִער? —
זעט אויס, אַזאַ קראַפט איז פאַרבאָרגן
באַם אָנזאָג פון פרילינג פון פריִען!

און זע, ווי די זון העלפט אים אונטער,
און הער, ווי עס ריזלען שוין קוואַלן!
דו גייסט אום באַרוישט, אַ באַזונטער,
פאַרשפּינט און פאַרפלאָנטערט אין שטראַלן.

אָט פונקט, ווי דער פויגל דער קליינער,
די הענט וואָלסט, ווי פליגלען, צענומען.
אַ פלי אין דער בלויקײַט דער ריינער,
אַליין, ווי דער פרילינג, געקומען.

1960.

## וויגליד דער אומבאַוווּסטער העלד

איך גיי און פרעג ניט אַן דעם וועג
אף אופזוכן זײַן הויז.
קאָן זײַן, אז אין אן אנדער קאַנט
ער לעבט —
עס מאכט ניט אויס.

קאָן זײַן, או אין אן אנדער דאָרף
און אף אן אנדער גאַס,
נאָר ווו איך זאָל אצינד ניט זײַן, —
כ׳וועל זײַן בא אים צוגאַסט.

דאָס קאָרן רירט מײַן אקסל אָן,
דער ווייץ דעם שלייף באַהויכט
מיט זאפטיקײַט פון ערדן־טיף,
מיט זוניקײַט פון הייך.

און ביז די קני אין מאָן־צעבלי,
ביז האלדז אין פייגל־פלי, —
כ׳האָב רעכט צו זאָגן, אז זײַן היים
און אז זײַן הויז איז הי.

מײַן פרײַנט, מײַן ברודער אין געפעכט,
מײַן אומבאַוווּסטער העלד,
איך האָב דײַן טרוים געזען צעבליט
אף ראַכוועסדיקן פעלד...

## אָוונט

די זון האָט אָפּגעברענט,
פארשאָטנט
דעם הימל־צודעק ערדיש־גרוי.
אף מײַנע אקסלען — ערשטער טוי —
דײַן ווײַטער אָפּגעקילטער אָטעם.

איך וועל די פֿינצטערניש צעשפּאַלטן,
דאָס פײַער אופוועקן אפסנײַ,
אבי דו זאָלסט ניט דורך פארבײַ:
דערזעען מיך — דעם טראָט פארהאַלטן...

## דערנענטערונג

מיר האָבן זיך דערנענטערט, ווייסטו ווי? —
ווי פליגלען מיט דער לופט אינמיטן פלי,

ווי וואסער־טיף מיט רונדיקײַט פון דעק,
ווי שײַן פון זון מיט שאָטנדיקן פלעק...

און ס׳האָט פון אונדז דערווײַטערט זיך די וועלט, —
ווי פונעם ברעג אַן אומרויִקע וועל,

ווי פון א פעלדז אַן אָדלער אָפּגעשיידט,
און ווי די בלאַנקע שווערד פון בלינדער שייד...

# ס׳וועט בלײַבן אָט אזוי

דעם פּאַרדינסטפולן ספּאָרט-מײַסטער
לייב סעגאַלאָוויטשן.

ס׳וועט בלײַבן אָט אזוי, ווי ס׳איז
אין ווײַס־און־שוואַרץ פון מײַנע אויגן:
דײַן קלאַפּ — פּונקט ווי א פײַל פון בויגן —
וואַרפט אום דעם קעגנער פון די פיס.

איך וועל באַשרײַבן אָט דעם זיג
מיט גאַנצן עמעס פון א זינגער:
מיר זײַנען דאָך געוועזן ייִנגער
אפילע מיט א טאָג צוריק...

# אייביקייט

א טראָט, און אָט איז דער גאַניידן,
און ס׳רינט דאָס גראָז אונטערן ווינט —
א גרינער טײַך, וואָס טראָגט אונדזביידן
אין בלוי, אין טוי פונעם באַגין.

און ס׳איז קיין לופט מער ניט פאַראַנען —
אַף גאָר דער וועלט דײַן זיסער דופט,
און ווײַט פונדאַנען, ווײַט פונדאַנען —
פון ערד דער קרעכץ, פון מענטש דער רוף.

נאָר איך, און דו, און פלאַמען־ציטער
פון זון אַף הימלדיקן ראַנד,
און אייביקײַט, וואָס ווערט צעשפּליטערט
מיט יעדן צאַפּל פון דײַן האַנט.

# אָסיען

איך האָב דעם זומער נאָך דערוויסט
אין דינע לעבנס פון די גראָזן,
אין גרינע שטעכלקעס, וואָס לאָזן
זיך אלץ ניט טרעטן מיט די פיס.

נאָר ס׳טוט דאָס הארץ א ציטער קוים
אין דעם פרימאָרגנדיקן נעפל.
דער בושל־ברונעס, וואָס דערנעבן,
ווערט ענלעך אף א הוילן בוים...

# צי ווייסט דאָס הארץ

צי ווייסט דער שײַטער, אז ער ברענט? —
צו הייך זײַן פײַער־קאָפּ געווענדט,
צום בלויזן בלוי, צו הוילע הענט,
צום רויטן ראָסט פון קאלטע ווענט.

צי ווייסט דאָס וואסער, אז עס פליסט
אין ווײַט, ווו טאָג מיט נאכט זיך שליסט, —
צום גרינעם פעלד, צו שלאנקע פיס,
צום ערשטן שלונג פון יאם דעם ריז?

צי ווייסט דאָס הארץ זײַן ווילדע מאכט,
וואָס טרײַבט דאָס בלוט מיט שטראָם־געקראך,
ווען ס׳ברענט דאָס לײַב, ווי יונגער סכאך?..
צי ווייסט דאָס הארץ?
עס ווייסט, מיר דאכט...

1961.

---

# פֿאַר קליין און גרויס



## שיקע דריז

געבוירן אין 1908 אין שטעטל קראסנע (אוקראַינע). פֿאַרענדיקט דעם קיִעווער קונסט-אינסטיטוט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1930. אָנטיילנעמער פֿון דער גרויסער פּאַטריאָטישער מילכאָמע. וווינט אין מאָסקווע.

## אָדער-אָדער

אָדער־אָדער
אדעראבע,
אויב מײַן באבע
איז א באבע —

וואָס זשע גאָר טראָגט זי
פּאַגאָנעס א פּאָר?
וואָס זשע גאָר רופט מען זי
כאווער מאיאָר?

אָדער־אָדער
אדעראבע,
אויב מײַן באבע
איז א באבע —
ווו זשע זײַנען
אירע ברילן?

אירע קעסטעלעך
מיט פּילן?
אירע שפּיזעלעך
פֿון שטאָל?
אירע קנײַלעכלעך
מיט וואָל —
א?

אָדער־אָדער
אדעראבע,
אויב מײַן באבע
איז א באבע —
וואָלט איך וועלן
וויסן קלאָר:
רופן זי באבע,
צי כאווער מאיאָר.

## יאָ

אך, בין איך געשוווּמען!
אך, געלייגט א פּולקע!
געפּליוסקעט זיך אין טײַכל
בעסער פון א העכט!

— איאָ, דו ביסט געשטאַנען,
אָנגעקוועלט פון ווײַטן?

איאָ, איך זאָג קיין ליגן,
איאָ, איך בין גערעכט?

— יאָ, דו זאָגסט אָן עמעס,
יאָ, דו ביסט גערעכט,
יאָ, איך בין געשטאַנען,
אָנגעקוועלט געשמאַק,

ווײַל געשוווּמען ביסטו
ניט בעסער פון א האַק.

## אַ שיסעלע

איצי־קיצע — קאַטעניאַ!
כ׳האָב א שיסעלע אזא:

ניט פון אײַזן, ניט פון בלײַ,
ניט פון דינעם פּאָרצעלײַ.

כ׳האָב אומיסטן אפּדערנאַכט
מיט דער פּיאַטע דאָס געמאַכט,

אף א סטעזשקעלע פון ליים,
ווען געלאָפן כ׳בין אהיים.

זאָל פון דעם דער סאָלאָווײ
פּארן זינגען טרינקען טײ.

## אַ שפּאַקטיוול

כ׳האָב אזא שפּאַקטיוול
מיט אלערליי מין גלאָז,
וויל איך — ווערט די סטעליע
געל און גרין, און ראָז.

מײַן זיידנס באָרד די ווײַסע
קאָן ווערן ווידער שוואַרץ,
און רויט, ווי טינט אין פלעשל, —
דער קאָטער מיט דער קאַץ.

ווילט איר — גלייבט מיר,
ווילט איר נײן,
ווילט·איר — נאַט
און קוקט אליין.

# אײסעך־װײסעך

פלוצעם זאָגט די מומע העניע:
— טרעפט, װאָס װאַקסט בא מיר אין זשמעניע!

זיסל זאָגט: „א ניסלי!״
שלוימל זאָגט: „א פלוימלי!״
אנשל זאָגט: „א װײַנשלי!
ארל זאָגט: „א בארלי!״

— אײסעך־װײסעך, גײט אײַך, גײט, —
א סאָד איז מומע העניע?
פרוכטן װאַקסן אף א בוים,
ניט בא מיר אין זשמעניע.

מומע העניע, מומע העניע, מומע העניע!
װאָס זשע װאַקסט בא דיר אין זשמעניע?

ליבל זאָגט: „א ציבלי!״
דאָבל זאָגט: „א קנאָבלי!״
שנײער זאָגט: „א מײערי!״
כאקל — „א קאבאקלי!״

— אײסעך־װײסעך, גײט אײַך, גײט,
א בײט איז מומע העניע?
אזעלכע זאכן זוכט אין גאָרטן,
ניט בא מיר אין זשמעניע!

— מומע העניע, מומע העניע, מומע העניע!
גאָרניט װאַקסט ניט אין דײַן זשמעניע.
— אָט איצט האָט איר געטראָפן,
גײט און לײגט זיך שלאָפן!

.1961

---

שאָלעם-אַלייכעם

# דער מיסטיק

א ראָמאַן מיט א מוסער-האַסקל,
וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אמעריקע.

## VII

## די ביאָגראַפיע פון מיסטער פעלד אין קורצע שטריכן

מיט דעם אייגענעם סייכל, וואָס פון ברידער משערקאַסקי איז געוואָרן טשער בראָדערס, איז פון בלומענפעלד געוואָרן „פעלד". פריִער פעלד, דערנאָך מיסטער פעלד. פריִער, אז מע האָט אים גערופן, האָט מען אים גערופן: „סעיי, פעלד, קאַם היִער!"[1] דערנאָך, אז ער איז ניסגאַדל געוואָרן, זאָגט מען אים שוין: „מיסטער פעלד, קאַם היִער, פּליעז!..[2] די אייגענע יענטע, נאָר אנדערש געשלייערט. אלע געדענקען טאַקע גאַנץ גוט, אז אָט דער מיסטער פעלד איז ערשט נעכטן געוועזן א „נאַטינג", א באָי[3], וואָס פאָלגט א גאַנג, נאָר עס מאַכט ניט אויס. אדעראַבע, מע גיט אים אָפּ קאָוועד און ער פאַרדינט דעם קאָוועד, וואָרעם דער באָכער האָט געמאַכט זייער א גוטע קאַריערע, און מיט זײַן קאַריערע האָט ער צו פאַרדאַנקען נאָר זיך אליין — און דאָס האָט א גרויסע ווערט אין אמעריקע. וואָס קלענער איר זײַט געוועזן אמאָל, אלץ גרעסער זײַט איר איצינד. פאַראַן דאָ אין דעם לאַנד אזעלכע גדוילים, וואָס זײַנען אייגנטלעך קיינמאָל ניט געווען קליין, נאָר אז עס קומט זיי אויס, דערציילן זיי אײַך ניסים-וועניפלאָעס, ווי קליין זיי זײַנען אמאָל געווען און ווי זיי האָבן זיך ביסלעכווײַז אליין ארופגעארבעט, און בלאָפן[4] אונטער ביודעים ובלא יודעים (בעיוידים אוּוועלוי יוידים)... אָף אונדזער מיסטער פעלד קאָן מען דאָס ניט זאָגן. ער האָט טאַקע אָנגעהויבן אזוי קליין, וואָס קלענער קאָן שוין גאָרניט זײַן. וואָרעם, וואָס קאָן שוין זײַן קלענער פון א „דעליווערי באָי" אין א „לאָנדרי"[1], וואָס ברענגט און צעטראָגט וועש? ווי א פריבלודנע הונט, ווערט ער געיאָגט פון איין גאַס אין דער אנדערער. ווי א יאַטקע-הונט קריגט ער געשלאָגן, טאָמער פאַרשפּעטיקט ער א מינוט. געשוואָלענע פיס באַקומט ער, וואָרעם ניט פאַר אים איז באַשאַפן געוואָרן דער „סאָב־וויי"[2] מיטן „על"[3]. די ניקעלס[4] וועלן בעסער צוניץ קומען דער מאַמע דער אלמאָנע אָף ברויט — זי איז בילכער. און אפילע דעמלט, ווען ער האָט זיך שוין ארופגעארבעט אָף א „סאָרטירער" פון וועש און באַקומען שוין א נישקאָשעדיקע „סאַלערי"[5], האָט ער זיך אויך קיינמאָל ניט פאַרגונען צו קויפן פאַר א ניקל „אײַזקרעם-סאָדע" — די מאַמע איז בילכער. „א ווײַלער באָי וואַקסט בא אײַך, מיסים פעלד!" — האָבן געזאָגט די נעקסדאָריקע[6] צו דער אָרעמער אלמאָנע און איר מעקאַנע געווען. „איר זאָלט געוועזן קענען דעם טאַטן זײַנעם, וואָלט איר דאָס ניט געזאָגט..." אזוי ענטפערט זיי די אָרעמע אלמאָנע, און ס'איז שווער צו פאַרשטיין, וואָס זי מיינט, וואָס פאַר א מין טאַטע האָט דאָס געקאָנט זײַן? וועלן מיר זאָגן, אז ער איז געווען א ראָזו, באַדאַרף ער אויך ניט האָבן קיין בע-סערן זון. הײַנט וואָס איז מיט אים אזוי דער יִכעס?.. אזוי טײַנען זיך אויס די נעקסדאָריקע וועגן דער אלמאָנע. זי ווייסט זיך אָבער אירס, אז זי איז אמאָל געווען א באַלעבאָסטע מיט אן אייגענער שטוב דאָרט בא זיך אין דער היים און האָט געהייסן מאַדאַם בלומענפעלד, און האָט געהאַלטן א דינסט, צוויי דינסטן, און דאָ איז זי אן אָרעמע אלמאָנע און קאָכט אליין און באַקט אליין און הייסט מיסים פעלד און מער גאָר-נישט... טאַקע א שטיקל גליק, וואָס זי האָט אזא

אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 2.

1 — הער נאָר, פעלד, קום אהער; 2 — קום, ביטע, אהער; 3 — א גאָרניט, א יינגל; 4 — לײַגן.

1 — א שיק-יינגל אין וועשערײַ; 2 — מע-טראָ; 3 — דער אייבערשטער באַן; 4 — פינפ-סענטיקע מאַטבייעס; 5 — ארבעטסלוין; 6 — די שכיינים.

גערעכטעגס זון. נאר וואס איז דער טאכלעס? צו וואס קאן ער זיך דערדינען אין א לאנדרי, אז קיין מעלאכע קען ער נישט און קיין קאפיטאלן האט זי נישט? און אמעריקע איז א לאנד, וואס נאר א גוטער באלמעלאכע קאן מאכן א לעבן, און נאר מיט קאפיטאל קאן מען טאן ביזנעס. לאנג טייגען מיטן זון האט זי אבער נישט באדארפט. ערשטנס, איז ער אזא קינד, וואס דער מאמעס א ווארט איז בא אים טויראס מוישע, און, צווייטנס, פילט ער אליין, אז עפעס פעלט אים און אז ער איז בעקויעך אויסצולערנען יעדע מעלאכע אפן בעסטן ארט — מע זאל אים נאר צולערנען, צווייזן. א סימען — ער איז נאך אריינגעטראטן אין א שניידער-טריידו[1], האט ער באלד געכאפט דעם שניט און האט ארויסבאוויזן אזעלכע פייקייטן, אז ער האט אפן צווייטן און דריטן יאר אנגעהויבן ברענגען אהיים גאנץ פיינע „וויידזשעס"[2], גיך אריבערגעיאגט א סאך פון זיינע כאווירים מיטארבעטער, און גאר באזונדערע פייקייטן האט ער ארויסבאוויזן צו „דעזיינונג"[3], געווארן איינער פון די בעסטע „פאריער"[4] נישט מיטאמאל, נאר ביסלעכווייז. פריער אן „אפרייטער"[5], דערנאך א „קאטער"[6], דערנאך א „דעזיינער"[7], געמאכט זיינע אייגענע „סטיילס" און „פעטערנס"[8]. זיינע „פעשנס"[9] האבן ארטיסטן אויסגענוצט אינעם „אמעריקאן אלבום אף פארנאוועלטיס"[10]. מיסטער פעלד האט זיך קוינע-שעם געווען אין די פארביזנעס[11]. ניט קיין סקולטימשער[12], ניט קיין דאקטער, ניט קיין לאיער[13] האט זיך ניט געקאנט דערשלאגן צו אזא סוקסעס[14], ווי אונדזער מיסטער פעלד. און דערצו האט אים נאך צוגעשפילט א ביסל די האצלאכע אויך. אכוץ זיינע אומגעהייער גרויסע וויידזשעס, האט ער זיך אויסגעארבעט אויך א פראצענט אין די ביזנעס. „פארס"[15] איז ארײַן אין דער מאדע. באשטעלונגען האבן זיך געגאסן, ווי א מאבל — ווער עס האט זיך צוגערירט צו רויכווארג איז ניסאשער געווארן, און מיסטער פעלד האט אפגעשפארט א שיינע פאר דאלער. און געלעבט האט ער סאליד און איינגעהאלטן, אזוי ווי פריער. געווען אן אפטער גאסט אין די בענק מיטן דעפאזיט-ביכל. זיך ניט דערלויבט צו גיין אן איבעריק מאל אין טעאטער, אי דאס גאנץ הויך, קימאט אונטערן הימל. ליבער געגאנגען הערן א „לעקטשור"[16] פאר צען סענט איינטריט, אדער גאר פאר א ניקעל. פון א לעקטשור קאן מען עפעס לערנען, און טעאטער איז נאר צו אמוזירן זיך. אזוי האט ער זיך פארענטפערט פאר זיינע פריינט און באקאנטע, וועלכע האבן אים גוט פארשטאנען און געוווסט, אז דאס איז נאר מאכמעס קארגשאפט. וועגן זיין קארגשאפט האט מען צווישן כעוורע דערציילט אנעקדאטן: אז ער וואשט זיך אליין דעם קאלנער מיט די מאנזשעטן, אז ער טראגט שוין 7 יאר איין פאר „פענטס"[1], אז אף יעדן סענט הענגט בא אים א שלעסל, און ער האט אף זיין לעבן נאך ניט געפרווט שענקען אן ארעמאן א פעני... זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאס איז ניט מער ווי אנעקדאטן. די אויסגעטראכטע מייסעס וועגן די קעלנער, מאנזשעטן און „פענטס" זיינען גלאט ניט וויכטיק. וועמעס אייסעק איז דאס? און דאס, וואס ער האט ניט געשענקט זינט ער לעבט א פעני, איז אבסאליוט א ליגן! מיסטער פעלד דערציילט אליין בא יעדער געלעגנהייט, וויאזוי ער האט אויסגעשריבן א טשעק אף די היימישע קארבאנעס נאך די בארימטע פאגראמען... עמעס, מער ווי דאס מאל האט ער קיין טשעקן ניט געשריבן און קיין נעדאוועס ניט געגעבן, און עס וואלט געווען עפשער א סאך שענער, ווען די מייסע מיטן טשעק זאל דערציילן אן אנדערער, ניט ער. נאר אויסטראכטן אף א מענטשן א בילבל, אז ער האט נאך קיינמאל קיין פעני ניט געשענקט, איז שוין צו איבער[גע]טריבן. די וועלט האט פיינט א קארגן, און מען איז אים צו גלייכער צייט מעקאנע. מילדע מענטשן וואלטן אויך געוואלט זיין קארג, נאר זיי קאנען ניט. דעריבער האבן זיי האנאע און דערלעבן א נעקאמע, אז דער קארגער האט א מאפאלע. אזא נעקאמע האבן זיינע פריינט דערלעבט, ביים די בענק האבן געמאכט אן אנזעיץ און מע האט זיך דערוווסט, אז מיסטער פעלד האט געכאפט דעם ערשטן קלאפ. „א מיצווע אף אזא כאזער — געקליבן, געקליבן, געקומען דער רועך און צוגענומען..." שלעכטע מענטשן! בייזע מיילער! גיפטיקע צינגער! ס'איז גרינג צו זאגן „דערלעבט א נעקאמע"! אזא שוויסיק, בלוטיק פארהארעוועט געלט! א מענטש פארגינט זיך ניט אן איבעריקן ביסן, א טרונק וואסער, זאמלט א פעני צו א פעני, בויט זיך א הויז, וויל זיך פארזארגן אף דער עלטער, כאלעמט וועגן אן אנשטענדיקן שידעך, גליקלעך מאכן אן ארעם מידל, טיילן מיט איר פרייד און ליידן אף דער האלב, פארזארגן די קינדער, וואס זי וועט אים האבן, — מיטאמאל שטייט ער אויף אינדערפרי און לייענט אויס פון זיין „פייפער", אז זיין באנק איז באנקראט! איר ווייסט? דאס איז ערגער, ווי מע האט אייך באגאנוועט אדער באפאלן און צוגענומען. דא האט איר אליין מיט אייערע אייגענע הענט געגומען אייער האב-און-גוטס און ביסלעכווייז עס אריבערגעטראגן און אריינגעווארפן אין א גרוב ארײַן, אין פייער ארײַן. איר זייט געבליבן אי א נאר, אי א קאפצן! איר האט זיך אליין געלאזט נארן, און מע האט אייך אפגענארט, באשווינדלט!..

1 — שניידער-פאך; 2 — סכירעס; 3 — מאדעלירונג; 4 — פוטערווארג-ארבעטער; 5 — א שטעפער; 6 — א צושניידער; 7 — מאדעלירער; 8 — פאסאן-צייכענונגען; 9 — פאסאנען; 10 — אמעריקאנער קליידונג-אלבאם; 11 — פוטערווארג-געשעפט; 12 — שול-לערער; 13 — אדוואקאט; 14 — דערפאלג; 15 — פוטערווארג; 16 — לעקציע.

1 — הויזן.

אַף דער הייסער מינוט האָט זיך מיסטער פעלד געלאָזט לויפן, ווי א צעמישטער, מיט דער דייע, אַז ער וועט זיי דאָרט אין די בענק געבן א ווייסן סאָף, מאַכן א פּאָגראָם: „מײַן געלט זאָל מיר זײַן!..“ דערנאָך, אַז ער איז געקומען און געטראָפן די באַנק געשלאָסן און אינדרויסן דרייען זיך אַרום נאָך א סאַך אַזעלכע, ווי ער, אָפּגענאַרטע און באַשווינדלטע, איז ער א ביסל אָפּגעקילט געוואָרן. ערשטנס, איז ער דאָך ניט איינער. און צווייטנס, איז ער נאָך א גאָלד אַנטקעגן אַנדערע. ער האָט נאָך א ביסל געלט אין אַן אַנדער באַנק... הײַנט האָט ער א ביזנעס. ער איז אַן אָנגעשטעלטער און א פּאַרטנער בא די טשער בראָדערס און האָט נאָך, יעדנפאַלס, פונוואַנען צו לעבן, אין דער צײַט, ווען אַנדערע, ייִדן און ווײַבער, אָרעמע באַלמעלאָכעס, עלנטע יעסוימים און אַלמאָנעס, שלאָגן זיך קאָפּ אין וואַנט, כאַלעשן אינמיטן גאַס — זיי האָבן ניט מיט וואָס א טאָג איבערצולעבן!.. און מיסטער פעלד קומט צוריק אַהיים א געלאַסענער. די מאַמע פרעגט אים: „וואָס איז מיט אים דער מער, וואָס ער איז נעלעם געוואָרן פאַרן ברעקפעסט?“[1] ענטפערט ער איר, אַז די ביזנעס האָבן געפאָדערט פון אים, ער זאָל א לאָף טאָן אין די בענק, — און מער נישט א וואָרט וועגן דעם, גלײַך ווי עס האָט זיך גאָרניט געטראָפן. און אַז די אַלטע וועט לעבן נאָך הונדערט יאָר, וועט זי אויך ניט וויסן — לעמײַ זאָל די מאַמע האָבן יעסורים? און מיסטער פעלד מאַכט זיך א האַרץ, שטעלט אָן א פריילעך פּאָנעם, ווערט פאַרטיק מיטן ברעקפעסט און גייט אַוועק אין געשעפט אַרײַן און טרעפט זײַנע פּאַרטנערס, די טשער בראָדערס. זיי קוקן אַף אים עפּעס מיט מאָדנע אויגן, אומרויִק. ער שטויסט זיך [אָן], וואָס זייער אומרויִקײַט באַטײַט, און ער אײַלט זיך זיי צו באַרויִקן: „זיי קערן אַוואַדע וועלן וויסן וועגן דער באַנק, אויב ער האָט געכאַפּט א קלאַפּ? נו, געוויס האָט ער געכאַפּט א קלאַפּ. נאָר ס'איז ניט אַזוי געפערלעך. א פּאָר טויזנט דאָלער, מער נישט... אַן אַווירע איז דאָס, נאָר מע קאָן דאָס אַריבערטראָגן... אַנדערע זײַנען גאָר אומגליקלעך געוואָרן!..“ און עס גייט אַוועק א שמועס וועגן בענק, וועגן באַנקראָט, וועגן אומגליקלעכע קאָרבאָנעס. דערנאָך גייט מען אַריבער צו די „ביזנעס“, און נאָר אַז עס האַלט בא ביזנעס, רעדט מען לאַנג און א סאַך. אויסער ביזנעס איז ניטאָ, פון וואָס צו ריידן. די ברידער טשערקאַסקי, אָדער טשער בראָדערס, זײַנען צו באַשעפטיקט, און מיסטער פעלד איז צו אַן ערנסטער באָכער, ער זאָל גלאַט אַזוי אַוועקזעצן זיך פּלאַפּלען. זעלטן-זעלטן קומט ער צום עלטערן ברודער פון דער פירמע טשער בראָדערס, צו מאַקסן, מיט א וויזיט. און אַז ער קומט — קומט ער אָנגעטאָן יאָמטעוודיק. פאַרשפּיליעט אַף אַלע קנעפּ, מיט אַ באַקסל קענדי[2] (די מיסים מאַקס האָט ליב קענדים). ער רעדט געציילטע ווערטער, צווישן וועלכע עס וואַרפן זיך דורך אָפטער פון אַלץ די ווערטער „יעס“ און „אָלרײַט“, טרינקט אויס זײַן „קאָף אַף טי“, הערט אויס א „סאָנג“[1] פון גראַמאָפאָן — א פריילעכע ענגלישע „טיפּערערי“[2], אָדער, פאַרקערט, אַן אומעטיקן „בראש השנה“ („בעראָש-האַשאָנאָ“) פון קאַנטאָר סיראָטאַ אָדער פון כאַזן קוואַרטין „ראה נא בעניינו“ („רעיי נאָ בעאָנייענו“), אָדער דעם באַרימטן „את צמח דוד“ („עס צעמאַך דאָוויד“) פונעם באַרימטן יאָסעלע ראָזנבלאַט, הייבט זיך אויף, פאַרשפּיליעט זיך אַף אַלע קנעפּלעך — און גוד נאַיט![3] איך קאָן גיין אין געוועט, אַף וויפל איר ווילט, אַז מיסטער פעלד האָט נאָך אַף זײַן לעבן ניט צוגערירט זיך צו א קאָרט, און אַז ער ווייסט אַפילע ניט, וואָס א „פּאָקער“ אָדער א „פּינאַקל“[4] באַטײַט. דעריבער איז קיין כידעש ניט, וואָס ער האָט די גאַנצע צײַט, זינט ער איז אָנגעשטעלט בא די טשער בראָדערס, נאָך קיין איינציק מאָל ניט פאַרשפּעטיקט אַף קיין האַלבער שאָ אַפילע. א זעלטענער-זעלטענער דזשענטלמען אָט דער מיסטער פעלד!

איינמאָל זײַנען די טשער בראָדערס געקומען אין אָפיס, געטראָפן דעם מיסטער פעלד, ווי אַלעמאָל, אין לאַנגן גרויען כאַלאַט מיט דער שער בא דער אַרבעט. און אַז מיסטער פעלד איז אָנגעצויגן אינעם לאַנגן גרויען כאַלאַט מיט דער שער [בא] דער אַרבעט, מעגן פאַלן שטיינער פונעם הימל, וועט ער די שער פון די הענט ניט אַוועקלייגן. נאָר געבן א פינקל מיט די ברילן (ער איז א קורצזיכטיקער) און ווײַטער געאַרבעט. אַלע ווייסן עס, און קיינעם וועט ניט אײַנפאַלן אים פון דער אַרבעט אָפּצורײַסן. איצטיקס מאָל איז געווען אַן אויסנאַם. דער עלטערער פון די טשער בראָדערס, מאַקס, איז צוגעגאַנגען צו מיסטער פעלד און אָן ווערטער אים איבערגעגעבן א „לעטער“, גאָרוואָס דערהאַלטן פון „יוראָפּ“. מיסטער פעלד האָט א קוק געגעבן דורך די ברילן אַף מאַקסן, אויך אָן ווערטער, גענומען דעם לעטער און דורכגעקוקט אים פון אָנהייב ביזן סאָף. דאָס איז געווען א בריוו פון דער אַלמאָנע טשערקאַסקי צו אירע זין קיין אַמעריקע. די אַלטע מאַמע לאָזט זיי וויסן, אַז איר טאָכטער ראָזע, זאָל לעבן, האָט שוין באַקומען אין א גוטער שאָ פון זיי די שיפּסקאַרטע מיטן געלט און אַז זייער שוועסטער פאָרט אַרויס אימירצעשעם אין דעם און דעם טאָג, און זי האָפט, האַשעם-יִסבאָרעך, אַז זי וועט קומען בעשאָלעם קיין אַמעריקע ניט שפּעטער ווי אין צוויי וואָכן אַרום, און אַז זי בעט גאָט, ער זאָל זי ברענגען בעשאָלעם, און זי זאָל שוין דערלעבן הערן די גוטע פּסורע, אַז זי איז שוין געקומען אַפן אָרט, און דער אייבערשטער זאָל איר דאַרפן צושיקן דעם רעכטן זיווג, און זי זאָל דערלעבן פון איר נאַכעס פונדערווײַטן און

1 — פרישטיק; 2 — א שאַכטל קאָנפעקטן.

1 — א ליד; 2 — אַן ענגלישע סאָלדאַטן-ליד; 3 — א גוטע-נאַכט; 4 — קאָרטנשפּילן.

הערן גוטע בשורות, ווי זי הערט פון אירע עלטערע קינדער, — אמיין וועאמיין...

איבערגעקוקט דעם לעטער פון אנהייב ביזן סאף, האט מיסטער פעלד נאר א זאג געגעבן „וועל"[1] און זיך גענומען צוריק צו דער ארבעט. אויך דער עלטערער פון די טשער בראדערס האט גענומען דעם לעטער צו זיך, א זאג געגעבן „וועל", און מען איז זיך צעגאנגען יעדער צו זיינע ביזנעס. ווערטער זיינען דא געווען איבעריק. לאכלוטן איבעריק! מיסטער פעלד איז ניט קיין באכערל, וואס מע דארף אים „ריידן א שידעך". און די טשער בראדערס זיינען ניט קיין מעכוטאנים פון א פארזעסענער מויד, וואס מע דארף זי כאסענע מאכן. מאכטייסע, ווען ס'זאל זיך מאכן, אז זייער שוועסטערל זאל קומען צו פארן, און מיסטער פעלד זאל זיך מיט איר באקענען, און די יונגעלייט זאלן זיך געפעלן, וואלטן זיי נישט געהאט דאקעגן. אדעראבע, עס וואלט נאר האנאע געטאן, ווארעם אזא כאסן, ווי זייער מיסטער פעלד, וואלט זיך געמעגט ווינטשן צו האבן יעדעם מיידל, ווען זי זאל אפילע פארמאגן מי-יעדייע וויפל נאדן... דעם דאזיקן געדאנק האט איינמאל דער עלטערער ברודער מאקס ארויסגעזאגט דעם יינגערן טשארלז באם טיש אין דער קעגנווארט פון דער מיסים מאקס. האט די מיסים געגעבן א פליעסק מיט די הענט און ארויסגעלאזט אזא קוויטש, אז ביידע ברידער האבן זיך דערשראקן אף טויט. אזא טעווע האט די מיסים מאקס, אז זי ווערט ניספאעל פון א זאך, עס מעג זיין וואס עס וויל זיך. לעמאשל, די קאץ האט זיך געקעצלט, דריי און דרייסיק ארבעטס-מיידלעך זיינען פארברענט געווארן, די הון האט געלייגט אן איי און האט עס צעבראכן, די שטאט ווארשע איז געפאלן, — אלץ איין פליעסק מיט די הענט און אלץ איין קוויטש. אוביפראט דא, בא א מישפאכע-געלעגנהייט, בא א שידעך! א שידעך — דאס איז, לײדיס ענד דזשענטלמען, א ניסאיען, א יעיצערהארע, וואלט איך געזאגט, אזא יעיצערהארע, וואס קיין שום דאמע און קיין שום מיסים קאן קעגן אים ניט ביישטיין. צוליב א שידעך אויספירן וועט זיך אייך יעדע מיסים מאפקיר זיין, און קיינער איז ניט אזא מייוון אף א פארטיע, ווי די מיסים. טאמער וועט זיך אייך מאכן אמאל, עס וועט אייך פארקומען א פלאן אין קאפ וועגן ריידן עמעצן א שידעך, זאלט איר קוידעמקאל א פרעג טאן בא אייער מיסים. אז די מיסים וועט אייך זאגן, ס'איז גלייך, זאלט איר ריידן. און אז זי וועט אייך זאגן, ס'איז קרום, זאלט איר ניט ריידן. אפן לעצטן פאל זאלט איר דאס איבערגעבן צו איר — זי וועט דאס שוין מאכן גלייך, ווי א לייטער, ווען עס זאל אפילע זיין קרום, ווי א קאטשערע. גאט האט זיי שוין געגעבן אזא קויעך — פרעגט ניט קיין קאשעס, און מיט דעם דאזיקן קויעך האט די

1 — ווויל, גוט.

מיסים מאקס זיך גענומען צו באארבעטן דעם מיסטער פעלד, אבער קונציק, ווי א געבוירענע שאדכנטע.

## VIII

## מיסטער פעלד פארליבט זיך הינטער די אויגן

די טשער בראדערס האבן א שעם אין ניו-יארק פאר זייער אנשטענדיקע ביזנעסלייט, וואס פארדינען זייער א סאך, נאר זיי לעבן איינגעהאלטן, באלעבאטיש. דעם איינציקן לוקסוס, וואס זיי דערלויבן זיך, איז, ווי מיר האבן געזען נאך פונעם ערשטן קאפיטל, אן אייגענע מאשין, אייגנטלעך מער צוליב ביזנעס, און אן אייגענע הייזקע, אדער א „באנגאלא" אפן „ביטש"[1] — ניט ווייט פון קוני-איילאנד[2]. דאס באנגאלא איז געקויפט געווארן מער צוליב דער מיסים מאקס, ווארעם זיי וואלטן זיך געקאנט באגיין אן קוני-איילאנד. דאס הייסט די מיסים מאקס אליין וואלט זיך אייגנטלעך אויך געקאנט באגיין אן דעם, ווארעם מיידלווייז, אז מיסים מאקס האט נאך געהייסן מיס טענדלער און האט נאך געארבעט, צווישן אונדז גערעדט, אין א שאפ פון וועסטלעך פאר אזעלכע אכט אדער ניין דאלער א וואך, האט זי געוווינט מיט איר פאטער מיסטער טענדלער, א פושקארד-פעדלער[3], ס'זאל אייך צו קיין כארפע ניט זיין, גאנץ אונטן אין „ביימסמענט"[4] אין א „טענעמענט-הויז"[5] אף מעדיסאן-סטריט, בעטווין[6] פראדגערס ענד פייק סטריטס — און איז ניט געשטארבן, נאר זי לעבט, און נאך וויאזוי געלעבט — טראגט די שענסטע „דרעסעס"[7], דיימאנטס[8] קימאט אף אלע פינגער. ארופגעפירט אף דער אידיי, אז מע דארף האבן אן אייגענע הייזקע אפן „ביטש". האט זי אייגנטלעך א נעקסדאריקע, מיסים פלעקל, א געוועזענעם בוטשערס[9] א ווייב, וואס איר מאן איז איין נאכט געווארן אלרייט. ער האט זיך צוגערירט צו ריעלעסטייט[10] אקוראט אין דער רעכטער היץ פון ספעקוליאציע און גענומען וואקסן ווי אף הייוון, אזוי לאנג אזוי ברייט, ביז ער האט זיך אריבערגעטראגן פון פיטקין-עוועניו[11] גלייך אף ריווערסייד דרייוו[11], „געלאפן" פאר א פרעזידענט אין קאנגרעגעשאן, זיך באווארנט אף דער זייט מיט א „קעפסווייב", און זיין געזעצלעכע פרוי, מיסים פלעקל, ווייסט ניט, ווער ס'האט זי געשלייערט. זי ווייסט נאר, אז מע דארף זיך בארימען פאר באקאנטע און אומבאקאנטע. באריימט זי זיך, אז איר מאן איז א כאכעם און א מוצלעך: קויפט ער „פראספעריטי", הייבט זיך עס אויך באלד אפן

1 — פליאזש; 2 — פארוויילונג-פלאץ באם יאם, ניט ווייט פון ניו-יארק; 3 — א קליינ-הענדלער; 4 — קעלער; 5 — פילשטאקיק הויז; 6 — צווישן; 7 — קליידער; 8 — דימענטן; 9 — קאצעווס; 10 — האנדל מיט הייזער; 11 — גאסן.

צווייטן טאָג, גיט מען אים „טואַלעט-געלט" — דאָס מיינט זי אַפּטריט-געלט... נאָר מיט אונדזער „מיסטייק" גייט זיך עס ווינציק וואָס אָן. דעריבער קערן מיר זיך אום צוריק צו אונדזער מיסיס מאַקס.

אײַנגעפּיקסט[1] זיך איר בּאַנגאַלאָ אויפן ביטש, האָט זי קוים דערלעבט דעם „ספּרינג"[2] און האָט באַלד נאָך פּייסעך אַריבערגעמופט[3] אַהין מיטן גאַנצן סקאַרב — דער ייִנגערער ברודער טשאַרלז האָט דאָרט אויך אַ רום — און כאָטש ס'איז נאָך געווען קאַלט, דער יאַם האָט נאָך געבושעוועט און מע האָט געכאַפּט אַ רעכטן ציטער, דאָך האָט די מיסיס מאַקס געזאָגט, אַז ס'איז „באַטעפאָל"[4], זיך צוגעגרייט אַ „בעידינג סוט"[5] „אָף צו קאַבען" זיך, און האָט נאָר אַרויסגעקוקט אויף דער זון, וואָס האָט זיך דעם זומער פאַראַקשנט און ניט געוואָלט באַווײַזן זיך. דאָס הייסט באַוויזן האָט זי זיך, נאָר עפּעס ווי אַפּצולאָכעס זײַנען אָנגעקומען וואָלקנס, גאָט ווייסט פונוואַנען, און האָבן זי אײַנגעשלונגען, אויסגעשפּיגן און נאָכאַמאָל אײַנגעשלונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז בּאַ אַזעלכע וועטערן האָבן געסט קיין כּיישעק ניט אַוועקוואַרפן ניו-יאָרק און פאָרן זוכן פּלעזשור[6] ערגעץ אויפן ביטש. אייידער „קעטשען" דאָרטן אַ „קאָלד"[7], איז שוין גלײַכער בלײַבן אין שטאָט און שפּילן אין „פּינאַקל". זיצן און פּרירן אויפן ביטש, אויסהערן די מיסיס מאַקס, וואָס האָט אין זיך נײַן מאָס רייד, אין פאַרזוכן פון די „דזשעלעיס[8], וואָס זי מאַכט פון סטראָבעריס, פון רעזבעריס, בלעקבעריס און בעריס[9], — דאָס איז אַן אייסעק פאַר אַזאַ נעפעש, ווי אונדזער מיסטער פעלד, וואָס האָט ווי אַן עכטער דזשענטלמען אָנגענומען די אײַנלאַדונג צו קומען אַלע פאַרנאַכט אויף סאַפּער[10], און זונטיק אויף אַ גאַנצן טאָג. עס וואָלט געהייסן, פון אונדזער זײַט גערעדט, לאָשנהאָרע, ווען מיר זאָגן, לעמאָשל, אַז פאַר מיסטער פעלד איז געווען אַ קערן אַן אומזיסטיקער סאַפּער אָדער אַ גוטער דינער[11], וואָס קאָסט קיין געלט ניט. פאַר אַ מענטשן, וואָס לעבט מיט רעכענונג, גייט אַזאַ סאַפּער אָדער אַ דינער אויך ניט צופּוס. איך קען אַן אַלרײַטניק, וואָס לייענט נאָר יענע פּייפּערס, וואָס וואַלגערן זיך אין קאַר... און נאָך אַן אַלרײַטניק קען איך, וואָס אַז ער קומט צוגאַסט, לעשט ער אויס טאָמער ברענט אַן איבעריק לעמפּל. עלעקטרעציטעט קאָסט געלט. עס מעג זײַן יענעמס, איז אויך אַן אַווירע. הײַנט וויפל זײַנען פאַראַן אויף גאָטס וועלט אַלרײַטניקעס, וואָס גייען אויס, פּייגערן נאָך אַ פּאַפּיראָס, אַבי אַ פרעמדן?!.. כאַכאָמים ברעכן זיך די קעפּ, פונוואַנען נעמט זיך עס, וואָס דאָסראָוו נעגידים זײַנען, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, כאַזיירים? נאַווע מענטשן! — זיי ווייסן ניט פונעם סאָד, אַז ס'איז ניט מער ווי אַ רעגילעס, ס'איז שווער נאָר די ערשטע זיבן יאָר. אַ נאָגיד איז אָפּ זיבן יאָר אַ דאָווראַכער בלײַבט ער שוין דערנאָך אַ דאָווראַכער אויף אייביק!

וויאַזוי די מײַסע איז דאָרטן, אונדזער מיסטער פעלד איז געוואָרן אַ באַשטענדיקער גאַסט בּאַ דער מיסיס מאַקס, איינער פון די געסט, וואָס מע ווערט צו זיי צוגעוווינט, ווי צו אַ מאַלבעש, צו אַ פּאָר שיך, און היימיש, ווי מיט אַן אייגענעם. מיט אַזאַ גאַסט קאָן מען זיך שאַפן, דאָס הייסט בעטן, ער זאָל זיך מאַטריען זײַן פּיקסן דעם „סינק" אין קיטשען[1] אָדער אויפהענגען די „קוירטנס"[2], „דרײַוון אַ נעגל"[3], אוקעדוימע אַזעלכע זאַכן. און קומט זונטיק, באַגעגנט איר אים אָן אָנגעלאָדענעם מיט פּעקעדזשעס[4] פון קאָפּ ביז פיס — דאָס פירט ער דער מיסיס: בענענעס[5], אָרענדזשעס[6], פּינאַטס[7], ביטס[8], געזומענטעלס[9], קרעקערס[10], נאָלדס[11], בייקינגפּאַודער[12], וואַשינגפּאַודער[13] און טוטפּאַודער[14] אויך. אַ כּיעס צו האָבן אַזאַ גאַסט, ווי מיסטער פעלד. די מיסיס מאַקס זאָל האָבן קינדער, וואָלט מיסטער פעלד זיכער אַרומגעפירט דעם „בייבי-קערעדזש"[15], נאָר אַזוי ווי זי האָט נאָך דערווײַל קיין קינדער ניט (זי האָפט, אַז זי וועט נאָך האָבן), זיצט מען דעם גאַנצן טאָג זונטיק אויפן „פּאָרטש"[16], אָדער מע מאַכט אַ שפּאַציר איבערן „באָרדוואָק"[17] בּאַם ברעג יאַם און מע רעדט, און מע רעדט, און מע רעדט. דאָס הייסט, ריידן רעדט די מיסיס מאַקס, און מיסטער פעלד הערט זי אויס און דאַנקט און לויבט גאָט, וואָס זי איז מאַקס' ווײַב, ניט זײַנע. זי דערציילט אויס פאַר מיסטער פעלד איר אייגענע „ביאָגראַפיע", וויאַזוי זי האָט זיך באַקאַנט מיט איר מאַקסן, וויאַזוי זי איז „אויסגעגאַנגען" מיט אַן אַנדערן און געהייראַטעט האָט זי מיט מאַקסן, וואָרעם יענעם האָט זי ניט געגליכן אַפילע אָט אַזויפיל (ווײַזט אויפן מינדסטן פינגערל), און אין מאַקסן האָט זי זיך פאַרליבט מיטן ערשטן קוק, — און זי האָט קיין כאַראָטע ניט, וואָרעם אַזעלכע גאָלדענע מענטשן מיט אַזעלכע ברילייאַנטענע כאַראַקטערן, ווי די טשער בראָדערס, דאַרף מען זוכן אין דער גאַנצער וועלט! עס גיט זיך אויס אַמאָל אַ „פּאַמיליע", איז איינער בעסער פונעם אַנדערן. „אָט האָט איר אַ באַווײַז: זיי האָבן אַ שוועסטערל, אַן איין-און-איינציקע, ראָזע הייסט זי, — איז דאָס אַ מיידל אַן ענגעל, אַ מאַלעך פון גאָט! איך רייד שוין ניט פון איר שיינקײַט. ער[18] האָט דאָך געזען איר בילד אין אַלבאָם. אַ פּרינצעסן דאַרף

1 — אײַנגעפּונדעוועט; 2 — פרילינג; 3 — אַריבערגעצויגן זיך; 4 — שיין; 5 — באָד-קאָסטיום; 6 — פאַרגעניגן; 7 — כאַפּן אַ קאַטער; 8 — אײַנגעמאַכטס; 9 — פאַרשיידענע מינים יאַגדעס; 10 — אָוונטברויט; 11 — מיטיק.

1 — צורעכטמאַכן דעם האַנטפּאַס אין קיך; 2 — פאָרהאַנגען; 3 — אַרײַנקלאַפּן אַ טשוואָק; 4 — פּעקלעך; 5 — באַנאַנעס; 6 — מאַראַנצן; 7 — אַראַכיס; 8 — בורעקעס; 9 — גאַז-לאָמפּ; 10 — געבעקס; 11 — לאָקשן; 12 — געבעקס-פּודער; 13 — וואַש-פּודער; 14 — ציין-פּודער; 15 — קינדער-וועגעלע; 16 — גאַנעק; 17 — בריק; 18 — עס דאַרף זײַן מיסטאָמע „איר".

ניט זײַן שענער!.. איז קאַרג? דאַרף עס נאָך זײַן קלוג און געבילדעט מיט סאַקאָנעס-נעפּאָשעס! און נייען קאָן עס, און שטיקן קאָן עס, און קאָכן, און באַקן, און וואַשן, און פּרעסן — און וואָס ניט? הײַנט דאָס שטילקײַט! דאָס פּראָסטקײַט! און א גראָשן איז געלט!..”

מיסיס מאַקס ווייסט, מיט וואָס מע נעמט אַזאַ דזשענטלמען, ווי מיסטער פעלד, וואָס ציטערט באַסענע האָבן נאָך דערפאַר, וואָס טאָמער כאַלילע טרעפט ער אָן אַף א צאָרע, וואָס א דאָלער איז בא איר א מאַמזער און א קוואָדער[1] גאָרנישט. אַזאַ ווײַב פרעסט אויף איר מאַן אין איין יאָר מיט די ביינער. עס ווערט אים אַזש קאַלט פון אַזאַ געדאַנק! צוריק אָבער, אַז גאָט העלפט, מע טרעפט אָן אַף אַזעלכע, ווי די מיסיס מאַקס מאָלט אויס, איז מען דאָך טאַקע איינער א גליקלעכער! אַזאַ ווײַב, אויסער דעם, וואָס מע געפינט אין איר א כאַווער אויפן גאַנצן לעבן, פאַרשפּאָרט מען נאָך א סאַך און מע ברענגט אײַן אַזויפיל, אַז עס לוינט זיך...

דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט געהאַט אַמאָל צוגענומען א דינסט צו דער קיך, ס'זאָל זײַן פאַר דער אַלטער מאַמע א שטיקל הילף, האָט זי אים בעדיל-האַדאָל געשטעלט. אויסער דעם, וואָס מע האָט ניט געקאָנט נאַסטאַרטשען קיין צוקער, האָט זי גלאַט אַוועקגעגאַנוועט קימאַט א האַלב טוץ „הענקערטשיפס”[2] מיט צוויי „נעפּקענס”[3], וואָס ער ווייסט, הײַנט וויפל איז פאַרלוירן געגאַנגען זאַכן, וואָס ער ווייסט ניט?

די מיסיס מאַקס האָט אויסגענוצט די הענקערטשיפס מיט די נעפּקענס אויפן בעסטן אָרט, נאָר ניט דירעקט. דירעקט האָט זי מיט אים וועגן שידעך קיינמאָל ניט גערעדט, נאָר פאַרבײַגייענדיק, מין האַצאַד. אַשטייגער, אַז מיסטער פעלד האָט עפּעס געוואָלט קויפן זיך אין שטוב אַרײַן, האָט אים מיסיס מאַקס אָפּגערעדט: „צו וואָס? די דינסטן זאָלן האָבן, וואָס צו טראָגן?..” אָדער אַז מיסטער פעלד האָט געהאַלטן בא אַריבערמופן, האָט די מיסיס מאַקס אים אָפּגעהאַלטן: „וואַרט שוין צו א ביסל ביז אירט כאַסענע האָבן, וועט איר דינגען און אויספּאָרנוטשען רומס א גאַנצן פלעט![4] נאָר זעט, לעמאַנאַשעם, אַז ס'וועט קומען צום קויפן פאָרניטשור, זאָלט איר ניט פאַרגעסן רופן מיך — מיך וועט מען ניט אָפּנאַרן, וואָרעם פאַר א ליידי האָבן זיי דערעכערעץ”... עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז מע האָט שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן, ווו, אין וועלכער געגנט מע זאָל נעמען אַן אַפּאַרטאַמענט? וויפל רומס? — א דײַנינג רום[5], א פּאַרלאָר[6], א בעדרום[7], א קיטשען און דאַטס אָל[8]! „נו, און ווו וועט שלאָפן די בייבי?..” „וואָסער בייבי?”, האָט מיסטער פעלד א פרעג געגעבן און האָט זיך

1 — 25 סענט; 2 — נאָזטיכלעך; 3 — סאַלפעטקעס; 4 — אויסמעבלירן א גאַנצע דירע צימערן; 5 — עסצימער; 6 — גאַסטצימער; 7 — שלאָפצימער; 8 — דאָס אַלץ.

אָבער באַלד פאַרכאַפּט, רויט געוואָרן, ווי א צוויק, און ביידע האָבן זיי זיך צעלאַכט.

* * *

יענע נאַכט האָט מיסטער פעלד ניט געקאָנט אײַנשלאָפן ווערן. די „בייבי” האָט זיך אים געפּלאָנטערט פאַר די אויגן... מאָדנע געפילן האָבן אים מיטאַמאָל אַרומגענומען פון אַלע זײַטן. א געפיל פון מוירע פאַר א פרעמדער פּערזאָן, א געפיל פון טײַנעג, וואָס ער איז א באַלעבעסל, א געפיל פון ראַכמאָנעס צו א קליין באַשעפעניש, און א געפיל פון געטרײַשאַפט צום דאָזיקן באַשעפעניש, און א געפיל פון רעספּעקט צו דער מוטער פונעם באַשעפעניש, און א געפיל פון ליבשאַפט צו איר, צו אָט דער אומבאַקאַנטער שיינהײַט, וועמעס בילד עס שטייט אײַנגעפאַסט אין זילבער בא אים אויפן דעסק[1]. אָט דאָס בילד האָט אים געשענקט די מיסיס מאַקס און זי אַליין טאַקע האָט דאָס אים אײַנגעפאַסט אין א זילבערן ראַמל. ביים זי האָט אים דערלאַנגט דאָס בילד, האָט זי אים א זאָג געגעבן: „לאָז דאָס שטיין בא אײַך אויפן דעסק — ס'וועט אײַך ברענגען גליק...” וואָס האָט זי געמיינט דערמיט? ווייסט ער ניט. פרעגן זי — האָט אים ניט געפּאַסט. נאָר דאָס איז א פאַקט, אַז פון זינט ער האָט געבראַכט דאָזעם בילד צו זיך אַהיים און אַוועקגעשטעלט אויפן דעסק, איז געוואָרן אַן אַנדער ליכטיקײַט אין שטוב. געגאַנגען יעדן טאָג אַף דער אַרבעט, האָט ער געכאַפּט א קוק אויפן בילד און אין דער מאַכשאָווע בא זיך א זאָג געגעבן „גוד-בײַ”... און דערנאָך, גייענדיק אַהיים פון דער אַרבעט, האָט ער געפילט, ווי אין האַרצן ווערט צעגאָסן בא אים א מאָדנע וואַרעמקײַט: „אָט באַלד וועט ער עמעצן זען בא זיך אין שטוב”... און אַז ער איז אַרײַן צו זיך אין שטוב, האָט ער קוידעמקאָל געוואָרפן א קוק אַהין אויפן דעסק, און, לייגנדיק זיך שלאָפן, האָט ער געדאַנקט גאָט, וואָס ער איז שוין הײַנט מער ניט אַליין... אַן אַנדערער אַף זײַן אָרט, א העלד, מיט מער סאַנטימענטן, א מענטש מיט א פּען, לעמאָשל, וואָלט אויסגעגאָסן זײַן האַרץ פאַר א גוטנפרײַנט, אָדער פאַר זיך אַליין, אין פּערזן, סטאַנסן און סאָנעטן. די העל-בלאַסע אומשולדיקע קאַלטע לעוואָנע און די בריליאַנטן-בלישטשענדיקע און פינקלדיקע שטערן וואָלטן געווען זײַנע איידעס און זײַנע איינציקע מיטפילער. און אויב ער איז ניט קיין מענטש מיט א פּען, נאָר אַזוי א גוטערברודער, וואָלט ער זיכער צוגעטראָגן דאָס בילד צו די ברענענדיקע ליפּן, אָדער וואָלט בעסאָד-סוידעס, אַז קיינער זאָל ניט זען, געקניט פאַר דעם, ווי פאַר אַן אָפּגאָט, און וואָלט גערעדט נאַרישקײַטן, ווילדע זאַכן, געשאָסן מיט פראַזן אָדער ער וואָלט אַוועקגעלייגט דאָס בילד נעבן זיך, צוגעדריקט עס צום האַרץ שטאַרק-שטאַרק — וואָס א פאַרליבטן קאָן אײַנפאַלן!..

1 — שרײַבטיש.

— יאָ, ליידיס ענד דזשענטלמען! מיסטער פעלד האָט זיך פאַרליבט און[1] ראָזע טשערקאַסקי, פאַרליבט זיך הינטער די אויגן — פאַרפאַלן!

## IX
## דער „סורפּריַיז״[2]

מיסטער פּעלד איז געווען צו פּראַקטיש און צופיל ביזנעסמען, ער זאָל ניט פאַרשטיין, אַז מען איז פאַרטיק מיט איין צאַד, הייסט נאָך ניט פאַרטיק אינגאַנצן, און אַז מע דאַרף נאָך פרעגן דעם אַנדערן צאַד אויך. ס'איז מאַקע עמעס, אַז דאָס שוועסטערל פון זײַנע פּאַרטנערס, ראָזע טשערקאַסקי, איז אַ פֿײַן מיידל, אַ מיידל אַ פּאַרשוין, אַ גוטע, אַ שטילע און אַ בעריע ניפּלאַע, און אַ גראָשן איז געלט און אַזוי ווײַטער. ס'איז אויך עמעס, אַז ער גלײַבט אָט דאָס שיינע מיידל נאָך איידער ער האָט זי געזען און אַז ער ציילט שוין די וואָכן און די טעג, ווען זי דאַרף קומען צו פֿאָרן קיין ניו-יאָרק. ער האָט זיך שוין אַפילע באַוואָרנט בײַ אַ באַקאַנטן „דזשולער״[3] מיט אַ דיימאָנט-רינג פון ראָזעס וועגן אין גלײַכן געלט, וואָס יענער האָט אים צוגעזאָגט אונטערן קערן, ווײַל, ערשטנס, איז ער מיטן „דזשולער״ אַ ברודער פון „איין לאָדזש״[4] און, צווייטנס, האָט דעם דזשולערס מיסיס באַשטעלט בײַ מיסטער פּעלד אַ „סעט אָף פאָרס״[5] פון עכטע „סילסקין״[6] — אויך אונטערן קערן — און ביידע האָבן זיי געמאַכט גאַנץ גוטע ביזנעס, פּאַרדינט עטוואָס מער פון צען פּראָצענט... דאָס אַלצדינג וואָלט געווען זייער גוט און זייער ווויל, ווען ס'זאָל זיך ניט געווען פאַרקליבן צו מיסטער פּעלד אין דער נעשאָמע אַ וואָרעם, וואָס האָט אים געפּיקט און געטאָטשעט און געפרעגט אַ קאַשע: „זאָג נאָר, פײַנער באָבער, פּונוואַנען ווייסטו, אַז זי וועט דיך וועלן?.. טאָמער ניין?..״ ער האָט זיך אַפילע, ווי דער שטייגער איז, זיך אַליין פאַרענטפערט די קאַשע באַלד אָפן אָרט מיט אַ קאַשע צוריק: „פאַרוואָס ניין? פאַרוואָס נים יאָ? וואָס פאַר אַ כיסאָרן קאָן זי אין אים געפינען?״ עס האָט אָבער ניט געהאָלפן — דער וואָרעם האָט אים ניט געלאָזט שלאָפן באַנאַכט און פאַרגיפטעט דאָס לעבן באַטאָג. מיסטער פּעלד איז אָבער ניט אַזאַ מענטש, וואָס מע זאָל ארויסזען בײַ אים אָפן פּאָנעם, וואָס אין הארצן טוט זיך. די איינציקע, וואָס האָט דאָס יאָ ארויסגעזען, אי דאָס מער אָנגעשמעקט מיט דער נאָז, ווי ארויסגעזען מיט די אויגן, איז געווען די מיסיס מאַקס. פון איר איז אים שווער געווען צו פאַרבאָרגן דעם וואָרעם, וואָס האָט אים ניט געלאָזט צורו. פאַר איר האָט ער געמוזט אופדעקן זײַן האַרץ און אַנטפּלעקן אַלץ, וואָס ער האָט געטראָגן אינוויניק בײַ זיך אין דער נעשאָמע. און אַז ער האָט איר ארויסגעזאָגט אַלצדינג, וואָס אים קוועטשט, האָט זי אים רעכט מעכאַבעד געווען, אוועקגעגעבן אים אַ היפּשע פּאָרציע, ער זאָל וויסן דאָס אַנדערע מאָל ניט ארומטראָגן זיך מיט אַזעלכע פּעסימיסטישע מאַכשאָווּעס און גרדאַנקען! זי האָט אים צעשרויפט און צעגלידערט דעם גאַנצן איניען און באַוויזן, ווי צוויי מאָל צוויי, אַז איר מאַנס שוועסטערל באַדאַרף זײַן ערגער פון אַ גרינע כײַע, אַז זי זאָל זיך ניט שעצן גליקלעך מיט אַזאַ פּאַרטיע, ווי איר שטייט פּאַר... דערבײַ האָט זיך מיסיס מאַקס דערמאָנט אַ מײַסע פון זיך אַליין, וואָזוי זי האָט די ערשטע צײַט זיך געברעקלט, ביים מאַקס האָט זיך איר דערקלערט, אַז ער ליבט זי. (די מיסיס מאַקס האָט גאָר פאַרגעסן, אַז זי האָט אַמאָל געהאַט דערציילט טאַקע פאַר דעם זעלבן מיסטער פעלד, אַז זי האָט זיך פאַרליבט אין איר מאַקסן פונעם ערשטן קוק.) דער מענטש, וואָס וויל אַ בלאָף טאָן[1], באַדאַרף האַלטן קאָפּ!.. ווי די מײַסע איז — מיסטער פעלד איז אוועק פון איר אַ ביסל אַ באַרויקטער, נאָר עס זײַנען אָנגעקומען טעג אַזעלכע, וואָס צו אים האָבן זיך אומגעקערט צוריק זײַנע „פּעסימיסטישע מאַכשאָווּעס און באַבסקי גרדאַנקען״, און ער האָט באַקומען אַ מין פיבער, וואָס ניט איעדער ווייסט דעם טאַם פון דעם און ניט איעדער האָט דאָס גלײַך. נישטאָ קיין רעפּוע צו דער קרענק, וואָרעם ס'איז נאָך ניט געבוירן יענער דאָקטער, וואָס זאָל וויסן אַקוראַט, פּוגוואַנען עס קומט אָט דאָס כאַלאַס. די סימפּטאָמען פון דער שלאָפקײַט זײַנען פאַרשיידן. קוידעמקאָל פאַרלירט מען דעם אַפּעטיט צום עסן און מע הערט אויף צו שלאָפן. דערנאָך ווערט מען נערוועז און מע הייבט אָן צו ריידן נאַרישקײַטן און טאָן ווילדע זאַכן. פּרוּיענצימער טרעטן ניט אָפּ פון שפּיגל און מאַנספּערזאָנען קויפן האַלדזטיכלעך. ביידע געשלעכטער גיבן אויס מאַסן געלט אָף פּאַרפומעריע און גיסן אָדעקאָלאָן אַזוי ווי וואַסער. איר קאָנט פאַרשטיין, אַז אַפילע אַזאַ כאָלידער פאַרשוין, ווי אונדזער העלד, וואָס אַ דאָלער, אַז ער כאַפּט זיך אַרײַן צו אים, איז ער שוין אַ באַגראָבענער קאַנדידאַט אָף אַ באַנק-דעפּאָזיט, איז זיך מעיאַשעוו איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג און ברענגט צו טראָגן אַהיים אַ „באַרגיין״[2] פון אַ „סייל״[3], אַ האַלב טוץ שניפּסן פון אַלערליי פאַרבן: רויט, און גרין, און בלוי, און געל, און שוואַרץ, און ווײַס. די מוטער זײַנע, די אַלטע מיסיס פעלד, האָט אַזש אַ הוסט געגעבן אין האַנט אַרײַן, אַז זי האָט דאָס דערזען, און האָט אַ קוק געגעבן דעם זון אין די אויגן אַרײַן, ווי איינער רעדט: „וואָס טוט זיך עס מיט אים?..״ דער זון האָט אונטערגעכאַפּט דעם קוק מיט זײַנע בליצנדיקע, קורצזיכטיקע אויגן און אַ זאָג געגעבן צו דער מוטער: „באַצאָלט אַ דאָלער״. „אַ גאַנצן דאָלער?״ — האָט די אַלטיטשקע אַ פרעג געגעבן ווידעראַמאָל מיט אַ הוסטל אין האַנט אַרײַן. דער זון האָט אָפּאָנעם געמיינט,

1 — דאַרף זײַן מיסטאָמע „אין״; 2 — סורפּריַיז; 3 — יוּווּעליר; 4 — לאַנדסמאַנשאַפט; 5 — אַ קאָמפּלעקט פוטער; 6 — קאָטיק.

1 — אָפּנאַרן; 2 — אַ מעציע; 3 — אויספאַרקויף.

אז די אלטע פארשטייט נים, האָט ער געפונען פאר נייטיק צו באמערקן: „פאר אלע זעקס א דאָלער!..“

לאָזט זיך אויס, אז די אלטע האָט אים זייער גוט פארשטאנען און זי האָט אים דערויף באמערקט: „אָבער א דאָלער!..“ דאָס האָט באדארפט הייסן, אז דאָס מעג זײַן דרײַ טוץ געפארבטע שמאטעס, איז א דאָלער אלץ א דאָלער!.. פונוואנען נעמען זיך אזעלכע קארגע מענטשן? — טראכט זיך מיסטער פעלד וועגן זײַן מוטער, און עס פליט אים דורך א מאכשאָווע אין קאָפּ, טאָמער איז ער טאקע אן אויסברענגער? צו וואָס באדארף עס א מענטש א האלב טוץ שניפּסן? איין שניפּס איז דען ניט גענוג? שולדיק איז אין דעם אמעריקע, א לאנד פון בלאָף. מאנופעקטשורען[1] פרוּער אָן טויזנטער טוץ שניפּסלעך, מאכן דערנאָך א סייל, שטעלן אוועק די ביליקסטע פּרײַז און נארן אויס באם ארבעטער, ווּ ער האָט ערגעץ א פּעני!..

איז שוין גאָר אמעריקע שולדיק אין דעם, וואָס מיסטער פעלד איז געוואָרן אן אויסברענגער. (אָט דעריבער איז דער קארגער קארג, וואָס ער האלט זיך פאר אן אויסברענגער.) ניין, ניט אמעריקע איז שולדיק. שולדיק איז דאָס, וואָס ראָזע פאָרט, ראָזע דארף קומען, און מיסטער פעלד איז קראנק אף דעם מין פיבער, וואָס מיר האָבן זײַנע סימפּטאָמען אויסגערעכנט אויבן... דאָס איז געווען אין יענער צײַט, וואָס דער עלטערער פון די טשער בראָדערס האָט, ווי דער לעזער געדענקט מיסטאמע, דערלאנגט דעם מיסטער פעלד א בריוול. מיסטער פעלד האָט דאָס בריוול דורכגעקוקט מיט זײַנע שארפע אויגנגלעזער און א זאָג געגעבן „וועל“. אין יענעם בריוול איז געשטאנען, אז ראָזע פאָרט ארויס קיין אמעריקע און נים שפּעטער, ווי אין צוויי וואָכן ארום, וועט זי זײַן אין ניו-יאָרק.

אך, וואָס פאר א צוויי וואָכן זײַנען דאָס געווען פארן מיסטער פעלד! — צוויי יאָר. ניין, וואָס זאָג איך? צוואנציק יאָר! וויפל ער האָט זיך נים געשמארקט, וויפל ער האָט זיך ניט אײַנגעהאלטן, געשטיקט אין זיך יעדן געפיל, יעדע באוועגונג, וואָס האָט זיך געריסן אף ארויס; וויפל ער האָט זיך ניט פארטיפט אין דער ארבעט, געשטאנען מיט דער שער לענגער ווי אלעמאָל — ער האָט נישט געקאָנט בײַשטיין קעגן פיבער, פארלעשן דאָס פײַער, וואָס האָט זיך אָנגענומען יעדן טאָג שטארקער און שטארקער און ארומגעכאפּט אים ארום און ארום, ווי א שטיבל פון ברעטלעך, געדעקט מיט שטרוי און מיט פּעטראָלעום באנעצט. יעס, לײדיס ענד דזשענטלמען, מיסטער פעלד איז קראנק. מיסטער פעלד ברענט; מיסטער פעלד דארף האָבן הילף — און קיין הילף איז ניטאָ, ניטאָ קיין רעפוּע צו דער קרענק, וואָרעם ס'איז נים געבוירן יענער דאָקטער, וואָס זאָל וויסן אקוראט, פונוואנען עס קומט אָט דאָס כאָלאס. א ראכמאָנעס, ער איז אראָפּ פונעם פּאָנעם! די לעצטע טעג האָט ער לאכלוטן נישט צוגערירט זיך צום עסן. די אלטע מאמע האָט, הוסטנדיק אין דער האנט ארײַן, אים א זאָג געגעבן, פארוואָס זאָל ער ניט ארײַנגיין צו א דאָקטער? „וואָס וועל איך טאָן באם דאָקטער“? „איך ווייס? טאָמער וועט ער דיר הייסן טרינקען מילך?“ „טרינק איך דאָך יעדן טאָג“. „וואָס טרינקסטו! א באָטעל אף צוויי טעג...“ „וואָס דען האָסטו געוואָלט? צוויי באָטעלן אין איין טאָג? איך בין דאָך נים ראָקפעלער!..“

דערמיט האָט זיך דער שמועס געשלאָסן. דאָס איז געווען דער לעצטער טאָג. אף מאָרגן באדארף שוין קומען ראָזע. אזוי האָט אים געזאָגט די מיסיס מאקס און האָט אים איבערגעגעבן, אז אין דער היים איז בא זיי געווען א דיסקוסיע, ווער זאָל פאָרן ארויס אקעגן? פרוּער איז געהאט געווען א כוואָרע, אז פאָרן זאָלן אלע פיר, דאָס הייסט: ביידע ברידער און זי, מיסיס מאקס, און מיסטער פעלד אויך מיט זיי. דערנאָך איז געבליבן, אז פאָרן זאָלן נאָר דרײַ, דאָס הייסט: ביידע ברידער און מיסטער פעלד מיט זיי, מאכמעס זי, די מיסיס מאקס, באדארף בלײַבן אין דער היים צוגרייטן א דינער, ווי עס געהער צו זײַן. מיסטער פעלד האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דערפון. עס האָט אים געשײַנט, אז עס פּאסט נים, ער זאָל מיטפאָרן, און ער האָט אופגעגעבן זײַנע מאָטיוון, מיט וועלכע די מיסיס מאקס איז געווען אײַנפארשטאנען פולשטענדיק, און זיי האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט, אז ער, מיסטער פעלד, באדארף קומען צו זיי מאָרגן אינדערפרי, זונטיק איז דאָס אויסגעקומען — א פרײַער טאָג און א גוטער סימען... מיסטער פעלד האָט אָבער דאָ אויך אופגעגעבן מאָטיוון, אז עס פּאסט נים, ער זאָל קומען צו פליִען אזוי פרי. מע דארף נים ארויסווײַזן פאר דעם דערווארטעטן מיידל דעם מינדסטן פארדאכט, אום וואָס דאָ האנדלט זיך, עס באדארף אלצדינג גיין מיט זײַן נאטירלעכן וועג. זי וועט קומען צופאָרן אינדערפרי, ביז זי וועט זיך איבערטאָן, ביז וואָס, וועט דערווײַל ווערן א האלבער טאָג, און ארום איינס אזייגער, אקוראט צום דינער, וועט קומען מיסטער פעלד, וועט מען אים פאָרשטעלן, וועלן זיי זיך באקאָנען — און דאָס איבעריקע וועט שוין טאָן די צײַט אליין...

און אזוי איז דאָס טאקע געווען. ארום האלבן טאָג איז שוין אונדזער מיסטער פעלד געווען פארטיק, מיטן בעסטן סטײַל[1] בלויען „סוירדזש סוט“[2], שיינע „פּעטענט לעדער“-שיך[3], א העמד א „געסטרייפּטע“[4], און פון די שניפּסן האָט ער נאָך א לאנגן יִישעוו אויסגעקליבן דעם געלן „טאַי“[5], ארײַנגעשטעקט א „סקארף-פּין“[6], א וואָלוועלע, פון נײַגאָלד, מיט א קעפּל פון א כאזערל מיט א קליין פארויסן מאָרדעלע, וואָס איז

---

1 — פּראָדוצירן.

---

1 — מאָדע; 2 — א בלויער אָנצוג; 3 — לאקירטע שיך; 4 — א געשטרייפט העמד; 5 — א שניפּס; 6 — א שפּילקע.

אים עפּעס אויסגעקומען צו קויפן אזא מין „פּין" מיט א כאזערל, ניט מיט קיין אנדער כּנױע? — ווײַל עס האָט מער אויסגעזען פון עכט גאָלד צו זײַן, ווי אלע אנדערע. א „הענקערטשיף"1 האָט ער ארײַנגעשטעקט אין לינקן פּאקעט2, און עכטן א זײַדענעם מיט א רויטן באָרדער3, אז די אלטע זאָל ניט זען, און האָט עס פריִער גוט באשפּריצט מיט פּארפום, און זיך אליין האָט ער באשפּריצט מיט פּארפום פון קאָפּ ביז די פיס, אזוי אז די אלטע איז ארײַנגעקומען, האָט זי זיך אזש פאר-קרימט און האָט אָנגעהויבן צו ניסן. אפּנים, אז דער פּארפום, וואָס ער האָט אײַנגעהאנדלט אין א „טען-סענט-סטאָר"4, איז געווען ניט פונעם בעסטן סאָרט. א סימען האָבן מיר, אז אין סאָב-ווײ-קאַר5, ווו ער האָט זיך באזעצט פארן אהין, ווו דער מאַלער „אמור"6 האָט אים געטראָגן, האָבן די פּאסאזשירן, וואָס זײַנען געזעסן מיט אים פון ביידע זײַטן, זיך אָפּגעכאַפּט, מיט איין האנט געהאלטן זיך בײַ דער נאָז און מיט דער אנדערער זיך אָנגעכאַפּט באַם „סטראַפּ"7. עס מאכט זיך אמאָל, אז פּארפומען זאָלן אײַך אזוי פארהאקן דעם קאָפּ, אז אירט בעסער הענגען אָפּן סטראַפּ, איידער שמעקן אזעלכע ריחות, וואָס מע קאָן פריטשמעליעט ווערן...

אנגעקלונגען בײַ די טשער בראָדערס, האָט ער געכאַפּט א קוק אָפן זייגער — עס איז געווען פּונקט איינס אזייגער — און ער האָט זיך פאר-געשטעלט דאָס גאנצע בילד, וויאזוי ער וועט ארײַנקומען, וויאזוי די מיסיס מאקס וועט אים פארשטעלן פארן אָנגעקומענעם גאסט, וואָס ער וועט זאָגן, און וויאזוי ער וועט דאָס זאָגן. ער זאָל כאָטש ניט ווערן אזוי שטארק רויט! אזא טעווע איז בײַ אים: באלד טוט אים א זעץ דאָס בלוט אין פּאָנעם און ער ווערט רויט, גלאנצנ-דיק רויט — און ער ווייסט עס, ער פילט דאָס. און ווײַל ער פילט דאָס, ווערט ער נאָך רויטער... אָבער „דהי דעוול נאָוז!"8 וואָס ציט זיך עס אזוי לאנג? פארוואָס עפנט מען אים ניט די טיר? און פארוואָס איז דאָרטן אזוי שטיל? קוים-קוים דער-ווארט זיך, מע האָט אים געעפנט די טיר. ער פילט ניט, אז דאָ זאָל זײַן א גאסט. אז עס קומט צו פארן א גאסט פון אזוי ווײַט, באדארף מען פילן, ווי נאָר מע עפנט אוף די טיר. עס דארף שמעקן מיט גאסט... די מיסיס מאקס איז עפּעס ווי אופגערעגט, די אויגן זײַנען איר רויטלעך. ער וואָלט געמעגט שווערן, אז זי האָט געוויינט...

„שמעלט אײַך פאָר, זי איז דאָך ניט געקו-מען!.."

ניט ער האָט זי געפרעגט ווער, ניט זי האָט אים געזאָגט ווער, נאָר געשפּריצט מיט ווערטער, ווי א פאָנטאַן. עס האָבן זיך באוויזן ביידע ברי-דער, ביידע אופגערעגטע און ביידע האָבן גענו-

1 — א נאָזטיכל; 2 — קעשענע; 3 — א פּאס; 4 — א קראָם פון סטאנדארט-פּרײַזן; 5 — מע-טראָ; 6 — מאַלער פון ליבע; 7 — א לעדערן פּאסיקל; 8 — דער טײַוול די נאָז.



פאָטאָקאָפּיע פון שאָלעם-אליינכעמס מאנוסקריפּט

מען דערציילן, וואָס פאר א „סורפּרייז" זייער שוועסטערל האָט זיי אונטערגעטראָגן: „ארויס-געפאָרן, געפאָרן און געקומען צו פארן און נימאָ זי — טערריבעל!1 טערריבעל!" מיסטער פעלד האָט אלעמען אויסגעהערט, געפילט, ווי ער ווערט רויט און די שפּיץ נאָז ווײַס, טויט, די אויגן צעשפּרייטן זיך, ווילן ארויסשפּרינגען. און די ערד אונטער אים שפּאלט זיך, די סטעליע בייגט זיך אָפּ א זײַט, די ווענט וויגן זיך: שווארצע, געלע, גרינע רעדלעך שוועבן אים פאר די אויגן און דאָס הארץ ווערט אים פּוסט. און אומעט לאָזט זיך אראָפּ אף זײַן נעשאָמע, עס גלוסט זיך אים אוועקגיין פונדאנען, אנטלויפן, לויפן אין דער וועלט ארײַן און שרײַען הויך אף א קאָל: „ניטאָ זי! ניטאָ זי!.." נאָר ער האלט זיך אײַן און האָט ניט וואָס צו זאָגן, אויסער דאָס איין-און-איינצי-קע וואָרט: „וועל"...

X

## א באגעגעניש

די ערשטע נאכט, וואָס ראָזע האָט פארבראכט אין ניו-יאָרק, איז געווען א נאכט אָן שלאָף. א שווערע, אומענדלעכע נאכט. אָן שלאָף. פרײַ-הײַט איז א גוטע זאך און א זיסער פארמעגן, א גענוס. נאָר ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן?

1 — שרעקלעך.

אז מע שטרעבט צו איר, מע שלאָגט זיך דורך, מע האלט מילכאָמע און מע געווינט. אָבער אז די פריוואַטע קומט דורך א צופאל און דער מענטש בלײַבט צופעליק מיט זיך אליין, פילט ער זיך עלנט, און א פוסטקײַט פילט אָן זײַן האַרץ און ער הייבט אָן צו בענקען. נאָך וועמען? ראָזע האָט אליין ניט געוווּסט נאָך וועמען, נאָר געפילט האָט זי, אז עס בענקט זיך איר. און באזונדערס נאָך דער מאַמען. סטײַטש, די מאַמע! די מאַמע זאָל וויסן, אז זי איז דאָ איינע אליין, וואָלט זי גרייט געווען צופוס דעם יאם אריבערצושווימען: „טאָכטער! קינד מײַנס! וואָס טוסטו? וואָס דענקסטו צו טאָן ווײַטער?..” אָ, ראָזע ווייסט, אז זי האָט אָפּגעטאָן א זאך קעגן איר מוטער, וואָס נעמט אָן א פּאכעד, אַן איימע, נאָר ס'איז פארפאלן. עס האָט זיך אזוי געמאכט — א באַשערטע זאך. ווײַטער וועט זי זיך שוין אנדערש אופירן. לאָז נאָר ווערן טאָג, אזוי שטייט זי אוף און גייט זיך מעלדן צו אירע ברידער. זי וועט זיי נאַטירלעך ניט דערציילן, אז זי האָט זיך געפונען אף זיי באליידיקט, דערפאר האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אין א האָטעל. זי וועט געפינען אַן אנדער טערעץ: אז זי האָט לאַנג געזוכט זייער אדרעס און נישט געקאָנט געפינען, איז געוואָרן נאכט, האָט זי דעריבער גענומען א האָטעל...

די נאכט איז איבערגעלאָפן און עס האָט זיך פארנומען אף טאָג. דורך די ווײַסע פאָרהענגלעך האָט ארײַנגעקוקט דער פרימאָרגן, און דער ראַש מיטן טומל פון דער שטאָט האָט זיך ארײַנגעריסן מיט אימפּעט דורך דעם האלב-אָפענעם פענצטערל. ראָזע האָט זיך נאָך קיינמאָל בא זיך אין דער היים אזוי גיך ניט אָנגעטאָן, ווי אין דעם פרימאָרגן, אָט דאָ, אין דער טומלדיקער וועלטשטאָט. עס האָט זי געטריבן אינדרויסן ארויס, געצויגן צו מענטשן, צו מענטשן, צו מענטשן. דער ערשטער מענטש, וואָס איז איר אנטקעגנגעקומען, איז [א] שווארצע נעקייווע, א פארזעעניש מיט גראָבע ליפּן און שטארק געגרײַזלטע הערעלעך. דאָס באַשעפעניש איז געלעגן אף דער ערד און געוואַשן די טרעפּ. אף א ווײַלע האָט זי אָפּגעשטעלט איר ארבעט, געגעבן א גלאַנץ אף ראָזען מיט די מוירעדיקע ווײַסלעך פון אירע אויגן און האָט ארויסגעכאָרכלט פון האלדז א הייזעריקן קוויטש, וואָס האָט באַדארפט הייסן: „גוד מאָנינג”[1], נאָר מיט אזא ווילדער אינטאָנאַציע, אז ראָזע האָט זיך געגעבן א וואָרף צוריק אין איר צימער ארײַן און האָט אָפּגעוואַרט א היפּשע צײַט, ביז עס האָט זיך באַוויזן דער נעכטיקער בעוורעמאַן מיט די שמייכלדיקע אויגן און מיט די שיטערע ציין, געפרעגט זי וועגן ברעקפעסט. פון אים ווערט זי געוווירע, אז דאָס שווארצע באַשעפעניש איז „סקראָב-וווּמען”[2], א נעגערטע, וואָס מע דינגט זי אפן טאָג, זי זאָל רייניקן די קאַרפּעטס[3]. „וואָס איז דען?” „גאָרנישט, זי

1 — א גוטמאָרגן; 2 — אופראַמערן; 3 — טעפּעכער.

פרעגט גלאַט אזוי”. די ליידי האָט דאָ עמעצן אין ניו-יאָרק? טוט ביזנעס? אָדער זוכט א „דזשאָב”?[1] ראָזע פארשטייט ניט אַקוראַט, וואָס ער וויל, נאָר זי שטויסט זיך, אז דער בעוורעמאַן נעמט זי אפּן פארהער, דרייט זי זיך אויס פון אים מיט א שמייכל, ענטפערט **ניט אף זײַנע** פראַגן, ווערט פארטיק מיט איר ברעקפעסט און לאָזט זיך גיין איבער ניו-יאָרק.

קנוט האַמסון, דער בארימטער נאָרוועגישער דיכטער, ריידנדיק איבער אמעריקע, דריקט זיך אויס וועגן דער שטאָט ניו-יאָרק, אז זי זעט אויס אין זײַנע אויגן, ווי א שטאָט, וואָס די מענטשן אירע האלטן אין אריבערמויפן[2] פון איין דירע אין דער אנדערער. די ניו-יאָרקער אײַנוווינער מויפן קעסיידער. ניו-יאָרק האלט אין איין מויפן. דערפאר איז אזא אײַלעניש אף זיי, אזא געלויף, מיט אזא אימפּעט און מיט אזא געפילדער — מע מויפט! וואָס איז דער וווּנדער, וואָס ראָזע האָט זיך געפילט, שפּאצירנדיק פון איין סטריט[3] אין דער אנדערער, פון איין עוועניו[4] אין דער צווייטער, פונקט אזוי, ווי עס דאַרף זיך פילן א פריבלודנע הינטל אין א פרעמדער שטאָט אף א יאַריד נאָך דעם, ווי עס האָט פארלאָרן דעם באַלעבאָס... א שאָד, וואָס ס'איז א שטומע צונג און קאָן ניט ריידן, אניט וואָלט מען געקאָנט אויסהערן פון דעם א סאך אינטערעסאַנטע זאכן און מאכן דערפון א גאַנצע טראַגעדיע. עס דאַכט מיר אויס, אז עס קאָן ניט זײַן מער טראַגיש פון דעם, ווי אז מע געפינט זיך צווישן מיליאָנען מענטשן און מע קאָן ניט צו איינעם פון זיי צוגיין און פארייכערן א פּאַפּיראָס, זאָגן א גוט-מאָרגן, הערן א וואָרט, אָדער כאָטש אָפּשטעלן זיך אף א ווײַלע מיט א קוק, דערזען א קענטלעך פּאָנעם, א באַקאַנטע נאָז; אזעלכע אומבאַקאַנטע מענטשן זײַנען ביימער, אזא גרויסע, נאָר פרעמדע שטאָט איז א וואלד, א געדיכטער וואלד. און א וואלד איז גוט פאר כײַעס, ניט פאר מענטשן. אין א וואלד, ווי געדיכט און שיין ער זאָל ניט זײַן, פילט זיך א מענטש עלנט. א גרויסער אומעט, א מוירעדיקע סומנעקײַט נעמט אים ארום פון אלע זײַטן, און ער טראַכט וועגן ארויסרײַסן זיך פונעם דאָזיקן וואלד אף גאָטס וועלט, צווישן מענטשן, צווישן מענטשן.

ראָזעס גיין איז געווען אָן א ציל, אירע געדאַנקען — אָן א סיידער, אָן אַן אָרדענונג; דאָס ווערט אָנגערופן געגאַנגען אין דער וועלט ארײַן. און פּלוצעם דערזעט זי פאר זיך א באַקאַנט פּאָנעם פון א באַקאַנטער פרוי און עס דערהערט זיך א באַקאַנטע שטימע:

„העללאָ! האַו דו יו דו?”[5] און איידער זי קאָן זיך באַדענקען, ווער דאָס איז, איז יענע שוין ארופגעפאלן אף איר און גענומען זי קושן און

1 — ארבעט; 2 — אריבערקלײַבן זיך; 3 — גאַס; 4 — פּראָספּעקט; 5 — וואָס מאַכסטו?

אויסגערופן: „אך, מאָרים! ער וועט דאָס זײַן איבעראַשט!..“ ערשט דאָ דערמאָנט זיך ראָזע אָן דעם קליין ווײַבעלע, וואָס האָט זיך מיט איר אַזוי באַפרײַנדעט אין וועג צווישן די מומעס אויפן שיף, — און ראָזע האָט זיך אַזוי דערפרייט מיט דער אומגעריכטער באַגעגעניש, אַז איצט איז זי שוין אַרופגעפאַלן אויף דער מיסיס מאָרים און זיך גענומען קושן מיט איר גאָר איבעראַנײַס.

אַז איר זאָלט זײַן מיט אַכצן קעפּ, וועט איר ניט צוטראַכטן, וואָס פאַר אַ רייד האָבן זיך געקאָנט געפינען בײַ אָט אַזעלכע צוויי פרויען, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס באַקענט און באַפרײַנדעט, זיך צעשיידט און צוריק געטראָפן זיך? קוידעמקאָל האָט די מיסיס מאָרים גענומען בײַ ראָזען איר ערנוואָרט, אַז זי גייט מיט איר, מיט דער מיסיס מאָרים, אַהיים און דאָרט וועט זי שוין בלײַבן אויף דינער, און ערשט שפּעטער, נאָך דינער, וועט זי מיט איר אָפּריידן, וואָס ס'זאָל זײַן ווײַטער. לאַנג בעטן זיך האָט זי נישט באַדאַרפט. ראָזע האָט איר צוגעזאָגט, אַז זי וועט מיט איר גיין, וווּהין זי וויל און וווּהין זי וועט זי פירן. דאָס איז דער מיסיס מאָרים אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז זי האָט זי נאָכאַמאָל אַרומגעכאַפּט קושן (דאָס איז שוין געווען דאָס דריטע מאָל, וואָס זיי קושן זיך). דערנאָך האָט זי אַ פרעג געגעבן בײַ ראָזען, וויאַזוי מע רופט זי, און אויב זי האָט ניט דאַגעגן, מע זאָל זי רופן בײַם נאָמען „מיס ראָוז?“ פאַרשטייט זיך, אַז ראָזע האָט איר געענטפערט, אַז זי האָט גאָרניט דאַגעגן. אַדרעראַבע, ס'איז איר נאָך מער אָנגענעמען, אַז מע וועט זי רופן פּראָסט „ראָזע“. דאָס האָט אויך געבראַכט די מיסיס מאָרים אין אַזאַ היספּעלעס, אַז ווען זי זאָל זיך ניט שעמען, וואָלט זי נאָכאַמאָל אַרומגעכאַפּט זי קושן (דאָס וואָלט שוין געווען צום פערטן מאָל). דערנאָך איז געווען אַ פראַגע, וויאַזוי מע קומט אַהיים? פאַראַן דרײַ וועגן, האָט מיסיס מאָרים פאָרגעלייגט: 1) מע קאָן נעמען דעם „סאָב“[1], 2) דעם „על“[2], אָדער 3) אַ „סטריט-קאַר“[3]. און ס'איז פאַראַן נאָך אַ פערטער וועג — מע קאָן „וואָקען“[4]... לאָז די מיס ראָוז אויסקלײַבן איינעם פון די פיר. קוקט אויף איר ראָזע: אַזויפיל וועגן, און זי הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס הייסט דאָס „סאָב“? וואָס איז דאָס פאַר אַ מין „על“? וואָס איז די טײַטש „סטריט-קאַר“? און וואָס מיינט זי מיטן וואָרט „וואָקען“? זי איז זיך מוידע, אַז פאַר איר זעט דאָס [אויס] טערקיש... פאַלט אָן אויף דער קליינטשינקער מיסיס מאָרים אַ געלעכטער, און אויף איר קוקנדיק לאַכט ראָזע אויך — לאַכן זיי ביידע. און פרויען, אַז זיי צעלאַכן זיך, ברענגט שוין איין געלעכטער דעם אַנדערן און עס ציט זיך אָן אָן עק, אָן אַ סאָף. וואָס איז צווישן זיי פאָרגעקומען אַזעלכעס, וועלכעס האָט זיי געמאַכט לאַכנדיק, איז שווער צו וויסן. אַז איר דערזעט פרויען

1 — פאָרן אין מעטראָ; 2 — אויבן-באַן; 3 — טראַמוויי; 4 — גיין צופוס.

לאַכן, זאָלט איר ניט זײַן צופיל נײַגעריק, ניט ווען אָפּשטעלן זיי און אָנפרעגן, וואָס איז דאָס געלעכטער. אײַער אַרײַנמישן זיך וועט אַרויסרופן נאָך אַ גרעסער געלעכטער און מער גאָרניט... וויפל צײַט זייער וואָקען האָט גענומען, איז אויך שווער צו זאָגן. מיר קאָנען נאָר אונטערשטרײַכן, אַז עס האָט גענומען גראָד אַזויפיל צײַט, וויפל עס האָט געדאַרפט געדויערן, ביז די קלייניקנע מיסיס מאָרים זאָל אויסדערציילן פאַר איר פרײַנדן ראָזע אינגאַנצן די געשיכטע פון איר אינטערעסאַנטן ראָמאַן מיט איר מאָריסן, און ווו און וויאַזוי זי האָט זיך מיט אים באַקאַנט, וויאַזוי זיי זײַנען „אויסגעגאַנגען“, וואָס פאַר אַ שטערונגען זיי האָבן געהאַט, וואָס פאַר אַ קאַמף זיי האָבן געפירט און, ענדלעך, וויאַזוי זיי האָבן „געזיגט“. דאָס אַלעס וועט אין אַ קורצן אויסצוג אין זײַנערצײַט איבערגעגעבן ווערן, דערווײַל פאַרבעטן מיר דעם לעזער, ער זאָל גיין מיט אונדז גלײַך ביז צו דער מיסיס מאָרים אַהיים, און דאָרט הייבן מיר זיך אויף מיטן עלעוואַטאָר[1] אויפן זעקסטן פלאָר[2]. מיסיס מאָרים האָט אָנגעקלונגען, די טיר האָט זיך געעפנט און... ראָזע איז אָפּגעשפּרונגען, געווען דערשטוינט! עס האָט זיך אויפן קלונג באַוויזן ניט מיסטער מאָרים, ווי די מיסיס מאָרים האָט דערוואַרט, נאָר... לייענט ווײַטער.

XI

## נאָך אַ באַגעגעניש

ווער איז געווען יענער, וואָס האָט געעפנט די טיר אויפן קלונג פון דער מיסיס מאָרים און וואָס ראָזע איז אַזוי איבעראַשט געוואָרן? — דאָס איז געווען דער איינציקער דזשענטלמען, וואָס האָט זיך, ווי דער לעזער געדענקט, מויסער נעפעש געווען און האָט געהאָלפן ראָזען אַראָפּ פונעם שיף בײַ איר אָנקומען קיין ניו-יאָרק, און איבעראַשט איז זי געווען, וואָס אין דער גאַנצער צײַט, פון זינט זי האָט אים געזען דאָס לעצטע מאָל אויפן דעק פונעם שיף, האָט זי אַפילע איין מינוט ניט געדענקט וועגן אים. זי איז אַפילע ניט געווען נײַגיציק אַ קוק צו טאָן צו זיך אין רידיקול, וווּ ס'איז געלעגן ערגעץ פאַרשטעקט דאָס וויזיט-קאַרטל, וואָס ער האָט איר דערלאַנגט שוין נאָכן געזעגענען זיך, און זי האָט דעריבער נישט געוווּסט אַפילע דעם נאָמען זײַנעם. ערשט דאָ איז זי געוווירע געוואָרן פון דער מיסיס מאָרים, אַז זײַן נאָמען איז פּיק, מיסטער הערי פּיק, און אַז ער איז איר מאַנס אַ כאַווער, און אַז זיי ביידע, מיסטער פּיק און מיסטער מאָרים, אַרבעטן אין איין אָפיס, זיי זײַנען אַסיסטענטן פון אַ באַרימטן לאָיער.

קיינער איז ניט אַזאַ מיווין אויף אָפּצושאַצן

1 — ליפט; 2 — שטאָק.

דעם מאָמענט, ווען עס הייבט זיך אָן א ראָמאַן באַ א פרוי, ווי די אנדערע פרוי. נאָך שטייענדיק אַף דער שוועל און נישט אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס היטעלע, מיטן זאָנטיקל, מיט די הענטשקעלעך, האָט דאָס קליינע ווײַבעלע (די מיסיס מאָריס) שוין אָנגעמערקט, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט און אז דאָס יונגע פּאָר זײַנען אומבאַקאַנט באַקאַנט צווישן זיך... דאָס האָט זי ארויסגעזען נאָך ראָזעס אויגן, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן, כאָטש אָנגעצונדן האָבן זיי זיך נאָר פון קאַס: עס האָט איר פאַרדראָסן, וואָס ער פּלאָנטערט זיך איר פאַר די אויגן... דערנאָך האָט די מיסיס מאָריס אויפגעהויבן די אויגן אַף אים, ווי איינער רעדט: „שיינער באָכער! ווען האָסטו זיך באַקאַנט מיטן דאָזיקן מיידל?" מיסטער פּיק האָט פאַרשטאַנען איר קוק און האָט גענומען ווי פאַרענטפערן זיך: — „אַפן שיף האָבן מיר זיך באַקאַנט... באַגעגנט באַם אראָפּגיין... מע האָט זי ניט געוואָלט אראָפּלאָזן... האָב איך געזאָגט פאַר איר א גוט וואָרט... איך האָב גאַראַנטירט, אז..."

— „ווו זשע בין איך געווען דעמלט?" — פרעגט אים דאָס קליינע ווײַבעלע און קוקט זיי ביידן אין די אויגן ארײַן, גלײַך ווי זי וואָלט זיי וועלן כאַפּן אין א ליגן... — „איך בין, דאַכט זיך, אויך געווען גלײַך מיט אײַך אַפן שיף... ווו זשע בין איך געווען?"

— איר?.. איר זײַט געווען באַשעפטיקט מיט אײַער מאָריסן... איר, אז איר דערזעט מאָריסן, איז א קאַפּאָרע די גאַנצע וועלט. א קלייניקײַט, מאָריס!..

דאָס קליינע ווײַבעלע האָט אים דערלאַנגט מיט אירע אראָפּגעצויגענע קליינע הענטשקעלעך איבערן פּאָנעם:

— שווײַגט שוין בעסער, מזיעסער באָכער!..

— און צו ראָזען האָט זי א זאָג געגעבן און גענומען זי אונטער דער האַנט: — קומט, וועל איך אײַך פאָרשטעלן פאַר מײַן מאָריסן, וועט איר זען א בילעק פון א באָי ביז א באָי!.. — כאָר מוירע האָבנדיק, אז ראָזע זאָל ניט האָבן וועגן הערי פּיק ניט קיין גוטע מיינונג, האָט זי גייענדיק איר אײַנגערוימט א סאָד אַפן אויער:

„א בריליאַנט פון א באָכער — אַף מיר אזא יאָר!" און זי האָט פאָרגעשטעלט איר נײַע פרײַנדן פאַר מאָריסן אין די שענסטע פאַרבן מיט די רײַכסטע קאָמפּלימענטן, גלײַך ווי זי וואָלט זיך מיט איר געקאָנט שוין פון יאָרן לאַנג. נאָך דער וואַרעמקײַט, ווי מיסטער מאָריס האָט אויפגענומען די יונגע פרײַנדן פון זײַן קליין ווײַבעלע, און נאָך [דער] פרײַנטשאַפט, וואָס דער דזשענטלמען האָט איר ארויסגעוויזן, איז געווען צו זען, אז דאָ איז שוין פון ראָזען גערעדט געוואָרן ניט איין מאָל, וואָרעם מיסטער מאָריס האָט איר גערדיקט די האַנט, ווי אן אַלטער גוטערפרײַנט, און האָט זיך אינטערעסירט מיט איר, ווי א ברודער. באַטראַכטנדיק דעם מיסטער מאָריס און זײַן כאַווער מיסטער פּיק, האָט ראָזע באַמערקט דעם קאָנטראַסט צווישן די צוויי „באָיעס", ווי דאָס קליינע ווײַבעלע האָט זיי אָנגערופן. אַף וויפל איר פריִערדיקער באַקאַנטער מיסטער פּיק איז לאַנג און דאַר, אַף אזוי פיל איז דער מיסטער מאָריס קורץ און גראָב. און כאָטש ער איז נאָך גאָר א יונגערמאַן, שנײַדט זיך אים שוין פונדעסטוועגן א בײַכל און אַפן קאָפּ א קליין טעלערל. פון דער ערשטער מינוט אָן איז ראָזע געווען פאַרכאַפּט מיט דער האַרמאָניע, מיט דעם זעלטענעם שלום-בית (שאָלעם-באַיס), וואָס הערשט אָט-דאָ. עס איז געווען צו מערקן, אז דאָ לעבט מען אין פרידן. וואָס איינער דענקט — דענקען אַלע דרײַ. די מאָריסעס זײַנען די באַלעבאַטים און הערי פּיק איז זייער באָרדער[1]. דאָס שטערט אים ניט פונדעסטוועגן מישן זיך אין ווירטשאַפט, זאָגן א דייע אין קיטשען[2] און נעמען אָנטייל אינעם מעניו פון מאָרגעדיקן דינער, וואָס מיסיס מאָריס גייט געבן צו מאָריסעס „בוירטס-דעי פּאַרטי"[3] פאַר גערופענע געסט. צוליב דעם דאָזיקן דינער שטייט שוין מיסטער מאָריס אָן א קאַוט[4] און פּאַקעוועט אויס דעם צוגעשיקטן ווײַן פון סטאָר[5] א גאַנצן באָקס[6], און מיסטער פּיק העלפט אים אויסוויקלען די פלעשער פון די שטרויענע קאָלפּאַקעס, אראָפּנעמען די פּלאָמבעס, אויפעפענען די קאָרקן און פאַרשטעקן צוריק. יעדער פלאַש ווערט באַגעגנט מיט א געדולע און מיט אן אויסרוף, און דער נאָמען פונעם ווײַן ווערט איבערגעכאַזערט פון אַלע דרײַ מיט א „הורא פאַר אײַזיק גאָלדבערג!" און טאַקע באַלד אַף יידיש: „לעבן זאָל רעב איצעלע גאָלדבערג!"

פאַרטיק געוואָרן מיטן אויספּאַקעווען דעם ווײַן, פאַרקאַטשעט מען די אַרבל און מע נעמט זיך שיילן עפּל פאַרן מאָרגעדיקן „עפּל-פּאַיי"[7]. די מיסיס מאָריס פּרוּווט זיך אפילע שוואַכלעך פּראָטעסטירן. זי זאָגט, אז זי דאַרף ניט זייער הילף — זי וועט זיך באַגיין אָן זיי. נאָר איר שוואַכער פּראָטעסט ווערט ניט אָנגענומען און עס ווערן ארויסגעשטעלט פאַרשיידענע אַרגומענטן. דער הויפּט-אַרגומענט איז דער, וואָס צו אן עפּל-פּאַיי דאַרף מען מאַכן א קייק[8], און קייק — דאָס איז אויסשליסלעך איר אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אז בײַם קייק מאַכן באַט אָן ראָזע איר הילף, וועלכע ווערט אָנגענומען מיט פאַרגעניגן, ניט אזוי צוליב איר אַרבעט, ווי צוליב דעם, וואָס שטייענדיק מיט דער מיסיס מאָריס אין קיטשען, וועט דאָס קליינע ווײַבעלע האָבן, מיט וועמען צו ריידן און צו לאַכן. עס האָט ניט גענומען קיין שאָ צײַט, ווי ראָזע האָט זיך שוין דערפילט אין דער דאָזיקער שטוב אזוי היימיש, גלײַך זי וואָלט אָט דאָ אויסגעוואַקסן. ס'איז פאַראַן הײַזער אַף דער וועלט, ווו איר שפּירט שוין אין דער לופט אַליין א מין וואַ-

---

1 — א קוואַרטיראַנט; 2 — קיך; 3 — געבורטסטאָג; 4 — רעקל; 5 — קראָם; 6 — א קאַסטן; 7 — עפּל-שטרודל; 8 — א טאָרט.

רעמקייט, א נאָענטקייט און א ליכטיקע פריינטלעכקייט. די אטמאָספער איז א פריינטלעכע, און איר פילט זיך גוט, איר פילט זיך היימיש און באקוועם. איר זעצט זיך אוועק אף א שטול, פילט איר, אז איר זיצט; איר לייגט זיך אוועק אין א בעט, פילט איר, אז איר ליגט; איר עסט — האָט עס זיבן טאמען, איר טרינקט א גלעזל טיי — שמעקט דאָס; איר רעדט — דארפט איר ניט זוכן קיין פראגן; איר ווילט לאכן — דארפט איר זיך ניט פארשטעלן; און טאָמער האָט איר עפּעס אפן הארצן — קאָנט איר דאָס ארויסזאָגן. איר וועט דאָ געפינען אויערן, וואָס וועלן אייך אויסהערן; איר וועט דאָ געפינען הערצער, וואָס וועלן אייך מיטפילן. פון אזא שטוב גלוסט זיך אייך ניט אוועקצוגיין, מיט אזא אטמאָספער ווילט זיך אייך ניט שיידן. ראָזע, וועלכע איז ארויסגעגאנגען אינדערפרי פון האָטעל א באטריבטע, א פארזאָרגטע און אן עלנטע, מיט דער דייע אופזוכן און מעלדן זיך פאר אירע ברידער און פאריכטן איר פעלער קעגן זיי, האָט זיך אומגעקערט צוריק צו זיך שוין ארום האלבע נאכט אן אָנגעווארעמטע, א צופרידענע און א גליקלעכע, באגלייט פון אירע נאָרוואָס דערוואָרבענע פריינט מיסיס און מיסטער מאָרים און מיט זיי אויך זייער באָרדער מיסטער הערי פּיק, וועלכער האָט איצט געמאכט אף איר דעם בעסטן איינדרוק און אף וועלכן זי האָט ערשט ניט לאנג ניט געוואָלט קוקן... אויסגעטאָן זיך אף צו לייגן זיך שלאָפן, האָט זיך ראָזע איינגעהילט אין דער קאָלדרע, צוגעמאכט די אויגן און גענומען נאָכאמאָל איבערלעבן אלע זיסע מאָמענטן, וואָס זי האָט פארבראכט אינעם דאָזיקן טאָג, טראכטנדיק וועגן דעם פּאָרל מיסיס און מיסטער מאָרים — ווער זיינען זיי? און וואָס איז דער מער מיט זייער באָרדער מיסטער פּיק? פארוואָס איז זי פריער פון אים אנטלאָפן?.. און מיט וואָס איז ער איצט געוואָרן בעסער, און פארוואָס איז ער צו איר אזוי צוגעזאָמט געוואָרן? פארוואָס האָט ער פריער געהאט בא איר אן אנדער פּאָנעם מיט אן אנדער אויסזען און איצט — גלייך ווי גאָר ניט דער און פאָרט דער?.. וואָס האָט ער געמיינט מיט דעם, וואָס ער האָט איר געזאָגט, אז ער איז געוועזן ז י כ ע ר, אז ער וועט זיך מיט איר באגעגענען דאָ אין ניו-יאָרק? פונוואנען האָט זיך גענומען בא אים אזא זיכערקייט?.. ווי קומט דאָס, וואָס אף זיין פרעגן זיך בא איר, צי מעג ער קומען צו איר מאָרגן פרי אין האָטעל נעמען זי צו די מאָריסעס, האָט זי אים געענטפערט יאָ, ניט ניין?.. וואָס ראָזען איז באזונדערס געפעלן אין זיי — איז דאָס, וואָס ניט די מאָריסעס, ניט מיסטער פּיק האָבן זי [ניט] אויסגעפרעגט, ווער זי איז, און פונוואנען זי איז, און וואָס זי טוט דאָ אין אמעריקע. זיי זיינען גרייט פאר איר צו טאָן אלץ, וואָס זי זאָל פון זיי פארלאנגען — דאָס איז זיכער. מאָדנע, מאָדנע מענטשן! ווער זיינען זיי? מאלאָכים? ניין. ניט קיין מאלאָכים, נאָר מענטשן. גאנץ געוויינלעכע מענטשן, וועלן מיר זאָגן, וואָס יעדער פון זיי האָט זיך זיינע מיילעס מיט זיינע כעסרוינעס — א ביסעלע מער מיילעס פון כעסרוינעס, און דאָס איז שוין גענוג... איינער מיינער א לעזער און א פארערער, וואָס קומט אָפט צו מיר אריין, האָט זיך מיר מוידע געווען, אז ער און נאָך א סאך אזעלכע, ווי ער, זיינען איבערצייגט, אז דער ראָמאן („דער מיסטייק") וועט זיך סאָפקאָלסאָף ארויסווייזן מיט זיינע טיפּן פון דער „אונטערוועלט". נאָך מער: ער האָט געהאט, זאָגט ער, „אַי בעט טו וואָן"[1], אז דער יונגער דזשענטלמען, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאר דער העלדן ראָזע אפן שיף, איז, לויט דער אלגעמיינער מיינונג, ניט מער און ניט ווייניקער, ווי א קאדעט פון דער כעוורע ווייסע שקלאפן-הענדלער און אז דער שיינער באָכער איז דאָס געפאָרן מיט איר אף איין שיף ביכדיי, זאָגט ער, ער זאָל זי קאָנען דערנאָך אריינכאפּן אין נעץ אריין... וואָרעם, זאָגט ער, פונוואנען, זאָגט ער, ווייסן מיר, לעמאָשל, אז דער כעוורעמאן אייערער גייט איר ניט נאָך פוסטריט, ווער ווייסט, פון ווען אָן? עפּשער פארשטעלט ער זיך, זאָגט ער, אלעמאָל אונטער אן אנדער מאסקע?.. מיין לעזער און פארערער האָט אפּאָנעם פארגעסן, אז ער רעדט מיטן פארפאסער, וואָס ווייסט אויך, וואָס אינעם ראָמאן טוט זיך, האָט ער גענומען זיך גריבלען נאָך טיפער און אריינלאָזן זיך אין ווייטערע כקירעס:

— פונוואנען ווייסן מיר, אז ער איז ניט דער זעלבער פויגל, וואָס האָט זיך געהאט געשאדכנט צו ראָזען נאָך אין דער אלטער היים? ווער קאָן דאָס ערעוו זיין, אז דאָס יידל, וואָס האָט איר גערונגען דעם אָמטאָ אין האבאקען אפן פיער און אָנגעוויזן א האָטעל, איז דאָס ניט דער זעלבער כעוורעמאן? און ווער זאָגט דאָס, אז דער נעפעש מיט די שמייכלענדיקע אויגן און מיט די שיטערע ציין, וואָס אין האָטעל, איז ניט ווידעראַמאָל ער? און דאָס פארפאָלק, דאָס קליינע ווייבעלע, די מיסיס מאָרים, מיט איר מאַן — ווער ווייסט, וואָס פאר א מעכוטאָנים דאָס זיינען און וואָס טאנצן זיי אין קאָן?.. און ווייל ער פארזיכערט מיך, אז דאָס איז ניט זיין איינציקע מיינונג, נאָר דאָס איז די מיינונג פון א סאך-א סאך לעזער, וואָס ווייסן פּאָזיטיוולי, אז איך גיי באשרייבן די „אונטערוועלט", דערלויב איך מיר ארויסצוגעבן א סטייטמענט[2] אָט דאָ, אינעם רעכטן מיטן פון מיין ראָמאן, אז עס הייבט זיך גאָר ניט אָן! איך באשרייב ניט קיין „אונטערוועלט". צו וואָס דארף מען דאָס? קארג שמוץ, עקל, נידערטרעכטיקייט, נארישקייט און אומרעכט געפינט זיך אין דער „אויבערוועלט"?.. האָט דען פאר אונדז אונדזער געוויינלעך אלטעגלעך לעבן שוין גאָר קיין שום אינטערעס ניט,

---

1 — איך וועט זיך צוויי קעגן איינס; 2 — מעלדן.

אויסער גע̇מבלינג[1], שיקרעס, גרעפט, זנוס און נאָך אזעלכע זאכן?! האָט דען א ייִד א סויכער, וואָס האנדלט מיט באקאליי, דזשולערי, סטאקס[2], פאָרם, פרוכט אָדער שמאטעס, ווינציקער אינטערעס פון דעם ייִדן דעם סויכער, וואָס האנדלט מיט „לעבעדיקע סכוירע"?.. מיט וואָס איז דער טיפּ פון א געמבלער, א גאנעוו, א טרעמפּ[1] און א סוואָדניק מער מעיוכעס פונעם טיפּ פון א שנײַדער, א מעלאמעד, א לאָיער, א קלוירק[2], א בוטשער[3] אָדער א פּרי-קאשטשיק?..

אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן סטייטמענט, פילן מיר, ווי ס'איז אראָפּ א שטיין פונעם הארצן און מיר קאָנען פאָרזעצן אונדזער ראָמאן.

---

1 — אזארט-שפּיל; 2 — אָבליגאציעס.

1 — א לומפּ; 2 — אן אָנגעשטעלטער; 3 — א קאצעוו.

## פון רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד"

פאָרזעצן דעם ראָמאן האָט שאָלעם-אליי‌כעם שוין ניט באוויזן. דערמיט ענדיקט זיך דער טעקסט פון דעם „מיסטייק".

---

# עס זינגען פעלקער

ДРУЖБА НАРОДОВ

## בלעטערנדיק דעם זשורנאַל



י לייענער פון דעם דאָזיקן זשור-נאַל האָבן שוין לאַנג צײַט געהאַט צו באַמערקן: דאָ באַגעגנט מען דיכטער פון פאַרשיידענע פעלקער. זעלטן טרעפט, אַז א דיכטער זאָל דאָ אויפטרעטן אָפּגעזונדערט-אַליין. מערסטנטייל זעען מיר, ווי ער שליסט זיך אײַן אין א ברייטערן אַנסאַמבל, וואָס פאַרטרעט די הײַנטצײַטיקע פּאָעזיע פון א גאַנץ פאָלק. דעריבער טאַקע שטאַרקט זיך נאָך מער דער אײַנדרוק, אַז אין דעם זשורנאַל הערן מיר דאָס געזאַנג פון פעלקער.

...שוין וויפל לידער אויסגעזונגען

און וויפל זינגען דאַרף מען ערשט אָפּסנײַ —

שרײַבט אינעם נומער 6 פונעם זשורנאַל דער דיכטער מיכאַיל דודין. און ווירקלעך: וועגן דער גרויסער פעלקער-פרײַנטשאַפט בא אונדז אין לאַנד איז אַלעמאָל פאַראַן וואָס צו „זינגען אָפּסנײַ", ווײַל פון יאָר צו יאָר ווערט זי, ווי א געזונטער בוים, אַלץ מער פאַרצווײַגט און גיסט זיך אָן מיט קראַפט און מיט זאַפט. אָט דעם וווּנדערלעכן בוים, וואָס קאָן וואַקסן נאָר אין לאַנד פון סאָציאַליזם, באַזינגען עס אונדזערע דיכטער.

טו מיר, לעבן מײַנס, צוליב —

גיב מיר פלאַמענדיקע ווערטער...

אַזוי ווענדט זיך צום לעבן דער רוסישער דיכטער אַלעקסאַנדער פּראָקאָפיעוו. און אָפן זעלבן אויפן באַצייכנט דעם אָפּשטאַם פון זײַן דיכטערישן וואָרט אויך דער טורקמענישער פּאָעט אַלאַבערדי כאַידאָוו. אַף דער פראַגע, פונוואַנען נעמט ער זײַנע לידער, ענטפערט ער: פון דעם לעבן. ער געפינט זײַנע לידער, דערציילט ער, וואַנדערנדיק מיט פּאַסטעכער אין דער קאַראַקומער וויסטע, ער געפינט זיי אויך אין שטאָט, ווו מע בויט א שטאָק אַף א שטאָק. אַזעלכע בײַשפּילן וואָלט מען געקאָנט ברענגען אויך פון אַנדערע דיכטער, וואָס דרוקן זיך אין זשורנאַל „דרוזשבא נאַראָדאָוו" („פעלקער-פרײַנטשאַפט"). און וואָס מער מע הערט זיך אײַן אין זייערע שטימען, אַלץ מער ווערט קלאָר: די שטים פון דער רוסישער דיכטונג געפינט דאָ א מעכטיקן אָפּקלאַנג, אָבער דער דאָזיקער אָפּקלאַנג איז תמיד אייגנאַרטיק, טאָמיד געטרײַ דער ליטעראַטור, אין וועלכער ער איז אַנטשטאַנען. דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז א וויכטיקע אייגנטימלעכקײַט פון דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור. זײַענדיק טרײַ דער לעניניסטער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, פאַרמאָגט זי א באַזונדער אַרט ווירקונג: זי פאַרווישט ניט דעם נאַציאָנאַלן אייגנאַרט פון דער ליטעראַטור, אַף וועלכער זי ווירקט, פאַרמינערט ניט די שעפערישע זעלבשטענדיקײַט פון דער דאָזיקער ליטעראַטור. פאַרקערט, זי וועקט דאָס שטרעבן צו זעלבשטענדיקײַט, זי רופט די באַווירקטע ליטעראַטור צו שטעלן זיך מיט איר האַנט-בא-האַנט און א גלײַכבאַרעכטיקטע גיין פאָרויס אונטער דער פאָן פון קאָמוניזם.

דער נומער 10 פונעם זשורנאַל „דרוזשבא נאַראָדאָוו", וואָס איז געווידמעט דעם XXII צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון סאָוועטנפאַרבאַנד, עפנט זיך מיט א גרויסן ציקל לידער „אַף די שפּראַכן פון אונדזער לאַנד". די לידער זײַנען איבערגעזעצט פון מיכאַיל סוועטלאָוו. די אייגנאַרטיקײַט פונעם ציקל באַשטייט דערין, וואָס ער הייבט זיך אָן מיט אַן אָריגינעלער ליד גופא פון סוועטלאָוו. די ליד הייסט „לעבן רופט". ס'איז א שטאַרקע ליד, וואָס האָט אין זיך א סך שטריכן, אייגנ-

טימלעכע פאַרן רוסישן דיכטער מיכאַיל סוועטלאָוו. אָבער איר גרונט-טאָן, איר לייטמאָטיוו געפינט אַן אָפּקלאַנג אין די לידער, וואָס זײַנען געשריבן אף גאָר אַנדערע שפּראַכן. אָט איז די ליד פונעם אוזבעקישן דיכטער באַבאַדזשאַן „לענינס געבורטסטאָג". געשריבן איז זי אין דער פאָרם פון אַן אינטימער ווענדונג צו אַ קינד.

זונעלע,
הײַנט איז אונדזער לענין געבוירן.
אין זעלביקן טאָג
איז דער עמעס געבוירן.
קוקט די געשיכטע
אין צעעפנטע פענצטער,
אף אונדז קוקט די געשיכטע,
יורש מײַן שענסטער.

ווי נאָענט דער אוזבעקישער דיכטער גייט צו צו די קוואַלן, פון וועלכע עס שעפּט דער רוסישער דיכטער מ. סוועטלאָוו. בײדע זײַנען זיי דורכגעדרונגען מיט איין געפיל פון היסטאָרישער אַכרײַעס. און דאָך ווי פאַרשיידן זײַנען אָט די צוויי אויפּאַנים שרײַבן, ווי אָרגאַניש עס וועבט זיך אַרײַן אין דער ליד „לענינס געבורטסטאָג" דער נוסעך פון דער אוזבעקישער ליריק. דערבײַ פאַרבלײַבט ניט דער דיכטער אין ענגן קרײַז פון אײנצלהײַטן און דעטאַלן, ער רײַסט זיך אַרויס אף דער ברייט פון גרויסע היסטאָרישע סאַכאַקלען, וועלכע עס רופט שטענדיק אַרויס בײַ אַ סאָוועטישן שרײַבער דער נאָמען לענין. דאָס איז אַזאַ כעזשבן-האַנעפעש, ווען פאַרן שרײַבערס אויגן שטעלט זיך אַוועק אין אַ נײַער שײַן די גאַנצע געשיכטע פון זײַן פאָלק און אָט די זעונג דערוועקט נײַע שעפערישע קרעפטן. אַנדריי פּאַסאַר — אַ דיכטער פון אַ פאָלק, וואָס וווינט אפּן גאָר ווײַטן צאָפן, — מעלדעט מיט שטאָלץ:

אָט ווער איך בין! — קראַפט און ליבע.
אַ נאַנײַעץ איך בין. כ'ווייס, וואָס איך זאָג.
געבענטשט מיך אף העלדנטאַט, זײַן אַ
גיבער —
די שײַן פון גרויסן אָקטיאַבער-טאָג.

איר גייט איבער פון איין זשורנאַל-נומער צו אַ צווייטן, עס קלינגט דאָס געזאַנג פון פאַרשיידענע פעלקער, און אומעטום הערט איר: עס זינגט די פרייש-צוגעקומענע, ברייט-צופליסנדיקע מענטשן-קראַפט. און גיין גייט דאָ אַ רייד ניט וועגן רויער, אומבאַזיניקטער קראַפט, וואָס קאָן ברענגען מיט זיך אויך בייז, — ס'איז „קראַפט און ליבע", ס'איז די קראַפט, וואָס איז געבענטשט פון דעם „אָקטיאַבער-טאָג". דערפאַר קלינגט אַזוי באַגײַסטערט די ליד פונעם טאַטערשן דיכטער כאַסאַן טופאַן, וואָס באַזינגט אונדזערע איצטיקע טעג:

אין יעדן יאָר איך זע מײַן שפּור,
מײַן מי האָב איך באַוויזן,
איך גלייב: מיר וועלן ברענגען זי —
די העלע שײַן פון קאָמוניזם.

אָט די זיכערקײַט, אַז „מיר וועלן ברענגען די העלע שײַן פון קאָמוניזם", קלינגט גלײַכצײַטיק מיט דער פולער זיכערקײַט, אַז קאָמוניזם און שאָלעם גייען באַנאַנד, אַז זיי לאָזן זיך ניט דענקען איינער אָן דעם אַנדערן. דערפאַר איז אַזוי נאַטירלעך צו הערן, ווי דער ליטווישער דיכטער מעזשעלײַטיס באַזינגט די קראַפט פונעם פרידנסוואָרט:

קעגן טויט זיך געראַנגלט טאָלסטאָי,
סאַלאָמייע[1]
און אויך מאַיאַקאָווסקי — האָט דאָס
לעבן באַשיצט.
אינאיינעם מיט זיי כ'בין אין איין
באַטאַרייע —
מײַן האַרץ כ'וויל אָנטפּלעקן זיי איצט.

די דיכטונג איבעם זשורנאַל „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו" זעט ווירקלעך אויס, ווי אַ באַטאַריי, וואָס באַשיצט דאָס לעבן, זי שטייט אף דער וואַך פון פרידן. אין דער דאָזיקער „באַטאַריי" פון פרידן דערקענען מיר אויך איניקע געשטאַלטן פון ייִדישע סאָוועטישע דיכטער. אין דעם דריטן נומער פונעם זשורנאַל טרעפן מיר מענדל ליפשיצן, וואָס רופט, מע זאָל ניט פאַרגעסן אין יענע צײַטן, ווען עס האָט געקלונגען דער רוף „דער פײַנט בײַ די טויערן". וועגן אָט די צײַטן דערמאָנט אויך מוישע טייף אין זײַן ליד וועגן „קיבעלעך און זעמעלעך". אָבער ווי אָפט אָט די דערמאָנונגען פלײַען ניט אָן, קאָנען זיי דאָך ניט פאַרטרײַבן פונעם דיכטערס געמיט דעם גלויבן אין דעם מענטשנס גוטווילקײַט, וואָס ער זעט ניט, דערלויבט אים ניט אופהייבן, ווי אף אַ לעבעדיקער באַשעפעניש, די האַק אף אַ בוים (מ. גרוביאַן). עס פאַרלאָזט אונדזערע דיכטער ניט דער גלויבן אין דעם וווּנדער פון מענטשלעכן שמייכל, וואָס גייט מיט אונדז אַ גאַנץ לעבן (ר. בוימוואָל), דער גלויבן אין דעם, אַז אַ מענטש וועט געבוירן, קעדיי צו נעמען אין די הענט די גאַנצע וועלט (אַ. גאָנטאַר). מיט דעם זעלבן גלויבן זײַנען דורכגעדרונגען אויך די לידער פון י. שטערנבערג, ז. טעלעסין, י. קערלער, ש. דריז, אַ. ווערגעליס.

גלויביקע, לעבנס-געטרײַע און לעבנס-זיכערע לידער קלינגען אין זשורנאַל „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו". זיי קומען מיט פאַרשיידנסטע טענער, נאָר שטענדיק פאַרהיטן זיי דעם אָפּטימיסטישן גרונט-טאָן. זיי האָבן אין זיך פאַרשיידנסטע פאַרבן, נאָר שטענדיק געוועלטיקט אין זיי די העלע הויפּט-פאַרב. און וואָס מער מע הערט זיך אײַן אין אָט די שטימען, אַלץ מער קריצט זיך אײַן אין זיקאָרן דאָס באַפליגלטע וואָרט פונעם קאַזאַכישן דיכטער כאַלידזשאַן בעקכאָזשין:

בײַ דעם פאָלק, דעם אָקעאַן, אַ געזעץ אַזאַ
פאַראַן:
ס'וועט אף אייביק אף דער וועלט ווערן
שאָלעם אײַנגעשטעלט.

אורי מונט.

---

1 סאַלאָמייע נערים — באַוווּסטע ליטווישע דיכטערן.

מוישע נאָטאָוויטש

# מייער ווינער — דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור־פאָרשער

1


ייער ווינערן האָב איך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט אין 1935, זייענדיק אַן אַספּיראַנט בײַ דער קאַטעדרע פון ייִדישער ליטעראַטור, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט אינעם מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אַפן נאָמען פון וו. אי. לענין.

ביז דעמאָלט האָב איך אים געקענט בלויז פון זײַנע אַרבעטן. מער פון אַלץ האָט איבעראַשט אין זיי די ערודיציע פונעם אַווטאָר. ער האָט פאַרמאָגט פילזײַטיקע בילדונג, געווען אַן אויסגעצייכנטער קענער פון געשיכטע און פילאָסאָפיע, פון שפּראַכן און ליטעראַטורן, מאָלערײַ און פאָלקלאָר. ער האָט געקענט אונטערפירן פאַראַלגעמיינערנדיקע סאַכאַקלען פון ליטעראַטור־דערשײַנונגען פאַר יאָרהונדערטער, זיך פאַנאַנדערקלײַבן גרינטלעך אין דער קינסטלערישער שאַפונג פון פאַרשיידענע פעלקער, אין וועלט־עפּאָכן, פּראָזע און פּאָעזיע, אין פאַרשיידענע זשאַנרען פון דער פאָלקס־שאַפונג. קעדיי אָנזאַמלען אַזוי־פיל וויסן, האָט זיך געדוכט, פאָדערט זיך, כאָטש גרויסע פייִקייטן, אַ גרויס לעבן.

נאָר ווינער האָט, ביים דער ערשטער באַגעגעניש מיט אים, זיך אַרויסגעוויזן אַ סך ייִנגער, ווי כ'האָב זיך געקאָנט פאָרשטעלן. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 42 יאָר און איז אַוודאי ניט ענלעך געווען אַף יענעם גרײַז־גרויען געלערנטן, וועלכן איך האָב זיך אויסגעמאָלט אין מײַן פאַנטאַזיע. נאָך מיט אַ סאַך יוגנטלעכע שטריכן, אָבער קיין סימן פון צעכראַסטעטקײַט, שטאַרק צונויפגעזאַמלט, שטרענג. עפּעס פּולוואָגיקס האָט זיך געפילט אין זײַן גאַנצן וועזן; פּולוואָגיקײַט פון אינטעלעקט, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן אין די קערפּערלעכע שטריכן, אין די רייד, אינעם שמייכל אַפילו.

ווינער האָט שוין דאַן געקאָנט אונטערפירן אַ סאַכאַקל פון אַן אייגנאַרטיק דורכגעגאַנגענעם

פּעריאָד. ערגעץ אַף די יוגנט־וועגן זײַנען פאַרבליבן — פריער דער באַזעלער און נאָכדעם דער ציריכער אוניווערסיטעט, וווּ ער האָט דערפאָלגרײַך פאַרענדיקט דעם פילאָסאָפישן פאַקולטעט; געווען זײַנען לידער, וועלכע ער האָט געשריבן אין דײַטש, אַ ריי אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון דער העברעיִשער און דײַטשישער ליטעראַטור, דערשינענע אין עסטרײַך און אין דײַטשלאַנד אין די יאָרן 1919—1921.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, ווי מייער ווינער, אַ זון פון רײַכע עלטערן, קלײַבט פאַר זיך אויס אַ נײַעם וועג אין לעבן. ער זאָגט זיך אָפּ פון דער רײַכער ירושע, וואָס דער פאָטער האָט אים איבערגעלאָזט. און דאָס האָט באַטײַט ניט בלויז דאָס אָפּזאָגן זיך פונעם אַלטן שטייגער, ס'איז געווען אַן איבּערגרײַס מיט דער אַלטער וועלט.

זײַן וועגווײַזער איז איצט דער מאַרקסיסטישער געדאַנק, עס ציט אים צו זיך די נײַע וועלט, די וועלט, וואָס האָט זיך אַזוי פילפאַרביק אָנטפּלעקט אינעם לאַנד פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע.

אין 1924 יאָר טרעט ווינער אַרײַן אין דער עסטרײַכישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אין צוויי יאָר אַרום פאָרט ער אַריבער אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

דאָ ווערט ער אַ וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פונעם קיִעווער אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור, פאַרוואַלטער פון דער קאַטעדרע פון ייִדישער ליטעראַטור אין קיִעווער און נאָכדעם אין מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אין די דרײַסיקער יאָרן איז ער אין סאַמע בלי פון זײַן געזעלשאַפטלעכער און ליטעראַרישער טעטיקײַט אַלס ליטעראַטור־פאָרשער, קריטיקער און פּראָזע־שרײַבער.

די שאַפונג פונעם יוגנט־פּעריאָד געהערט צו ווינערס עקספּערימענטן. ער האָט זיך פון איר אָפּגעשטויסן, ווי פון אַ טראַמפּלין, קעדיי זיך דערהייבן צו דער הויכער מאַדרייגע, וועלכע ער האָט שפּעטער דערגרייכט. אין געביט פון דער

ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור-פאָרשונג און קריטיק האָט ער ניט געמאַכט קיין עקספּערימענטן. פון אָנהייב אָן איז ער אַף אָט דעם געביט אין די סאַמע פאָדערשטע רייען.

און דאָס איז געווען גאָר ניט אַזוי גרינג צו דערגרייכן. ווינער איז ניט געקומען אַף קיין רווערד. אין די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן האָט זיך נאָך ניט אָפּגעקילט דער „אומרו" פון מוישע ליטוואַקאָוו. נאָכעם שטיף און מאַקס עריק האָבן שוין, ווי געניטע רײַזנדער, זיך אַוועקגעלאָזט אין הער ווײַטער געשיכטע פון דער עלטערער ייִדישער ליטעראַטור, „וועג-אײַן, וועג-אויס" אין אונדזער ליטעראַטור איז שוין געגאַנגען נאָכעם אויסלענדער, אין זײַן פרוכטבאַרן „איבערבוי" האָט זיך שוין געפּוּנעט יעכעזקל דאָברושין, פלײַסיק און געוויסנהאַפט האָט זיך שוין געמיט אַרן גורשטיין מיט זײַן אָרגאַנישן דערעכערעץ צו ליטעראַטור-וויסנשאַפט, איציק נוסינאָוו האָט שוין „פון בוך צו בוך" געבלעטערט אונדזער ליטעראַטור, שטעלנדיק זי אין דער שײַן פון דער וועלט-קלאַסיק.


מייער ווינער

כאָטש ווינער איז ניט געקומען אַף קיין רווערד, זײַנען דאָך נאָך דעמלט געווען א סאַך ניט אויפגעהויבענע פּלאַסטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור-פאָרשונג. ווינער האָט געמאַכט אָן אָנהייב אין דער וויסנשאַפטלעכער באַאַרבעטונג פון די מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין דער ערשטער העלפט XIX יאָרהונדערט. דערמיט האָט ער א סאָף געמאַכט צו דער פאַרשפּרייטער מיינונג, אַז די נײַע ייִדישע ליטעראַטור הייבט זיך אָן פון מענדעלען. די דאָזיקע מיינונג האָט ניט נאָר געשטעלט אונדזער קלאַסיק אויסער טראַדיציע, נאָר האָט זי פאַראָרעמט, געשטערט אויפצודעקן אין דער פולער מאָס איר נײַס און אירע גרויסע אופטוען.

צווישן די ליטעראַטור-קענער האָבן וועגן דעם פריִיקן פעריאָד אין דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור געהערשט נעפּלהאַפטע פאָרשטעלונגען ווי וועגן עפּעס א מין „פאָרגעשיכטע", ווי וועגן עפּעס אַזעלכע צופעליקע, צווישן זיך ניט פאַרבונדענע פּרוּוון און פראַגמענטאַרישע זאַכן, וואָס האָבן פאַר זיך גענומען א קנאַפּן באַטײַט און וואָס טויגן העכסטנס פאַר גריבלענישן און כקירעס פון פילאָלאָגן און ליטעראַטור-אַרכעאָלאָגן"1.

מייער ווינער האָט קלאָר געמאַכט די דאָזיקע פּראָבלעם. איצט איז פון „פאָרגעשיכטע" געוואָרן געשיכטע. דאָס קלוימערשט צופעליקע איז געוואָרן געזעצמעסיק.

די קריטיש-פאָרשערישע אַרבעטן האָבן ווינערן אָרגאַניש געבראַכט צו זײַנע היסטאָרישע ראָמאַנען. צווישן ביידע זשאַנרען איז ניט געווען קיין אײַנרײַס. ער איז געווען א קינסטלער אין זײַן פאָרשונג און א פאָרשער אין זײַן קינסטלערישער פּראָזע.

פון יאָר צו יאָר האָט זיך פאַרשטאַרקט ווינערס אינטערעס אויך צו דער סאָוועטישער ליטעראַטור. באַגלײַך מיט די אַרבעטן וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט ער איבערגעלאָזט אַרבעטן וועגן א רײַ סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער. ער האָט גרינטלעך באַהערשט די מאַרקסיסטיש-לענינישע מעטאָדאָלאָגיע, וואָס איז געוואָרן דער יעסאָד פון זײַנע ליטעראַרישע אָנשויונגען.

דעם ווערט פון ליטעראַטור האָט ער געמאָסטן ניט בלויז מיט ריין קינסטלערישע מאָסן, לויט פאָרמעלע סימאָנים פון דער אָפיציעלער פּאָעטיק. באַזונדערס וויכטיק איז פאַר אים געווען דער פאַקט, אַף וויפל דער שרײַבער לאָזט זיך פירן פונעם לעבן. ער האָט פײַנט געהאַט עפּיגאָנישע נאָכמאַכונגען, דילעטאַנטיש-עסטעטישע שפּילערײַ, אינהאַלט-אָרעמע רעטאָריק, פּוסטע מעליצע, ווי מע צאַצקעט דאָס וואָרט אָן א לעבעדיקן אינהאַלט. ער האָט ליב געהאַט די ליטעראַטור, אין וועלכער ס'פילט זיך די פרישקײַט פון אַן אָנהייב, דער טאַם פון לעבן, ווו מע קאָן אָנטאַפּן דעם דויפעק פון פאָלק.

סאָף צוואַנציקער און אָנהייב דרײַסיקער יאָרן האָבן זיך פאַרשאַרפט אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור די אידעאָלאָגישע שטרײַטן. דער קריגערישער גײַסט, וואָס האָט דעמלט געהערשט אין דער ייִדישער סאָוועטישער קריטיק, האָט אַפילע זיך געלאָזט פילן אין די נעמען, אונטער וועלכע עס זײַנען דערשינען פילצאָליקע אַרטיקלען און זאַמלונגען. ליטוואַקאָוו האָט געקעמפט „אַף צוויי פראָנטן", דוניעץ האָט זיך אַוועקגעלאָזט „אין שלאַכטן", בראָנשטיין איז געגאַן „אין אַטאַקע" און געפּרוּווט פאַרנעמען „פאָרפעסטיקטע פּאָזיציעס". ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אויסטרעטן א וועג פאַר דער מאַרקסיסטיש-לענינישער מעטאָדאָלאָגיע, איז

1 מ. ווינער, פאָרוואָרט „צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין XIX יה.", ז. 5.

אַזאַ קאַמף געווען אין די אינטערעסן פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

ווינער איז ניט געשטאַנען אויסער די ליטעראַרישע שטרײַטן. ער האָט אָבער ניט פאַרשווענדט קיין קויכעס אַף דאָנקיכאָטישן קאַמף מיט פּוסטע ווינטמילן, ער האָט ניט געפאָכטעט מיט דער שווערד אַף רעכטס און אַף לינקס גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. ער איז געווען אומבעראַכמאָנעסדיק ניט בלויז צו פרעמדע, נאָר אויך צו אייגענע פעלערן. פון אייגענע פעלערן האָט ער זיך אויפריכטיק אָפּגעזאָגט.

אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור-פאָרשונג איז ווינער געווען די „שווערע אַרטילעריע“, וואָס האָט געטראָפן אין ווײַטן ציל, מיטהעלפנדיק אָפּראַמען דאָס מיסט, וואָס ייִדישיסטישע „ליטעראַטור-קענער“ האָבן אָנגעוואַלגערט פאַרן געבײַ פון אַ קומענדיקער ייִדישער ליטעראַטור-געשיכטע. ניט אַלע מאָל האָט זיך ווינערן אײַנגעגעבן מעסטן ליטעראַטור-דערשײַנונגען מיט ריכטיקע מאָסן. ער איז ניט פרײַ געווען פון עקסטרעמקײַטן. צו אַ ריי אַרבעטן האָט ער זיך מיט דער צײַט אומגעקערט, אָפּזאָגנדיק זיך פון איינזײַטיקע אָפּשאַצונגען, ניט ריכטיקע באַהויפּטונגען און ניט באַגרינדעטע אויספירן.

ווינער איז, צום בײַשפּיל, געווען גערעכט, ווען ער האָט געהאַלטן, אַז אָן קריטישן אָפּקלײַב און שעפערישער איבערפורעמונג פון דעם פאָלקלאָר קאָן דאָס „קרומע“ פּראָקלאַמירט ווערן ווי „גראָד“. נאָר דאָס, וואָס ער האָט אינעם פאָלקלאָר געהאַלטן פאַר קרום, האָט ניט אַלע מאָל אויסגעזען צו זײַן קרום אין שײַן פון מאַרקסיסטישער אופאַסונג.

אין זײַן אַרײַנפיר צו שאָלעם-אַלייכעמס קינדער-דערציילונגען איז ווינער געווען אין אַ סאַך פּראָטים ניט גערעכט בענעגייע דעם גרויסן פאָלקס-שרײַבער. נאָר ער האָט דאָס מיט דער צײַט גלענצנדיק פאַריכט אין זײַן בוך „וועגן שאָלעם-אַלייכעמס הומאָר“. אויך דעם גרעסטן טייל אַרבעטן וועגן אַקסענפעלדן, עטינגערן, מענדעלען, וועלכע ווינער האָט געשריבן אין די יאָרן 1927 — 1939, האָט ער שפּעטער איבערגעאַרבעט און פאַריכט. אין 1940 זײַנען זיי אויפגעזאַמלט געוואָרן אין אַ פונדאַמענטאַלן בוך, מיט וועלכן ער, דער פאָרשער, איז אויסן געווען „געבן אַ שטיקל צושטײַער, עטלעכע בוישטיינער פאַר אַ קומענדיקער צוזאַמענהענגענדיקער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אינעם XIX יאָרהונדערט“.

2

ס'איז מאַמעש געווען צו באַוווּנדערן, וויאַזוי ער האָט זיך פאַנאַנדערגעקליבן אין דער ליטעראַטור, וואָס איז געווען אַמווייניקסטנס באַקאַנט, וויאַזוי ער האָט אויפגעזוכט אירע אַנטוויקלונגס-ליניעס, וואָס האָבן זיך, פּונקט ווי אַ נאָפּל-שנור, איבערגעריסן און פאַרלוירן געגאַנגען אין אונדזער פאָרשונג.

ווינער האָט מיט אַ באַזונדערער פײַנקײַט געקענט דיפערענצירן ליטעראַרישע דערשײַנונגען, אויפדעקן דעם אויפטו פון אַ שרײַבער, באַווײַזן, אַף וויפל זײַן שאַפונג איז נײַ אָדער רעלאַטיוו נײַ. אַזוי, אַשטייגער, פאַרגלײַכנדיק די ווערק פון אַ ריי באַדײַטנדיקע שרײַבער פון דער העברעישער ליטעראַטור (אַווראָהאָם מאַפּו, פּערעץ סמאָלענסקי, יעהודע-לייב גאָרדאָן) מיט דער שאַפונג פון די ייִדישע בעלעטריסטן פון דער פרײַקער האַסקאָלע, שטעלט ווינער פעסט:

ערשטנס. דער אויטאָר פון דער אַנאָנימער „די גענאַרטע וועלט“ און אַקסענפעלד, עטינגער, האָבן שוין אין דעם צווייטן יאָרצענדליק פונעם XIX יאָרהונדערט אָנגעהויבן פאַרקערפּערן די אויפקלערערישע טענדענצן אין לעבעדיקע רעאַליסטישע בילדער;

צווייטנס. די פרײַע אויפקלערערישע בעלעטריסטיק איז אין דער ייִדישער שפּראַך פרײַ פונעם נאַציאָנאַליסטישן נעפּל, פון קלוימערשטן קלאַסיציזם און מעליצע;

דריטנס. מע קאָן ניט איגנאָרירן דעם באַטײַט פון דער פאָלקס-שפּראַך פאַר דער פאָלקסטימלעכקײַט און רעאַליזם, וואָס האָבן אונטערשיידט די דעמאָלטיקע ייִדישע ליטעראַטור פון דער העברעישער.

צו ליטעראַטור-דערשײַנונגען איז מייער ווינער צוגעגאַנגען היסטאָריש. באַהאַנדלענדיק די ייִדישע ליטעראַטור פון דער ערשטער העלפט XIX יאָרהונדערט, שטרײַכט ער אונטער, אַז מע מוז הא שטענדיק געדענקען דעם „וועדליק“ און „פּאָדליק“, אַז דעם איז ניט מעגלעך קיין „אַנטשפּרעכנדיקע מאָס“. און קיינער האָט ניט געקענט אַזוי טיף, ווי ווינער, אַרײַנדרינגען אינעם מעהום פונעם קינסטלערישן שאַפן פון יענער צײַט, אַזוי דין אָפּטיילן טראַדיציאָנעלן אַקסעסואַר פון היסטאָריש באַדינגלעכע מאָטיוון, אויסטיילנדיק די וויכטיקע דערשײַנונגען.

ער האָט זיך געהיט פון איינזײַטיקע אויסטײַטשונגען, געשטרעבט באַטראַכטן דערשײַנונגען דיאַלעקטיש, אין זייער איינהײַט פון ווידערשפּרוכן. די האַסקאָלע, לעמאָשל, איז געווען אַ גרונט-פאַקטאָר פאַרן אַנטשטיין פון דער ייִדישער ליטעראַטור, כאָטש זי איז, ווי קיין שום אַנדערע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, קעגנעריש צו דער ייִדישער שפּראַך. דער כאַסידיזם איז געווען אַ מין דעמאָקראַטישער צאַפּל, כאָטש — אין דער ריכטונג פון פעאָדאַלישער פינצטערקײַט. מענדל לעפינס איבערזעצונגען אין דער האַמוינישער ייִדישער שפּראַך פון ביבלישע ביכער, ווי קויהעלעס און מישליי, ווי שיר-האַשירים און טילים, זײַנען אַ קעמפערישע אַרויסטרעטונג קעגן כאַסידיזם. ס'קלינגט פּאַראַדאָקסאַל? נאָר אַזוי איז דאָס פאַקטיש געווען. קויהעלעס און מישליי, ווען זיי האָבן זיך צערעדט לויטן שטייגער פון אַ האַמוינישן ייִד אין אוקראַינע פונעם XVIII יאָרהונדערט, זײַנען געווען

היסטאריש און האבן געהאלפן דער אנטשטייונג פון א וועלטלעכער יידישער ליטעראטור.

ווינער איז געווען אינטערעסאנט אין זיינע השערות און פעסטשטעלונגען.

אין יאר 1929 האט ער אין קיעוו געפונען אן עקזעמפליאר פון דער „אגעווע" (אנאנימער „די גענארטע וועלט") און וועגן דעם פארעפנטלעכט א קורצע ביבליאגראפישע באשרייבונג. אין א צייט ארום, אומקערנדיק זיך צו אט דעם ווערק, צו זיין פאבול און שפראך-סטיל, זאגט ער ארויס די השערה, אז עפשער איז מענדל לעפין געווען דער אנאנים. רייידנדיק וועגן אקסענפעלדס ווערק „מיכל אויזערקעס, א יידישער זשילבלאז", דערמאנט ווינער א בוך פון גאגאלס א פארגייער וו. ט. נארעזשני, ארויסגעגעבן אין יאר 1914 אונטערן נאמען: Российский Жильблаз, или похождения князя Гаврилы Чистякова».

די דאזיקע שוטפעסדיקייט, האלט ווינער, איז ניט קיין צופאל. אין די דרייסיקער יארן איז די זשילבלאז-טעמע אין דער רוסישער ליטעראטור געווען שטארק פאפולער. דארף מען דא, לויט ווינערס מיינונג, עפשער זוכן די אייגנטלעכע ליטעראדישע טראדיציעס פאר אקסענפעלדס פראזע. אן אויספארשונג אין דער ריכטונג וואלט ברענגען אינטערעסאנטע אויספירן וועגן אקסענפעלדס אומיטלבארער פארבינדונג מיט די ליטעראדישע מוסטערן פון דער רוסישער סאטירישער שטייגער-פראזע.

ביז גאר אינטערעסאנט איז ווינערס השערה וועגן עטינגערס ווירקונג אף דער אנטוויקלונגס-געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור. „מע דארף רעכענען, אז א גענויערע אויספארשונג וועט געפינען א צוזאמענהאנג פון טראדיציע אפילע דארט, וו מ'האט זיך גאר ניט געריכט, ניט נאר צווישן עטינגערן און פערעצן, צווישן עטינגערן און גאטלאבערן, צווישן עטינגערן און גאלדפאדענען, נאר אויך, ניט געקוקט אף דער פארשיידנקייט פון דער דיאלעקט-באזע, צווישן עטינגערן און מענדעלען, און בעמיילע אויך צווישן עטינגערן און שאלעם-אלייכעמען".

ווינער האט איינגעזען א ווירקונג ניט נאר דארט, וו זי טרעט ארויס דייטלעך, נאר אויך דארט, וו זי איז פארבארגן. אפט איז אים גענוג געווען א מאטיוו, קעדיי דערזען זיין גילגל, זיך דערקלייבן צו זיין אפשטאם, אופשטעלן זיין אורשפרינגלעכע פארם, ענלעך צו דעם, ווי דער פאלעאנטאלאג איז פייזיק אופשטעלן דעם אויסזען פון די לעבעדיק געוועזענע באשעפענישן פון דער פארשטיינערטער מאסע. זיינע אסאציאציעס זיינען ווירקלעך געווען אומויסשעפלעך. ער זעט א צוזאמענהאנג צווישן דער אנאנימער „גענארטער וועלט" — א גרונט-ווערק פון דער עלטערער יידישער ליטעראטור — מיט דער קאמעדיע דעל ארטע. אקסענפעלדס דראמאטישע מאניר באטראכט ער אפן פאן פון דער עלטערער מיררעוו-אייראפעישער דראמאטישער פאעטיק. ער זעט אקסענפעלדס אפהענגיקייט פון דער עלטערער אופקלערערישער פראנצויזישער און דייטשישער פאעטיק. בא עטינגערן שטעלט ער פעסט ווירקונגען און אנטלייונגען פון לעסינגן, געלערטן און שילערן.

בא מענדעלען זעט ער ווירקונגען פון גאגאלן און באזונדערס פון סאלטיקאוו-שטשעדרינען. ער ווייזט אויך אן אף דעם, וואס מענדעלע האט געלערנט בא טשערנישעווסקין, דאבראליובאוון, פיסארעוון. „פישקע דער קרומער" רופט בא אים ארויס אסאציאציעס מיט דער ראמאנטישער שול אין דער פראנצויזישער פראזע — מיט וויקטאר הוגא, עזשען סיו און דיומא, ער זעט מענדעלעס נאענטקייט צו יענער טראדיציע פון דער ענגלישער ליטעראטור, וואס ציט זיך זינט סוויפט, פילדינג, סמאלעט, סטערן, טעקערי, דיקענס. א דיקענסישע ווירקונג באמערקט ער אינעם „ווינטשפינגערל". הערשעלעס געשטאלט דערמאנט אים דאוויד קאפערפילדן. אין דער „קליאטשע" זעט ער די טראנספארמאציע פון דער אלטער קלאסישער טראדיציע וועגן מעטאמארפאזן (בא אווידיוס, אפולייוס, לוקיאן און אנד.). מענדעלעס בילדער פון דער ארעמשאפט אסאציירן זיך בא אים, פון איין זייט, מיטן גראטעסק פונעם נידערלענדישן פויערים-מאלער ברייגעל און, פון דער אנדערער זייט, מיטן פאטעטישן, הארציקן און טיף מענטשלעכן הומאניזם פון דעם געניאלן רעמבראנדט.

ווינערס „שוואכקייט" צו ליטעראדישע פאראלעלן שטאמט פון זיין גרויס וויסן. אין פיל אנאלאגיעס, וועלכע ער האט דורכגעפירט צווישן דער יידישער ליטעראטור און וועלט-ליטעראטור, זיינען געווען עמעסע אנטדעקונגען, כאטש אייניקע פון זיי האבן אויסגעזען צו זיין צופיל אנגעצויגן. ער האט זיך ניט געשראקן פאר ליטעראדישע אנאלאגיעס אפילע, ווען זיי זעען אויס ריזיקאליש. ס'טרעפט זיך דאך, אז ערגעץ אף די גרויסע וועגן פון דער ליטעראטור קומען זיך אמאל צונויף שרייבער, ניט לייענענדיק איינער דעם אנדערן. דארף מען זיך פאנאנדערקלייבן, וו איז געווען דירעקטע ווירקונג און וו צופעליקע צונויפאלונג. פאראן פארשיידענע מינים ענלעכקייט. איבעראשנדיקער קאן זיך ארויסווייזן גראד די ענלעכקייט, וואס איז ניט געקומען דורך אומיטלבארער באווירקונג.

3

אין צוזאמענהאנג מיט מענדעלעס צענטן יארצייט, אין יאר 1927, האט איינער א בורזשואזער זשורנאליסט געמוזט אנערקענען, אז ס'איז פאראן עפעס א געוויסע קרוווישאפט צווישן דער סאוועטישער געזעלשאפטלעכקייט און מענדעלען.

אין דער סאוועטישער יידישער ליטעראטור-פארשונג האט די סאמע נאענטסטע קרוווישאפט מיט מענדעלען איינגעשטעלט ווינער.

אינעם יאָר 1938 פלעג איך אָפט ארײַנגײן צו אים. אין זײַן באַשײדענעם ארבעטס-צימער האָט פון דער וואַנט ליבלעך אראָפּגעקוקט מענדעלע, טאַקע ווי גאָר א נאָענטער קאָרעוו. ווינער קוקט אָפן פּאָרטרעט פונעם „זיידן" און שרײַבט: „מענדעלע מויכער-ספרים איז די פארקערפּערונג פון דער פאָלקסטימלעכער הארצלעכקײט און קלוגשאפט, ער איז דער פאָלקסטימלעכער מאָנער, דאָס געוויסן פון די פאָלקס-מאסן — א פאָלקס-מענטש דורך און דורך".

אָפן שרײַבטיש ליגן מענדעלעס ספרים. ווינער בלעטערט זיי מיט צערטלעכע פינגער, לאָזט ניט אַף זיי קיין שטויבעלע פאלן. זיי זײַנען אים זייער טײַער, פּונקט ווי דער פּאקנטרעגער מענדעלע אליין וואָלט זיי אים אָקאָרשט אראָפּגעבראכט פון זײַן בײַדל...

אין יענעם יאָר האָט ווינער געשריבן זײַן שענסטע ארבעט — „מענדעלעס סטיל".

אָט די מײַסטערישע, פיליגראניש-אויסגעשליפענע ארבעט הייבט זיך אָן מיט אן אנאלאָגיע צווישן מענדעלען און רעמבראנדטן.

„קונסט-קריטיקער האָבן זיך אָפט געמאטערט די קעפּ: פון וועלכן פּונקט ווארפט אייגנטלעך רעמבראנדט די שײַן אַף זײַנע בילדער: פון אויבן, פון פאָרנט, פון רעכטס, פון לינקס, צי פון דער זײַט... עפּעס האָבן זיי דאָ אין דער ריכטונג פון דער שײַן ניט געזען קיין אויסגעהאלטנקײט. זיי האָבן ניט געוווּסט, אז זײַן שײַן, זײַן ליכט גייט פון זײַן הארצן, פון זײַן ליבע צום געפּלאָגטן מענטש, וואָס באקומט שטארק צו פילן דאָס לעבן".

די אנאלאָגיע מיט רעמבראנדטן איז א גלענצנדע עקספּאָזיציע, וואָס ווינער האָט אויסגעקליבן, קעדיי דערזען דעם פּונקט, פון וועלכן מענדעלע האָט געוואָרפן די שײַן אַף זײַנע בילדער פון ייִדישן לעבן.

אין וואָס זשע באשטייט די העל- און טונקלמאניר בא רעמבראנדטן?

„זײַן ליכט — דאָס איז גאָלד צעשמאָלצן דורך ליבע און דורך קענטעניש פון לעבן. דער שאָטן, די טונקלקײט, וואָס ער מאָלט, איז ניט סטאם פּוסטע פינצטערניש, נאָר קאָנצענטרירטע געדיכטקײט פון לעבן, אַף וועלכער דער העלער, ווארעמער פאָדערגרונט מיט זײַנע באלויכטענע געשטאלטן גיט בלויז אן אָנצוהערעניש".

אָט אזוי אויך בא מענדעלען.

„מענדעלע ווארפט א בונט גאָלדענע ליכטשטראלן אַף די פיגורן אינעם פאָדערגרונט און באלײַכט זיי — אלס רעמעז און אָנצוהערעניש אָפן ניט-באלויכטענעם הינטערגרונט".

אין פלוג, דאכט זיך, האנדלט זיך דאָ וועגן א דעטאל פון מענדעלעס סטיל. נאָר א מערקווירדיקע זאך: ווי נאָר ווינער נעמט ריידן וועגן דער דאָזיקער דעטאל, אזוי אנטפּלעקט זיך פאר אונדז גאנץ מענדעלע אין זײַן נאָענטקײט צו רעמבראנדטס „גאָלדענער ליכט".

אין דער ארבעט „מענדעלעס סטיל" האָט ווינער אָפן סמך פון אן אנאליז פון „פישקע דער קרומער" געפּרוּווט „ארויסבאקומען" די אייגנארטיקע גרונטשטריכן פון מענדעלעס קינסטלערישן סטיל.

ווינער דערקלײַבט זיך צו די וואָרצלען פון מענדעלעס שפּראך, פילט איר אינווייניקסטע מוזיקאלישע הארמאָניע, איר טיפן אינערלעכן ריטם, אירע רײַכע פארשיידנארטיקסטע אינטאָנאציעס — דערקלײַבט זיך צו דעם „געוויסן עפּעס, וואָס איז כאראקטעריסטיש נאָר פארן מײַסטער, און קיין שום פעלשער קאָן עס ניט נאָכמאכן, וויפל ער זאָל זיך ניט באמיִען". ער נעמט די באשטאנדטיילן פונעם שפּראך-סטיל אין זייער קינסטלערישן געשמעלץ, זעט די „כימישע ענדערונגען אינעם מאָל-מאטעריאל".

„סאטירע גיסט זיך אין זײַן (מענדעלעס — מ. נ.) סטיל צונויף מיט ליריזם, וויציקער הומאָר — מיט טראגישן באוווּסטזײַן, א ניכטערער רעאליסטישער גאנג — מיט אויסטערלישע אײַנפאלן, געמיטלעכקײט אין דער קליינמאָלערײַ — מיט גראָטעסקישער היפּערבאָליק, א פּאָעטיש וועלטגעפיל — מיט וואָכנדיקער שטייגערישקײט".

ווינער ציטירט וווּנדערלעכע שטיקער פון מענדעלעס פּייזאזש-מאָלערײַ. צו זיי גיט ער קורצע קאָמענטארן. בעקיוון קורצע, קעדיי ניט פארשטעלן מענדעלעס נאטור-בילד, וואָס רעדט אן און פאר זיך. נאָר מיט זײַנע שטימונגספולע קאָמענטארן נעמט ער ווי ארײַן מענדעלעס נאטור-בילד אין א זון-רעמל, ווארפט אַף דעם א העלע שײַן. איר פילט דעם פאָרשערס אומיטלבארע עמפינדונג, זײַן טיפע באאָבאכטונג-פײַנקײט.

באדײַטונגספול זײַנען ווינערס קאָמענטארן צו די כאראקטערן און פּאָרטרעטן פון „פישקע". וועגן דעם עפּיזאָד, ווי די מוטער ווארפט אוועק אַף גאָטס באראָט איר קינד, דאָס האָרבאטע מיידל ביילע, זאָגט ווינער: „דאָ איז פאראן אזא גרויסער עמעס, ווי אין די גרויסע, שטארקע פאָלקסלידער, אין וועלכע ס'איז אנטהאלטן עפּעס א שרעקלעכער סאָד פונעם לעבן, פונעם לעבן אין דער פארקריפּלטער געזעלשאפט".

די שילדערונג פונעם פּאקנטרעגער מענדעלע דערוועקט אין אים דעם געדאנק: „טעוויע איז א גענִאלע וואריִאציע פון דער מענדעלע-געשטאלט".

ער גראָבט אין דעם „זיידנס" שאפן א פּלאסט נאָך א פּלאסט, ווי מע גראָבט אן ארטעזיִאנישן ברונעם, קעדיי זיך דערשלאָגן צום קוואל, „ביז טיף אינווייניק".

„פארוואָס איז מענדעלע א גרויסער קינסטלער? ווײַל ער האָט זיך דערקליבן צום טאָך, צום וויכטיקסטן אינעם לעבן פון זײַן פאָלק, וואָס ער האָט געשילדערט. פארוואָס איז אים געלונגען דערגיין ביז צום טאָך, צו פּאקן דאָס איקער-פינטעלע פון דער ייִדישער ווירקלעכקײט אין זײַן צײַט? דערפאר, ווײַל ער איז געפירט געוואָרן פון אזעלכע געפילן און מאָטיוון, וואָס מיט זייער

הילף קאָן מען אמבעסטן ארײַנדרינגען ביז טיף אינווייניק אין די געדיכטענישן פון לעבן״.

דאָס איז איינער פון ווינערס סאכאקל-געדאנקען וועגן מענדעלען. עס זעט אויס אזוי, פּונקט ווי ער וואָלט זיך אליין „ביז טיף אינווייניק״ א טוק געטאָן אין מענדעלעס שאפן און, דערקלײַבנדיק זיך צום „טאָך״, צום „איקער-פּינטעלע״, ארויסגעשווומען מיט אָט דעם דורכזיכטיקן סאכאקל-געדאנק.

פאר אקסענפעלדן האָט ווינער געהאט ליטעראטור-היסטאָרישע אכטונג; פאר מענדעלען, כוץ גרויסער אכטונג, אויך גרענעצלאָזע ליבע.

מע קאָן פרעגן: וואָס איז דער כידעש, וואָס ווינער האָט ארײַנגעלייגט אזויפיל ליבע אין זײַן ארבעט וועגן מענדעלען? אקסענפעלד און מענדעלע זײַנען פארשיידענע גרייסן. די טעמע „מענדעלע״ האָט אים, פּארשטייט זיך, געקאָנט מער באגײַסטערן.

ס׳איז אָבער באוווסט, אז א סאך בירגערלעכע שרײַבער און קריטיקער, אָפּגערעדט פון קליינשטעטלדיקע ייִדישיסטישע פּײַנשמעקערס, האָבן צו מענדעלען געהאט ווייניק סימפּאטיע. ס׳איז דערגאנגען אזוי ווײַט, אז דער אפּאָלאָגעט פון בורזשואזן קלעריקאליזם הילעל צייטלין האָט מענדעלען געהאלטן... פאר אן אנטיסעמיט!..

אין ווינערס ווערק וועגן מענדעלען האָבן מיר דערזען, אז דער פאָרשער קאָן אין זײַן ארבעט ארײַנהויכן די ווארעמקײַט פונעם אייגענעם אָטעם. ערשט דעמאָלט באקומט זײַן מי די פולע שליימעס, פּונקט ווי באם אײדעלן הוטעמײַסטער, וואָס פורעמט מיט זײַן אָטעם דאָס וווּנדער-ווערק פון לויטערן קרישטאָל...

4

צוויי פארדריסלעכע מיספארשטייענישן זײַנען פאראן אין דער אָפּשאצונג פון מענדעלעס שאפן — איינע וועגן זײַן פּאָזיטיווער פּראָגראם אין די 60-ער און 70-ער יאָרן, און די צווייטע — וועגן טאָך פון זײַן שאפן זינט די 80-ער יאָרן.

ס׳איז א מיספארשטייעניש, אויב מע מיינט, אז מענדעלעס פּאָזיטיווע פּראָגראם ליגט אויסער די ראמען פון זײַן קריטיק פון דער געזעלשאפט און דריקט זיך בלויז אויס אין געציילטע נאִיווע מאסקילישע רעפאָרם-פּאָרשלאָגן פון בילדונג, אופקלערונג און „אייראָפּעִישקײַט״. צי דארף מען ניט זוכן דעריקער די פּאָזיטיווע פּאָרשלאָגן גופע אין מענדעלעס קריטיק פון דער געזעלשאפט? צי לאָזט זיך ניט פעסטשטעלן אויך דאָס טיף פּראָגראמאטישע אין זײַן „ניט דאָס בין איך אויסן?״

אף אָט די פראגן האָט ווינער געענטפערט זייער איבערצײַגעוודיק:

„דער פּראָטעסט קעגן די געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן, וואָס איז געווען אין זײַנע בילדער, דער אויספיר, וואָס בעט זיך, אז מע זאָל דאָ מאכן, איז אָן אן ערעך שארפער, ווי ס׳וואָלט געפאסט פאר דער טעאָרעטישער פּראָגראם, וואָס ער האָט אָפּט אונטערגעוואָרפן״.

די צווייטע מיספארשטייעניש שפּיגלט זיך אָפּ אין דער מיינונג, אז מענדעלעס שאפן אינעם לעצטן פּעריאָד גייט קלוימערשט דורכויס אונטערן צייכן פון א געענדערטער אידעאָלאָגיע, אז מענדעלע איז קלוימערשט אָפּגעטראָטן פון זײַן פריִערדיקער טראדיציע. ווינער האָט געוואָרנט קעגן אזא פארשטעלונג, כאָטש אין זײַן אייגענער אָפּשאצונג פון מענדעלעס שאפן זינט די 80-ער יאָרן איז ער אליין גענוג ווידערשפּרעכלעך.

ווען די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור-פאָרשונג וועט צוטרעטן צו א מער ברייטערער פאנאנדערארבעטונג פון מענדעלעס שאפן פון זײַן לעצטן פּעריאָד, וועט זי ניט נאָר נעמען בא ווינערן ריכטיקע אויסגאנג-פּונקטן, זי וועט אויך מוזן אומפארמײַדלעך ארײַנטרעטן מיט אים אין א געוויסער פּאָלעמיק.

ווינער איז געניגט צו באטראכטן אלס „אייגנארטיקע אומקאָנסעקווענץ״ מענדעלעס פּייִקײַט צו אנטוויקלען טעמעס און בילדער, וואָס זײַנען אין א פריִערדיקן פּעריאָד און לויט א פריִערדיקער אײַנשטעלונג פארטראכט געוואָרן, ניט געקוקט אף דער „געענדערטער וועלט-אָנשויונג״. ניין, אן „אייגנארטיקע אומקאָנסעקווענץ״ איז געווען ניט אזוי בא מענדעלען, ווי בא זײַן פאָרשער, וואָס האָט דאָך ניט אלע מאָל געפונען דעם ריכטיקן צוזאמענהאנג צווישן „ייִדנס״ פריִערדיקן און שפּעטערדיקן שאפונגס-פּעריאָדן... די שפּעטערדיקע צעוויקלונג פון טעמעס און בילדער פון די 60-ער יאָרן איז ניט נאָר געווען באדינגט מיט מענדעלעס „פריִערדיקער אײַנשטעלונג״. דאָס איז אויך געווען זײַן אײַנשטעלונג פון די 80-ער יאָרן. (צי איז ביכלאל מעגלעך פאנאנדערוויקלען טעמעס מיט א „פריִערדיקער אײַנשטעלונג״, האָבנדיק שוין אן „אנדער אײַנשטעלונג״?)

ווינער רעכנט איבער די וויכטיקסטע פאָרם-עלעמענטן, וואָס זײַנען פארבונדן מיט מענדעלעס קריטיק און אפּאָלאָגיע, אײַנטיילנדיק זיי אין צוויי גרופּעס:

„1. געזעלשאפט-קריטיק: פּאמפלעטיק, סאטירע, פּאראָדיסטיק, „אָנראכמאָנעסדיקײַט״ אין דער דעטאלן-מאָלערײַ, לעבעדיקע, קראפטפולע פּאָלקסטימלעכקײַט (אויך דאָרט, ווו ער לאכט פון דער גוזמעדיקער רעדנסארטלעכקײַט); שטראָפנדיקע (קריטיקירנדיקע) רעזאָניאָרישקײַט, פּאטעטישער ליריזם, שטייגערישער עמעס (זאכלעכער שטייגער-רעאליזם), רעאליזם אין דער פאבול.

דער כאראקטעריסטישער הויפּט-שטריך פון דער דאָזיקער גרופּע פאָרם-אייגנשאפטן איז רעאליסטישע ניכטערקײַט.

2. געזעלשאפט-אפּאָלאָגיע: פּאָעטיזירטע אלעגאָריק, עפּיש-רויִקע „אָביעקטיווקײַט״, פּאָעטיזירנדיקע אידעאליזאציע, אידילישע זשאנער- און פּייזאזש-מאָלערײַ, „ייִדישלעכע״ סטיליזא-

ציע, באקלאָגנדיקע, וויינענדיקע רעזאָניאָרישקײַט, סענטימענטאלקײַט, שפאנענדיקײַט און „סענסאציאָנעלקײַט“ אין דער פאבול („אינטריגע“).

דער כאראקטעריסטישער הויפּט-שטריך פון דער דאָזיקער גרופּע פאָרם-אײַגנשאפטן איז „ראָמאנטישע ס ע נ ט י מ ע נ ט א ל י ש ק ײַ ט“.

כאָטש ווינער וואָרנט, אז „די קעגנשטעלונג איז א דורכויס באדינגלעכע“, דאָך דאכט זיך, אז דערמיט טרעט די סכעמע ניט אָפּ פון איר דאָגמאטישקײַט. זי איז ניט גאָר אויסגעהאלטן אפילע פון שטאנדפּונקט פון באדינגלעכקײַט.

ס׳איז שווער מאסקים צו זײַן מיטן טעזיס, אז מענדעלעס פּאָעטיזירטע אלעגאָריק און עפּישע מאָלערײַ געהערן צו די „שטערנדיקע פאָרם-עלעמענטן“ און זײַנען פארבונדן מיט זײַן געזעלשאפט-אפּאָלאָגיע.

די אלעגאָריק שטאמט ניט בא מענדעלען פון זײַן „הילפלאָזיקײַט“ און „פון יענע ווידערשפּרעכיקע מאָמענטן אין זײַן וועלט-אָנשויונג, וואָס שטערן אים צו גיין אין דער קריטיק ביז צום סאָף“. גיכער פארקערט — זי איז געווען אן אויסדרוק פון זײַן קריטישער שטעלונג צו דער געזעלשאפט, אָנגעהויבן פון א „מינדסט פּאָרעצל, פון א סאָטסקע, א קווארטאלנע אוכעדוימע ביז עפּעס העכער“. מענדעלע האָט, פארשטייט זיך, ניט געצילט אזוי ווײַט ווי סאלטיקאָוו-שטשעדרין, נאָר ס׳איז ביז גאָר כאראקטעריסטיש, וואָס מענדעלע רופט זיך איבער מיט סאלטיקאָוו-שטשעדרינען ניט בלויז אין זײַן סאטירע פון די 60-ער און 70-ער יאָרן, נאָר אויך אין זײַן אלעגאָריק פון די 80-ער יאָרן.

די קליאטשע האָט ארויסגערופן בא ווינערן א סאך אסאָציאציעס מיט מוסטערן פון דער וועלט-ליטעראטור. מע דארף אָבער אויך זען די אינערלעכע נאָענטקײַט, וואָס איז פאראן צווישן מענדעלעס קינסטלערישער אלעגאָריע „די קליאטשע“ — א סימבאָל פון דער סאָציאלער און נאציאָנאלער אונטערדריקונג פון די ייִדישע פאָלקס-מאסן אין צארישן רוסלאנד — און שטשעדרינס אלעגאָרישער דערציילונג «Коняга» — א סימבאָל פונעם אונטערדריקטן פּויערטום. זיי זײַנען שטארק נאָענט — מענדעלעס פאריאָגטע „קליאטשע“ און שטשעדרינס פארמוטשעטע „קאָניאגא“.

«Коняга лежит при дороге и тяжко дремлет... Коняга — обыкновенный мужичий живот, замученный, побитый, узкогрудый, с разбитыми ногами. Голову Коняга держит понуро, грива на шее у него свалялась; из глаз и ноздрей сочится слизь; верхняя губа отвисла, как блин...»

„די קליאטשע, נעבעך, איז געלעגן שטארק מיד אין דער בלאָטע. ווען זי זאָל ניט געווען מאכן מיט די זײַטן און סאָפּען, וואָלט מען זיכער געמיינט, אז דאָ ליגט א נעווײלע, אזוי דאר, אזוי מאָגער איז זי געווען, נאָר הויט און ביין... א העלדזעלע אן אויסגעדייווערטס, א גערגעלע מיט אויסגעשטארצעטן קנאָפּ, מיט פּייעס פארפּלאָנטערטע, קאָלטענעוואטע, אן אָפן מויל, מיט אן ארויפגעהאנגענער ליפּ“...

סײַ די „קליאטשע“, סײַ דאָס „פערדל“ שיידן זיך אין זייער לאגע אונטער פון אנדערע „איידעלע“ פערד, פון פערד מיט א „ייִכעס-בריוו“.

«Дремлет Коняга, а мимо него Пустоплясы проходят. Никто, с первого взгляда, не скажет, что Коняга и Пустопляс — одного отца дети... Пустопляса в теплое стойло поставили, соломки мяконькой постелили, медовой сытой напоили и пшена ему в ясли засыпали; а Конягу привели в хлев и бросили охапку прелой соломы: хлопай зуба́ми, Коняга! А пить — вон из той лужи.»

און פּונקט ווי מענדעלע זאָל טראכטן וועגן זעלבן:

„דען איר מוזט וויסן, אז בא פערד שפּילט ייִכעס א גרויסע ראָליע, בא זיי קוקט מען שטארק אָף איידל בלוט, און די, וואָס פון א גוטן זאוואָד, הייסן איידל אָדער וווילגעבוירענע. די דאָזיקע איידעלע פערד האָבן זיך געפּיטערט פראנק-און-פרײַ, זײַנען אויך געגאנגען אין שאָדן, קאליע געמאכט די טוועס, וועלכע אָרעמע פּויערים האָבן געזייט מיט שווייס...

אז אָך און וויי איז דעם פערדל... שלעפּן שלעפּט עס זיך שטענדיק ארום און האָרעוועט עפּשער נאָך מער פון יענע, וואָס פירן טײַערע סכוירע, און עסן, אָבער, עסט עס, נעבעך, מאקעם“...

סאלטיקאָוו-שטשעדרין האָט זײַן «Коняга» צום ערשטן מאָל פארעפנטלעכט אין «Русские ведомости» אין 1885 יאָר. מענדעלע האָט אָנגעשריבן די „קליאטשע“ אין יאָר 1873. דאָ האָבן מיר א קאָנקרעטן בײַשפּיל פון געשטאלטן-ענלעכקײַט, וואָס איז געקומען ניט דורך אומיטלבארער באווירקונג, נאָר אדאנק דער אידייִש-קינסטלערישער נאָענטקײַט פון צוויי שרײַבער.

ס׳איז ניט ריכטיק, אז אין זײַן לעצטן פעריאָד ברענגט מענדעלע „ניט ארײַן קיין אינהאלטלעכע נײַע שטריכן אין זײַן שאפן“. אין דער „קליאטשע“ האָט ער איבערגעשאצט די טראדיציאָנעלע פּראָגראם פון דער האסקאָלע. וויאזוי קאָן מען ריידן מיטן פאָלק וועגן בילדונג, אז ס׳איז הונגעריק און פארשמאכט? „קיין טאנץ גייט ניט פארן עסן“ — אזא ענטפער באקומט דער קראנק-צעטומלטער מאסקיל ייִסראָליק, ווען ער קומט צו דער קליאטשע מיט א שמועס „מיקוייעד בילדונג — האסקאָלע“. די קליאטשע וויל ניט הערן פון קיין בורזשואז-מאסקילישער פילאנטראָפּיע. זי וויל ניט, מע זאָל אָף איר ראכמאָנעס האָבן, זי פאָדערט רעכט אָף א מענטשלעך לעבן: „איך בין גלײַך מיט אלע — זאָגט מיט רעכט דאָס דאָזיקע באשעפעניש — פלייש און בלוט זײַנען מיר אלע, אונדזערע באדערפענישן זײַנען גלײַך און איין רעכט אָף צו לעבן האָבן מיר אלע“. אין דער „קליאטשע“ קומט צום אויסדרוק די סאמע

ערשטע פאָדערונג פון די פאָלקס-מאסן — די
פאָדערונג פון פּאָליטישער גלײַכבארעכטיקונג.

ביטערע ווערטער זאָגט מענדעלע אין דער
„קליאטשע“ וועגן דער בורזשואזער „ציוויל-
זאציע“.

„קוק אצינד, וועסטו זען קוימענס. דאָס רײַ-
כערן דאָרט גרויסע, הויכע קוימענס פון טויזנ-
טערליי פאבריקעס: פאבריקעס פון הארמאטן,
ביקסן און קאָלאָמינע אנדערע קלייזײַען אַף צו
מאכן דעם טויט; פאבריקעס מער, ווי מע בא-
דאַרף, אַף צו פעלשן אין לעבן, און אויך פאברי-
קעס אזוינע, אַף צו מאכן שמאָכטעס, וואָס עפּעס
ניט אזוי שטארק נייטיק אין לעבן ארײַן, פא-
בריקעס צו דרוקן און פארשפּרייטן אין דער
וועלט גיך און געשווינד זייער פיל נארישקײַטן;
— ליגנס, רעכילעס, בילבולים, וואָס נישט גע-
שטויגן און ניט געפלויגן, סינע, קינע, נאָד און
נאָך אזעלכע מינע זאכענישן און אלדאָס בייזע
איינע אנטקעגן די אנדערע... קורץ און גוט —
דאָס איז דער רויך פון דער ציוויליזאציע...“

מענדעלעס ווערטער וועגן „רויך פון ציוויל-
זאציע“ אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט
האָבן פארהיט זייער אופרײַס-קראפט ביז צו
אונדזערע טעג. דער גרויסער פאָלקס-שרײַבער
האָט געגלייבט, אז צו די לײַדן פון פאָלק וועט
קומען א סאָף, ווען „נאָר עמעס און גערעכטי-
קײַט אליין וועלן הערשן אַף דער וועלט“.

צום נײַעם, וואָס מענדעלע האָט ארײַנגע-
בראכט אין זײַן סטיל-פארמעגן זינט די 80-ער
יאָרן, געהערט די עפּיק. מיט איר ווערט צע-
שטערט די מיינונג, אז דאָרט, ווו מענדעלע
האָט ניט געהאט וואָס צו קריטיקירן, האָט ער
אויך ניט געהאט וואָס צו שרײַבן.

אין זײַן „שלוימע רעב כאַימס“ דערציילט
מענדעלע, ווי באם האָרעפּאשנעם פאָלק ווערט
געשאפן פאָלקס-קונסט — די מײַסע, די פאָלקס-
ליד, „די שארפע ווערטלעך און שפּיציקע שטעכ-
ווערטלעך“. פון דער דאָזיקער פאָלקס-שאפונג
האָט מענדעלע געשעפּט גאנצע אויצרעס סײַ פאר
זײַן סאטירע, סײַ פאר זײַן עפּיק. ער דערציילט,
ווי שלוימעלע האָט זיך פארבונדן מיט דער האָ-
רעפּאשנער סוויווע, ווי אײַזיק דער שמיד און
הערצל קיילעס דער סטאָליער האָבן געווירקט אַף
שלוימעלעס אנטוויקלונג, ווי זיי האָבן דערהאלטן
אין אים דאָס „יונגע פײַערל“. דאָס דערציילט ער
וועגן זיך אליין, ווי ער האָט, זינט דער פריִער
יוגנט זײַנער, זיך פארבונדן מיט די שעפערישע
קויכעס פונעם פאָלק. די דאָזיקע טיפע פארבינ-
דונג האָט מענדעלע פארהיט ביז צום סאָף פון
זײַן לעבן.

עמעס, אין דער „קליאטשע“ לאָזן זיך הערן
איינצלנע נאציאָנאל-באגרענעצטע טענער. אין
„ווינטשפינגערל“ פילן זיך עלעמענטן פון אידעא-
ליזאציע פון אלטן יידישן שטייגער, אין „שלוי-
מע רעב כאַימס“ זײַנען פאראן פיל זײַטלעך פון
באלעבאטישן שניט. דאָס אפּאָלאָגעטישע טאָר
ניט פארווישט ווערן, נאָר דאָס דאַרף ניט שטערן
געבן די פארדינטע אָפּשאצונג פון מענדעלעס
שאפן זינט די 80-ער יאָרן, פּונקט ווי די „זמי-
רעס“ און די פּאָעמע „דאָס יידל“ האָבן ניט גע-
שטערט אָביעקטיוו אָפּשאצן זײַן שאפן אין די
60-ער און 70-ער יאָרן.

מיט 25 יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען אין
א ביבליאָגראפישן ארטיקל „דער זעקסטער מענ-
דעלע-באנד“ (וועגן דער וויסנשאפט-אויסגאבע
„שלוימע רעב כאַימס“) שרײַבן: „די יונגע סאָ-
וועטישע מענדעלע-פאָרשונג האָט מערער פאנאנ-
דערגעארבעט דאָס פריִקע שאפן מענדעלעס,
דעריקער די 60—70-ער יאָרן, וואָרעם די דאָ-
זיקע ערשטע פּעריאָדן פון מענדעלעס שאפן —
אמיינסטן סאָציאַל-פארשארפטע און פּראָגרעסי-
ווע — איז די בירגערלעכע קריטיק פארבײַגע-
גאנגען... אונדזער קריטיק שטעלט זיך אויך ניט
קיין אופגאבע פארטושירן דאָס פּאָזיטיווע, דאָס
געזונטע, וואָס איז דאָך פארבליבן בא מענדעלען
אין זײַן לעצטן פּעריאָד. באזונדערס וואָלט נײַ-
טיק געווען זיך אָפּשטעלן ברייטער אפן פּאָזי-
טיוון ווערט פון „שלוימע רעב כאַימס“ — איינס
פון די באדײַטנדיקסטע ווערק אין דער יידישער
ליטעראטור, וואָס ווערט איצט נאָכאמאָל אונ-
טערגעטראָגן דעם סאָוועטישן לייענער“.

— ניט נאָר „שלוימע רעב כאַימס“, — האָט
געזאָגט ווינער, איבערלייענענדיק דאָס דאָזיקע
ארטיקל, — אויך „די קליאטשע“, אויך „דאָס
„ווינטשפינגערל“ וואַרטן נאָך אַף זייער אלזײַ-
טיקער אָפּשאצונג.

* * *

וועגן זײַנע אייגענע ארבעטן האָט מייער ווי-
נער זיך אָפּגערופן באשיידן — „א שטיקל צו-
שטײַער“, „עטלעכע בוישטיינער“ פאר דער גע-
שיכטע פון דער יידישער ליטעראטור, וואָס דאַרף
ערשט אָנגעשריבן ווערן.

און ס'וואָלט צײַט געווען, האָט ער געהאלטן,
אז אונדזערע סאָוועטישע ליטעראטור-פאָרשער
זאָלן זיך קאָלעקטיוו נעמען צו דער דאָזי-
קער ארבעט.

אינעם קאָלעקטיוו, וואָס האָט זיך כאָף
דרײַסיקער יאָרן געגומען לויט זײַן איניציאַטיוו
צום שרײַבן די געשיכטע פון דער יידישער
ליטעראטור, האָבן זיך אויך באטייליקט א רײ
יונגע ליטעראטור-פאָרשער.

די ארבעט האָט זיך אָנגעהויבן גליקלעך,
אָבער גאָר אינגיכן זיך געמוזט איבעררײַסן —
ס'האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע.

ווינערס פונדאמענטאלע „בוישטיינער“ זײַנען
געבליבן אין די ניט דערבויטע ווענט פון אונדזער
ליטעראטור-געשיכטע.

...ס'האָבן שוין אַף דער סאָוועטישער ערד
געברענט די בליִענדיקע שטעט, וווּ-ניט-ווו האָבן
שוין געווילדעוועט די דײַטשישע ראָצכים, גע-
טריבן צו די טויט-גריבער פרויען, קינדער און
זקײנים.

מייער ווינער האָט געשריבן זײַן לעצט
ארטיקל:

„פאר יעדן מענטשן באזונדער איז איצט דער הייליקסטער כויוו צו דיסציפּלינירן די גאנצע ענערגיע אין זײַן אייגענער נעשאָמע, צונויפזאמלען דאָס בעסטע, דאָס איידלסטע, דערהייבנסטע אין זײַן געמיט, צונויפזאמלען עס, ווי אין א פויסט, צונויפזאמלען דאָס אין שטאנדהאפטיקן קאמפּס-מוט, אין מעסירעס-נעפעש... ניטאָ קיין שענערע זאך, ווי צו קעמפן פאר אונדזער פאָטערלאנד! ניטאָ קיין מער טײַערע זאך אף אוועקצוגעבן דערפאר דאָס לײַב-און-לעבן".

דאָס לעצטע מאָל האָבן מיר אים געזען ניט לאנג פאר זײַן פרײַוויליקן אוועקגיין אין „אָפּאָל-משעניע". אין יענע אומרויִקע טעג האָט ער אויסגעזען אזוי, ווי ער האָט טאקע געפאָדערט פון יעדן מענטשן: דאָס בעסטע, דאָס איידלסטע, דאָס דערהייבנסטע פון געמיט צונויפגעזאמלט, ווי אין א פויסט...

נאָכדעם האָט מען אונדז דערציילט, ווי ער האָט זיך געזעגנט מיט זײַן איין-און-איינציק קינד, ווי ער האָט עס לאנג געדריקט צום הארצן, דאָס שווארצכיינעוודיקע מיידעלע, צוזאָגנדיק, אז ער וועט זיך אינגיכן אומקערן און ברענגען א מאטאָנע — „א שיין רויט פענדעלע פון ניצאָכן"..

נאָר ווינער האָט זיך ניט אומגעקערט. ער איז אוועק באשיצן אונדזער פאָטערלאנד, פאר וועלכן ער האָט אָפּגעגעבן זײַן לײַב-און-לעבן.

.1961

יאנקעוו שטערנבערג

# אן אנהייב פון א שמועס וועגן ליטעראטור-קריטיק



יך וויל פון גאנצן הארצן באגריסן די „טריבונע פון שרייבער“, וואס מיר, יידיש-סאוועטישע שריפט-שטעלער, האבן באקומען אין זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד“. מיר דאכט זיך, אז דאס איז מיצאד דער רעדאקציע אין טאד גוט צוגעטראכט. די „טריבונע“ וועט אקטיוויזירן אונדזער גאנצן שרייבער-קאלעקטיוו אף ארויסצוזאגן זיך וועגן ליטעראטור-פראגן, וואס זיינען אונדז אלעמען אין א גלייכער מאס בעגייע. ארויסזאגן זיך עפנטלעך, ביקסאוו, שווארץ אף וויים, דאס הייסט, באגרינדעט, און ניט בלויז בעאלפע, אין היימישע קרייזלעך.

דאס דערשיינען פון אונדזער זשורנאל, אין וועלכן יעדער איינער פון אונדז דארף האבן די ברייטע מעגלעכקייט צו זיין פארגעשטעלט מיט זיינע ווערק, ווי אויך צו פראקלאמירן זיינע ליטעראַרישע אנשויונגען, אויב ער פארמאגט בעעמעס אזוינע, — ליקווידירט בעמיילע אלע פסעוודא-ליטעראַרישע שמועסן.

שרייבער זיינען בעטעווע איפערזיכטיק, ווי די טויבן, האט טשעכאוו אף זיין אײדעלער טשעכאָווישער שפראך זיך אויסגעדריקט. אבער ווען אט די אייפערזוכט ווערט קאנטראלירט פון אן אביעקטיווער, העכערער אינסטאנץ, גייט זי איבער אין דער קינע, וואס וועגן איר איז געזאגט געווארן: „קינאס סאפרים טארבע כאכמע“...

אזא אינסטאנץ איז בא אונדז היינט פאראנען. דאס איז אונדזער גייסטיק-אויסגעוואקסענער לייענער, פאר וועלכן מיר דארפן האלטן א שווערן עקזאמען — בארעכטיקן זיינע שטרענגע, הויך אידייִשע און קינסטלערישע פאדערונגען.

* * *

דעם עמעס גערעדט, האב איך געגארט דא, אף דעם ארט, זיך ארויסזאגן אומיטלבאר, אין דער פארם פון א שמועס אין א כאווערישער מעסובע וועגן אונדזער היינטיקער אנגרייפערישער, מיט רעכט פארגלייבטער אין זיך, דיכטונג. אבער מיין ארייַנפיר-ווארט, פון וועלכן איך האב זיך אויך ניט געקאנט אפזאגן, האט געביטן די טעמע — מיך אינערלעך איבערגעשלאסן אף די פראבלעמען פון אונדזער קריטיק, וועלכע איז בארופן, ווי איך בין זיכער, צו שפילן א באזונדער וויכטיקע ראליע אין דעם קעגנווארטיקן פעריאד, ווען די יידישע סאוועטישע ליטעראטור שטייט פאר אריבערטרעטן א נייע שוועל, ערעוו נעמען א נייעם באריער אפן וועג פון איר אנטוויקלונג. פאשעטער גערעדט, ווען אונדזער, שוין א פאר צענדליק יארן אזויגערופענער יינגערער שרייבער-דאר, ווערט, זאל מיר זיין דערלויבט צו זאגן, „בארמיצווע“, רייסט זיך אימפולסיוו צו זיין אייגענעם שטורעם-און-דראנג אין איינקלאנג מיט דער אלגעמיינער שעפערישער דערהייבונג פון אונדזער גאנצן סאוועטישן פאלק.

באוואפנט מיט מארקסיסטיש-לענינישן מעטאד און טיף-פרינציפיעל, דארף היינט אונדזער קריטיק אין דער ערשטער ריי אנצייכענען די קאנטורן פון דעם בוילעטן ווערטפולן נייעם, אונטערפירנדיק פאראלעל אן ערנסטן סאכאקל פון דעם, וואס עס איז שוין געווארן יערושע. זי דארף עס טאן ניט נאר ראציאנעל-אנאליטיש, נאר אויך עמאציאנעל-באפליגלט, וואס זאל זיין אין אוניסאן מיט דער באגייסטערונג, וואס באזעלט דעם גאנצן נייעם אטריאד בויערס פון דער היינטיקער יידישער סאוועטישער ליטעראטור. ווארעם אף וועמען נאך איז אזוי מוטל צו שאפן ארום אירע יונגע שעפערס די ביז גאר נייטיקע מאראלישע, אידייִשע און קינסטלערישע אטמאספער, אויב ניט אף דער אביעקטיווער קריטיק?

---

צו איינִיקע שטרייט-פראגן, וואס ווערן באהאנדלט אין י. שטערנבערגס ארטיקל, וועט די רעדאקציע זיך נאך אומקערן. רעד.

* * *

„אָביעקטיווע קריטיק"... וואָס בין איך אויסן מיט דעם צו זאָגן? קריטיק, וועט מען מיר מיסטאָם באַמערקן, דאַרף טאָמיד זײַן לויט איר מעהום אָביעקטיוו. יאָ, און אַלטער עמעס, קימאַט אַן אַקסיאָמע. מוז איך טאַקע דערפאַר קלאָרער אַרויסרײדן מײַן מײן.

איך בין הײַנט מוידע, אַז איך בין נישט טאָמיד געווען צופרידן מיט דעם, וואָס מע רופט אָן „פּראָפעסיאָנעלע קריטיק", וועלכער איך האָב אַנטקעגנגעשטעלט די קריטיק פון ניט געשווירענע קריטיקער, ד.ה. פון בעלעטריסטן און דיכטער, וואָס נעמען זיך אַליין אורטיילן וועגן ליטעראַטור. איך האָב אַפילע אין יענע יאָרן געגליבט, אַז די קינסטלער זײַנען עפּשער מער מסוגל אַרײַנצודרינגען אין דער מאַטעריע און אין גײַסט פון זייער קונסט. אַוואַדע האָבן מיר געוווּסט, אַז אַזוינע קריטיקער, ווי בעלינסקי, טשערנישעווסקי, לעסינג, סענט־בעוו, געאָרג בראַנדעס, אומאָפּהענגיק פון זייער מעטאָדן־פאַרשײדנקײט, בילדן יענעם אַוטאָריטעט, וואָס צווינגט דעם קינסטלער צו בייגן דעם קאָפּ פאַר זייער טיפן אַנאַליז און דערהייבענעם סינטעז. אָבער אין אַלגעמיין זײַנען מיר געווען אין א סאַך מעכולעק מיט דער הערשנדער געשווירענער קריטיק. האָט דאָך ניט דער אָפיציעלער קריטיקער דער ערשטער אַנטדעקט דאָוויד בערגעלסאָנען, ווי בערגעלסאָן אַליין האָט מיר אַמאָל וועגן דעם געזאָגט; האָט דאָך די אָפיציעלע קריטיק לאַנגע יאָרן ניט געזען אין אַלע אירע אויסמעסטונגען אַזאַ גרויסע פּאָעטישע פיגור, ווי מוישע־לייב האַלפּערן. די כאַווײרים פּאָעטן און די לייענערס אַליין האָבן זיך די ערשטע אָפּגערופן אויף מוישע־לייבס זינגעוודיקער אַוטאָ־פּראָקלאַמירונג...

און דאָך בין איך אויף די עלטערע יאָרן געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז מע קאָן זיך ניט פאַרלאָזן אינגאַנצן אויף אָט דער, ניט בלויז אין איר פאָרם אימפּרעסיאָניסטישער, נאָר אויך אין איר טאָך אָרגאַניש־סוביעקטיווער קריטיק. געוויס זײַנען דאָ אויך גליקלעכע אויסנאַמען. אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז אַזאַ דערפרייענדיקער יויצע מין האַקלאַל געווען י.־ל. פּערעץ. עפּשער ווײַל ער איז ביכלאַל לויט זײַן נאַטור געווען אַן עקספּערימענטאַטאָר, א זוכער, און עפּשער האָט די מאַמע־ליבשאַפט, וועלכע ער האָט איבערגענומען בײַ זײַן צאַרטן פרײַנט יאַנקעוו דינעזאָן, נעגעבן אים אין האַנט אַרײַן דעם גאָלדענעם שליסל צו אַלע שעפערישע ליטעראַרישע קויכעס, וואָס האָבן זיך פאַר זײַנע אויגן צעבליט. אין זיי האָט אים גראָד געלאָקט דאָס, וואָס האָט זיי פאַנאַנדערגעטיילט און — מיר שטרײַכן עס אונטער — וואָס איז אויך נישט געווען ענלעך אויף אים גופע. ווײַל דער קינסטלערישער סטיל, דער אייגענער וועלט־אופנעם, איז דאָך אָפּט דער עווען־נעגעף פאַרן קינסטלער, ווען ער ווערט א קריטיקער.

און דאָס איז אָפּט א מיכשל אויך פאַר גאָר גרויסע קינסטלערישע פּערזענלעכקײטן. האָט דאָך אַזאַ גאָדל, ווי טאָלסטאָי, אונטערגעשטראָכן בײַ זײַן פרײַנט טורגעניעוו, וועלכן ער האָט געאַכטעט און ליב געהאַט, ניט געקוקט אויף זייערע פּעריאָדישע קאָנפליקטן, בלויז די „פאַרצייכענונגען פון א יעגער" פּליוס נאָך זײַנע פּייזאַזשן; בײַ דאָסטאָיעווסקין — די „פּאַרצייכענונגען פונעם טויטן הויז", און ניט געזען דאָס, וואָס פיל קלענערע פון אים זעען: דאָס שעקספּיריש־דיכטערישע, וואָס עקספּלאָדירט אין אים, ווען ער הייבט זיך אויף איבער זײַן, דאָסטאָיעווסקיש, אָפּגרונט... טאָלסטאָיס העפּטיק אָפּוואַרפן שעקספּירן גופע איז דאָך שוין געוואָרן א שעמדאַוואָר, און די סאָוועטישע רוסישע ליטעראַטורפאָרשונג האָט ניט ווייניק געשריבן וועגן דעם, באַמיִענדיק זיך צו דערקלערן אָט די גרויסע טאָלסטאָי־שעקספּיר־פּלוגטע, אָדער „מיספאַרשטייעניש".

ווען מע פאַרטראַכט זיך איבער דעם, ווי די סוביעקטיווע קריטיק, אַפילע פון גאָר גרויסע קינסטלער, איז ניט בלויז א סאַך מאָל זיך גראַנדיעז טויע, נאָר ווי זי קאָן זיך אויסווירקן אויף די לעבעדיקע מיטצײַטלער, אין וועלכע זי צילט, — קומט אָפּן זינען די באַציִונג פון טאָלסטאָיען צו מאַקסים גאָרקין, אין וועלכן ער האָט אַקשאָנעמדיק אָנערקענט בלויז די אימפּאָנירנדיקע אים גאָרקישע פּערזענלעכקײט — דעם „מוזשיק", וואָס איז געווען טאָלסטאָיס העכסטער קריטעריום.

און ווער ווייסט נישט בײַ אונדז טאָלסטאָיס באַציִונג צו אַזאַ דיכטער, ווי נעקראַסאָוו, אין וועלכן ער האָט גרויס געאַכטעט נאָר דעם מענטשן. דערלעבן מיר זיך מאַמעש א גרויסע סאַטיספּאַקציע, ווען מיר טרעפן אין זײַנע טאָגביכער, אַז... בעלינסקי האָט אים זייער א סאַך אויסגעטײַטשט אין פּושקינען. דאָס שטערט אים אָבער נישט אויך ווײַטער צו „קעמפן" מיט פּושקינען, דערבײַ ווייִנען מערערע מאָל בײַם לייענען פּעטס לידער, און אין זײַנע „אָטמעטקעס", וואָס ער שטעלט די רוסישע פּאָעטן, אָנרופן טיוטשעוון אַלס דעם ערשטן גרויסן רוסישן דיכטער, לערמאָנטאָוון אַלס דעם צווייטן, און דעם דריטן... פּושקינען. עס איז דאָ א ביז גאָר רירנדע פאַרצייכענונג אין די זעלבע טאָגביכער טאָלסטאָיס: «Без Тютчева нельзя жить», וואָס איז די טײַטש: אָן טיוטשעוון איז אומעגלעך צו לעבן... געוויס פּאַלט עס צוזאַמען מיט די אידייען און שטימונגען, וועלכע האָבן אין יענעם פּעריאָד באַהערשט טאָלסטאָיען, און געוויס איז טיוטשעוו אויך געווען איינער פון די גרעסטע לירוקער. אָבער דער פּושקינישער דיאַפּאַזאָן, שוין אָפּגערעדט פון זײַן אָפּטימיסטישער וועלט־אַנשויונג, זײַן ברייטער הייקעף־פאַרנעם, פילפּלאַנעדיקײט, זײַן ברעכן דעם געדער פון יעכידיש־לירישן „איך", זײַן היסטאָריזם, אוניווערסאַלישקײט און אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַלע פאָרם, זײַן פאָלקישקײט

אין העכסטן זין פון וואָרט, בירגערלעכקײַט, גע-
ניאַלע פּאַשטעם באַ זײַן גאַנצער אינערלעכער
קאָמפּליצירטקײַט, דאָס האַראַנישע און אָווידישע
אין אים, זײַן גרויס באַרויִקנדיק ליכט פון כאָב-
מע, און, ענדלעך, — זײַן מאָצאַרטישע צויבער,
גראַציִע און מוזיקאַלישקײַט; אַט דאָס און גע-
ווים נאָך און נאָך, וואָס אינײנעם גענומען, האָט,
אַפּאָנעם, ביאַליקן געבראַכט צו זײַן גערינישער
פאָרמולירונג: „פון אַלע וועלט-טיטאַנען אין דער
דיכטונג בלײַבט פּושקין דער אײביק-מאָדער-
נער“ (זע „ביאַליק יום-יום“), — איז אַף אַ פּאַ-
ראַדאָקסאַלן אויפן געבליבן פון טאָלסטאָיען ניט
ריכטיק אָפּגעשאַצט; פון טאָלסטאָיען — ניט
בלויז דעם געניאַלן קינסטלער, נאָר אויך געניאַלן
פּאָעט אין זײַן פּראָזע!..

בעלי שם ספק איז טאָלסטאָי אַזאַ קאָלאָ-
סאַלע און קאָמפּליצירטע דערשײַנונג, וואָס אין
לענין, דער קריטיקער-פילאָסאָף פון דער קאַטע-
גאָריע מאַרקס—ענגעלס, האָט אונדז נעקאָנט
אויפדעקן דעם סמיכעס-האַפּאַרשעס פון זײַנע
ווידערשפּרוכן און ווײַזן אונדז זייער אין
טאָך לאָגישע אײנהײַטלעכקײַט. ראָמען ראָלאַנען,
דאַקעגן, אַזאַ גרויסן פאַרערער פון טאָלסטאָיען,
איז נאָר געבליבן צו קאַעסן זיך, ווען ער רעדט
וועגן טאָלסטאָיס באַציִונג צו שעקספּירן און צו
אַנדערע גרויסע זײַלן פון ליטעראַטור און קונסט.
מע קאָן אָבער נישט אָן האַרצקלאַפּעניש לייענען
טאָלסטאָיען אויך דעמלט, ווען ער צעשמעטערט
אונדזערע גרעסטע אווטאָריטעטן און פאַרמעסט
זיך אויסרײַסן מיטן וואָרצל אונדזערע פעסט-
אײַנגעפונדעוועטע באַגריפן, ווײַל זײַנע טאָג-
ביכער ביכלאַל ווירקן אויך אַזוי מיטרײַסנדיק
און דערשיטערנדיק, ווי זײַנע בעסטע קינסטלע-
רישע ווערק קימאַט. און דאָך באַקומט זיך, אַז
אַ היפּשער טייל פון טאָלסטאָיס אַרויסזאָגונגען
וועגן ליטעראַטור און קונסט בלײַבט זייער באַ-
לערנדיק נאָר אַף וויפל זיי כאַראַקטעריזירן אים
אַליין אַלס קינסטלער און דענקער מיט אַלע זײַ-
נע סטירעס. לערנען מיר דערפון אָפּ, אַז באַ לי-
טעראַטן און קינסטלער סטאַם, וואָס עס פעלט
זיי טאָלסטאָיס גרויסע מאָראַל, לײַדנשאַפט און
אידיייִשקײַט, איז זייער מעווינעס אַל-אַכאַס-קאַ-
מע-וועקאַמע פרעמד די געזעצמעסיקײַט פון
וויסנשאַפט, פון אָביעקטיוו דענקען.

יאָ, מיר ווייסן, אַז דער גרויסער קינסטלער
מאַקסים גאָרקי איז אײנצײַטיק אויך געווען דער
גרויסער קריטיקער פון דער גאַנצער, קאָן מען
זאָגן, פילשפּראַכיקער סאָוועטישער ליטעראַטור
— איר ברייט אויג, וואָס זעט, און אָפענער
אויער, וואָס הערט. אָבער גאָרקי איז דאָך צווישן
קינסטלער אַן אויסטערלישע אויסנאַם-דערשײַ-
נונג אין דעם פּראַט.

אַט פונוואַנען, צווישן אַנדערן, עס שטאַמט
מײַן הײַנטיקע אַנטוישונג אין דער ספּעציפישער
סוביעקטיווער קריטיק, וואָס באַ אַלע אירע
אייגנטימלעכע מײַלעס, ווי אינטויִטיוו דערגראָבן
זיך צום אינערלעכן מעהוס פונעם קינסטלער,
קאָן מען דאָך ניט, ווי בריוסאָוו זאָגט ריכטיק,
אָנעמען זי פאַר קריטיק, געמיינט וויסנשאַפטלע-
כער קריטיק: „אָנשרײַבן וועגן אַ ווערק עטלע-
כע לירישע זײַטן, דאָס איז, מעגלעך, אַ ציל, וואָס
פאַרשאַפט קאָוועד יעדן עכטן קינסטלער, נאָר
איך וואָלט פאָרגעשלאָגן דאָס ניט אָנרופן קרי-
טיק“.

* * *

איך בין ניט קיין קריטיקער פון באַרוף,
אָבער ווי אַזעלכער, וואָס עס איז אים פּערזאָדיש
אויסגעקומען צו שרײַבן אויך ליטעראַטור-קרי-
טיק, — זאָל זײַן, אָפּטער אַ ליריש-סוביעקטי-
ווע — און ווי אַ שרײַבער סטאַם, וועל איך מיר
דערלויבן אופצוהייבן אײניקע פראַגן, וואָס
שטייען הײַנט, ווי איך מיין, פאַר אונדזערע קרי-
טיקער, בײַם זיי שפּאַנען זיך איצט אײַן פונדאָס-
נײַ אין זייער בעעמעס שווערער אַרבעט.

מיר ווייסן אַלע די טרויעריקע פּאָלגן פונעם
פּערזאָנען-קולט אויך אַפן געביט פון ליטעראַטור
און קונסט. דער היסטאָרישער XX פּאַרטיי-צו-
זאַמענפאָר האָט אַף אַלץ, אַף וואָס ס'האָט ראַ-
דירט די אויבנדערמאָנטע אומנאָרמאַלע דערשײַ-
נונג, געשטעלט דעם געהעריקן טראָפּ. ניט פאַר-
וואָסערנדיק ליבעראַליש די לענינישע אײַנ-
שטעלונג וועגן פּאַרטייִשקײַט פון דער ליטעראַ-
טור, איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן דער נייטיקער
אידעאָלאָגישער קאָרעקטיוו אויך אין דער סאָווע-
טישער ליטעראַטור-פאָרשונג. עס וואַרפט זיך
דערפאַר הײַנט טייקעף אין די אויגן דער שוין אַ
ביסל פאַרמאַבלדיקער אויסזען פון די יעניקע
קריטיקער, וועלכע נוצן נאָך לויט דער אינערץ
די אַלטע „שפּאַרגאַלקע“. די „מאַקל-כויוולים“-
קריטיק, אָדער, ווי זי ווערט באַ אונדז גערופן,
„די קריטיק מיט דער דובינקע“, איז פול-
שטענדיק קאָמפּראָמעטירט. מיט איר באַנוצן זיך
נאָך צומאָל אָדער פאַרסקלעראָזירטע קריטיקערס,
אָדער אויוועררבאָטלדיקע לינקאַטשעס. די הערשנ-
דע טענדענץ איז לעגאַמרע אַן אַנדערע: העלפן
דעם שרײַבער און דעם קינסטלער גויווער צו
זײַן זײַנע אידעאָלאָגישע פעלערן, געפינען זײַן
שעפערישן טיקן, נעמענדיק דערבײַ אין אכט די
אינדיווידועלע קינסטלערישע אָרגאַניק. דאָס
שטאַמט פונעם פעסטן גלויבן אין סאָוועטישן
פּאַטריאָטיזם פונעם סאָוועטישן בירגער. מיר
זײַנען דערפאַר הײַנט אָפּטע אײדעס פון שאַרפער
אידייִשער פּאָלעמיק וועגן אײנע און די זעלבע
ווערק און זייערע שאַפערס. דערפאַר איז גאַנץ
נאַטירלעך די פראַגע: ווי ווערט אויסזען אונדזער
קריטיק אַף די שפּאַלטן פון „סאָוועטיש היים-
לאַנד“? שוין די ערשטע „שוועלבעלעך“ — די
דערשינענע קריטישע אַרטיקלען — לאָזן אונדז
גלייבן, אַז אונדזערע קריטיקער, ווי אונדזערע
דיכטער און פּראָזאַיקער, זײַנען אויך ניט גע-
בליבן הינטערשטעליק און גייען אין שפּאַן מיט
אונדזער אַלגעמיינער געשעענישרײַכער אַנט-
וויקלונג.

ווען איך זאָג דאָס, איז ווײַט פון מיר, זעלבסט-
פאַרשטענדלעך, דער געדאַנק לײַכטזיניק איבער-

צושטרייַכן דאָס ווירקלעך שינויערעבדיקע און פאָרגעשריטן-וויכטיקע, וואָס די ייִדיש-סאָוועטישע ליטעראַטור-קריטיק האָט אופגעטאָן פאַר אַלע יאָרן פון איר ווירקן. מיר איז די טעג, אדאַנק א געבענטשטן צופאַל, וואָלט איך געזאָגט, אַרייַנגעפאַלן אין די הענט מ. ליטוואקאָווס אַרטיקלען-זאַמלונג „אומרו" — הייַנט שוין א יעקאַר-האַמציִעס. איך האָב באַוווּנדערט בא אָט דעם קריטיקער ניט נאָר דעם באָקי און כאַריף צוזאַמען, זייַן גרויסע טיף-ייִדישע און אייראָפּעיִשע קולטור, זייַן אַנאַליטישע צעגלידערונגס-קראַפט, דיִאַלעקטיש דענקען און קעמפערישן טעמפעראַמענט, נאָר אויך זייַן הויך-קינסטלערישן סטיל, זייַן אין מאָד פאַרשטיין דעם סאַמע עצעם פון ליטעראַטור. וואָס פאַר א שעפע פון געדאַנקען, האָב איך מיר געזאָגט, גינסטיקע נאָד הייַנט פאַר אונדז!

ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש איז פאַר מ. ליטוואקאָוון, דעם קאַפּדן אין הילכעס-אידעאָלאָגיע, וואָס ער זוכט די קינסטלערישע נאַטור ניט בלויז באַם קינסטלער, נאָר אויך באַם... קריטיקער. זייַן בייזער קריג מיט ש. ניגערן איז אַוואַדע אין דער ערשטער ריי צוליב טיפע פּרינציפּיִעלע אידעאָלאָגישע מייַמים. דאָס איז דער קריג צווישן ערשטן ייִדישן מאַרקסיסטישן קריטיקער מיטן ערשטן ייִדישן אויסגעשפּראָכענעם בירגערלעך-עסטעטישן קריטיקער. ער, ניגער, איז אָבער פאַר ליטוואקאָוון ניט אָנעמבאַר, אויך ווייַל ער זעט אין אים „א ליטעראַריש-קריטישן כאַקרען" (זע „אומרו", ז. 59).

צי איז ניט די פּאַסיקע צייַט פאַר אונדזער קריטיק איבערצולייענען מיט פרישע אויגן די גרונטלייגערס פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור-פאָרשונג? און אז מיר האָבן זיך שוין צו דעם דערעדט, שווימט אייַנצייַטיק אויף די פראַגע, צי קאָנען מיר, פונדעסטוועגן, הייַנט באַנוגענען זיך בלויז מיט דעם, וואָס איז ביז אַהער געשריבן געוואָרן וועגן אונדזערע רישוינים, וועגן דעם ערשטן דאָר פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור?

איך פאַרשטיי זייער גוט, אז עס קומט „א באַזונדערע אופמערקזאַמקייַט דעם נייַעם דאָר שרייַבער, וואָס איז איצט טעטיק אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור", ווי מיר לייענען אין פאָרוואָרט פון דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד". און ניט בלויז ווייַל דאָס איז געבונדן מיט דער וויכטיקער פראַגע פון הייַנטצייַטיקייַט, נאָר ווייַל יעדער דאָר קינסטלער וויל און דאַרף זיך פּראָקלאַמירן, קומט מיט זייַן אייגענעם פּאַטאָס און פּאָדערט: דאַרשייני! און דאָך טרעפן מיר באַלד אין די ערשטע צוויי נומערן פונעם זשורנאַל אַרטיקלען וועגן אָשער שוואַרצמאַנען און וועגן דאָוויד בערגעלסאָנען. דאָס הייסט, אז פאַר דער קריטיק, ווי עס דענקט די רעדאַקציע, גילט ניט א שטרענג-אייַנגעפירטע אָרדענונג פון „מוקדעם און מעוכעד" — וואָס פריִער און וואָס שפּעטער. ווייַל ריידן וועגן די פאָרגענגערס — הייסט אויך ריידן וועגן זיך... מע האָט זיך פאַרמירט ניט פון „באָזשי דוך" און ניט אין וואַקוּום. און ציִען ווייַטער די גאָלדענע קייט פון דער אייגענער ליטעראַטור — הייסט ניט נ א כ א מ ו נ ג, נאָר ה ע מ ש ע ך. אַזוי גייט טאָמיד — בא די בעסערע פאַרשטייער — טראַדיציע און נאָוואַטאָרישקייַט צוזאַמען.

אופדעקן האַשפּאָע, באַווייַזן, וויִאַזוי זי ווערט פאַרוואַנדלט אין א נייַער קוואַליטעט אָדער אין לעגאַמרע אַנדערע עלעמענטן — איז די אופגאַבע פון דער קריטיק.

מיר זייַנען געוועזן איידעס אָט פון האָפּשטיינס, אָט פון מאַרקישעס, אָט פון קוויטקאָס, אָט פון פינינבערגס, פעפערס, כאַריקס, קושנידאָווס, קולבאַקס האַשפּאָע, פון וועלכער די יונגע דיכטער, ווערנדיק רייַף, האָבן זיך אָבער בעהאַדראָגעדיק באַפרייַט, בעסער געזאָגט, זיי האָבן זי געזונט אַסימילירט. פאַר די לעצטע יאָרן איז געווען אָנשוילעך-מערקבאַר ש. האַלקינס ווירקונג. באַם אָנהייב איז זי געווען בעפּיירעש א פּאָזיטיווע דערשייַנונג. ער האָט געהאָלפן זייַנע טאַלמידים אויסיידלען דאָס וואָרט, קולטיווירן אויך די אינטימע ליריק און די געדאַנקלעכע ליד. דאָס לעצטע האָט אַלס זשאַנער, געשיכטלעך-אָביעקטיוו גערעדט, פאַרפלאַנצט דער ערשטער אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע דאָוויד האָפשטיין. דאָס הייסט נישט, אז בא מאַרקישן, קוויטקאָן, פינינבערגן אאַ. האָט דער געדאַנקלעכער עלעמענט געפעלט. ניטאָ קיין עכטע דיכטונג אָן געדאַנק. אָבער איך שטרייַך אונטער: אַלס זשאַנער, אַלס פילאָסאָפישע מיניִאַטיור, ווי מע רופט עס הייַנט אָן בא אונדז. נאָר די האַלקינישע האַשפּאָע, לויט מייַן אייַנדרוק, האָט גראָד אויף די, וואָס האָבן זיך איר אַמערסטן איבערגעגעבן (און זי איז דערבייַ פון זיי ניט אַסימילירט געוואָרן אויף ניט צום דערקענען), אָנגעהויבן ווירקן אויך נעגאַטיוו אין א געוויסן זין. פאַרוואָס? ווייַל זי האָט געשאַפן עפּיגאָנישקייַט. אָנשטאָט געדאַנקלעכקייַט — אָפט אויך פרייַלעכע רעזאָגיאָרסטווע אפילע באַם זאָגן טרויעריקע זאַכן, ווי דאָס קומט, לעמאָשל, צום אויסדרוק אין רייצן זיך מיט דעם מאַלכאַמאָוועס, אז ער האָט נישט קיין טאַלמידים, ביים דער באַליבטער דיכטער, אַוועקגייענדיק פון דער וועלט, האָט יאָ געלאָזט נאָד זיך נאָכפאָלגער... אָט די מאָדנע כקירע באַגעגענען מיר אין א ליד פון אַזאַ דיכטערן, ווי ראָכל בוימוואָל, בא וועלכער, ווען זי בלייַבט געטרייַ זיך אַליין, טרעפן מיר א זאָג, וואָס מע קאָן פון אים האָבן האַנאָע.

עס איז א קלאַל: שפּעריש איבערנעמען איז אומבאַדינגט געבונדן מיטן טנייַ „וועלוי נוידאַקי באָ על קירבוי" — מע זעט ניט, וויִאַזוי מע האָט עס אין זיך אַרייַנגענומען, ווי עס ווערט דערציילט וועגן פּאַרעס זיבן מאָגערע קי, וועלכע האָבן אויף אַזאַ אופן אייַנגעשלונגען די זיבן פעטע...

איך האַלט דעריבער, אז די דיכטער, וועלכע קלאַמערן זיך וואַסאַליש אין דער האַלקינישער ווירקונג, ניט קענענדיק זי שעפעריש גויזוער זייַן

אין זיך, פארפלאכן דאָס האלקינישע, דאָס הייסט ברענגען שאָדן אזוי ארום ריקאָשעטיש אויך זייער איידעלן מוסטער — זייער לערער. די ליטעראַטור-געשיכטע ווייסט פון א סאך אזעלכע ביישפילן.

נאָך די פראגע פון געדאנקלעכקייט, פון פילאָסאָפיע אין דער פּאָעזיע, דארף ערשט ברייט און וויסנשאפטלעך געשטעלט ווערן פון דער קריטיק, וואָס דארף אויסשיילן אונדזער איצטיקן קלאָרן קוק אַף דעם זשאנער, ווייזן זיין עוואָלוציע בא אונדז, אָנהייבנדיק פון טיוטשעוון ביז היינט, ווען אין א פילאָסאָפיש ליד ווילן מיר אויך שוין זען, ווי עס קרייצט זיך איבער די יעכידישע און קלאל-דערפארונג, די דיכטונג און די וואָר און אפילע די דיכטונג און די וויסנשאפט. ציִענדיק די אויפמערקזאמקייט אַף אָט דער פּראָבלעם, וויל איך דערביי בלויז זאָגן, אז פילאָסאָפירונג (מיט וואָס מע זינדיקט היינט שוין עפּשער צופיל) איז נאָך ניט פילאָסאָפיע. איך אָנערקען, אז פּונקט ווי מע נעמט אָן די שפּיל פון נעשאָמע-שאטירונגען אין א ליריש ליד, קאָן מען אויך אָננעמען די שפּיל פון געדאנק-ניואנסן. דאָס טאָר אָבער ניט פארוואנדלט ווערן אין א דרייען זיך אין א פּוסטן קריין פון אבסטראקטער פּילפּוליסטיק. וואָרעם סתם פילאָסאָפירונג איז ענלעך אַף שטויסן וואסער אין א שטייסל... אויב די קליינע פילאָסאָפישע ליד טראָגט ניט אין זיך די קאָנקרעטקייט פון פּאָעטישן שארפזין צי פון דער היסטאָרישער דערפארונג, וואָס לעבט אינעם פאָלקס-דענקען, דארף זי האָבן אין זיך אנטפּלעקונג.

* * *

דאָס, וואָס איך שטעל זיך מער א ביסל אָפּ אַף דער געדאנקלעכער ליד, הייסט ניט, אז איך אונטערשאץ די ראָל פונעם בירגערלעכן מאָטיוו, וועלכער דארף ווערן בא יעדן פּאָעט, ווי בא מאיאקאָווסקין, אויך אינטימע ליריק; דאָס הייסט, פארשטייט זיך, אויך ניט, אז איך אונטערשאץ די ראָל פון דער פּאָליטישער ליד, פון וועלכער עס דארף צו אונדז דערגיין ניט בלויז דאָס טאָגטעגלעכע, נאָר אויך דער אָטעם פון דער עפּאָכע, די אונטערערדישע אָפּקלאנגען פון אונדזער גאנצן ערד-קיילעך, וואָס איז אין דער היינטיקער גרויסער צייט געוואָרן קימאט איין „אלקער" פאר דער מענטשהייט...

צי רייס איך זיך ניט ארייַן אין אַן אָפענער טיר, זאָגנדיק דאָס? צי דארף מען בא אונדז נאָך ריידן וועגן דעם? יאָ, מע דארף. ווייל מיר זיינען איידעס אויך פון א געוויסן, באוווסטזיניקן צי נישט באוווסטזיניקן, סנאָביזם, קאָן מען זאָגן, וועלכער דריקט זיך אויס אין א מין גלייבן, אז דיכטן אַף „העכערע" מאטעריעס איז טאָמיד מער גאראנטיע א קלעטער צו טאָן אַפן אָלימפּ, ווי דער סאָציאלער אָדער פּאָליטישער מאָטיוו. אזוינע איליוזיעס שאפט זיך אָפט אויך דער קינסטלער, וועלכער מאָלט בעקיוון בלויז פּיזאזשן און נאטיורמאָרטן, מיינענדיק, אז נאָר אזוי שטייט ער נענטער צו דער אבסאָליוטער קונסט. דערביי ווייסט מען ניט, אז מע קאָן אויך אין אזוינע פאלן זיין אינערלעך פּוסט און אויסגעהוילט גראָד פון דעם „הייליקן פייערל", אין וועמעס נאָמען מע אנטלויפט צו דער זיך איינגערעדטער „שיינקייט". איך רייד שוין נישט פון דעם, וואָס פאר יעדן ווירקלעך-באדייטנדיקן פּאָעט איז דאָס בלייבן לאנג אין די אייגענע דאלעראמעס געווען ניט בלויז אָרגאניש פרעמד, נאָר אָפט — אויך טראגעדיע. דאָס איז שוין א פראגע פון געוויסן. אָבער ניט בלויז פון עטישן, נאָר אויך פון עסטעטישן שטאנדפּונקט וויל איך זאָגן, אז א באשטימענדיקע ראָליע שפּילט דאָ ניט דער זשאנער, נאָר די מאָס קינסטלערישע קראפט, וועלכע אנטפּלעקט זיך, אָדער אנטפּלעקט זיך נישט. האָט דאָך אויך אזא איינער, ווי באָדלער, געזאָגט, אז אים אינטערעסירט ניט באם אורטייקן דיכטונג די אָדער יענע פאָרם, דער אָדער יענער „יזם", נאָר די וואָג פון דער פּאָעטישער סובסטאנץ, וואָס ווערט אין ליד ארייַנגעלייגט. ווערן מיר דאָך היינט בעמעס מיטגעריסן א סאך מאָל פון דער בירגערלעכער דיכטונג פון די אפריקאנישע און אזיאטישע פעלקער, וועלכע קעמפן איצט פאר זייער פרייהייט און פּראָגרעס. מיר באוואונדערן בא אָט די דיכטער מערערע מאָל ניט בלויז די פרישקייט פון געפיל, נאָר אויך דעם אומיטלבארן פּאָעטישן עפעקט פון זייערע לידער — דעם קינסטלערישן אויסדרוק. איך וואָלט געקאָנט אין דעם צוזאמענהאנג אָנרופן אויך איייניקע רוסישע היינטיקע דיכטער און אפילע אויך פון די, וואָס ערשט ניט לאנג האָט מען זיי באשולדיקט שיר ניט אין פאָרמאליזם, לעמאָשל לעאָניד מארטינאָוו און באָריס סלוצקי, וואָס בא זיי קלינגט דער קאָנקרעטער היינטצייטיקער מאָטיוו גראָד באזונדערס אייגן, ניי, אָריגינעל. הייסט עס, אז אויך אַף אָט דעם געביט איז נאָך דאָ, וואָס מעכאדעש צו זיין. דאָס געשעט אָבער נאָר דאן, ווען די אינערלעכע מאָביליזירונג איז אן אינטענסיווע, א פולע. דער „אטאָ-בעכארטאָניזם" אין פּראט פון זשאנער מוז דעריבער, לויט מיין מיינונג, באקעמפט ווערן — אין דער ערשטער ריי אלס אן אויבערפלעכלעכער קוק. אַף אלע זשאנרען, אַף די אזויגערופענע „קינסטלערישע" און „ניט-קינסטלערישע", איז כאָל נאָר איין קריטעריום — דער אידייִש-קינסטלערישער, וועלכער מאכט אלע פאָרמען זיך אונטערטעניק.

* * *

עס דארף נאָך, האלט איך, אויך פונסניי ארומגערעדט ווערן די פראגע פון פאָלקסטימלעכקייט. דאָס פאָלקסטימלעכע איז א קענטיקער שטראָם אין אונדזער דיכטונג. בא וועמען עס איז בלויז א באוווסטזיניקע נעטיע און בא וועמען אן אָרגאנישע; בא וועמען די אייגענע אינטאָנאציע אידענטיפיצירט זיך מיט דער פאָלקסטים-

לעבער און עס ווערט דערגרייכט הארמאָנישע איינגאנצקײַט און בא וועמען עס פעלט אָט די איינהײַטלעכקײַט; ווער פון זיי איז ווײַטער און ווער הינטערשטעליקער אין זין פון גיוווער זײַן סטיליזאציע.

דאָס זיסע באסקאָל פון עכטער פאָלקסטימלעכקײַט איז אַוודע א פּאָזיטיווער מאָמענט אין אונדזער ליריק. ליגט דאָך אין יעסאָד פון אונדזער ליטעראטור און קונסט דאָס פאָלקישע. אָבער דעם באגריף פאָלקישקײַט דאַרף מען ערשט גוט צעגלידערן. דעמלט וועט מען זען, אַף וויפל פאָלק איז אויך איינצײַטיק אוניווערסאל לויט זײַן מעהוס. וואָס בין איך אויסן מיט דעם צו זאָגן? דאָס, אייגנטלעך, אז פאָלקסטימלעכקײַט טאָר ניט באגרענעצט פארשטאנען ווערן. טאָמיד זיצן אַף אָט דער איינער אינטאָנאציע — הייסט פארשמעלערן דעם האָריזאָנט פון דער דיכטונג. פ אָ ל ק ס ט י מ ל ע כ ק ײַ ט טאָר אויך ניט זײַן א שטערונג אַף צו דערגראָבן זיך צום פ אָ ל ק י ש ן, וואָס איז ברייט און טיף, ווי דער יאם...

נו, און די פראגע פון נאָוואטאָרישקײַט, וועגן וועלכער עס ווערט געפירט אזא לעבהאפטע דיסקוסיע, און צוזאמען מיט דעם די אייביק-אקטועלע פּראָבלעמע פון פאָרם, לעקסיק, גראם, ריטם (קלאסישער און פרײַער), פּראָזאִזמען אאוו? געווים האָט וואָס צו טאָן, אנאליזירנדיק אונדזער פּאָעזיע, די ייִדישע ליטעראטור-קריטיק אויך אַף אָט דעם רײַכן געביט.

* * *

ענג געבונדן מיט דער פראגע וועגן אונדזער ליריק (אין אלע אירע שאטירונגען) שטייט די פראגע וועגן דער עפּישער דיכטערישער פאָרם, דער פּאָעמע — דעם „גרויסן זשאנער", ווי זי ווערט אָנגערופן אין רעדאקציאָנעלן פּאָרוואָרט פונעם ערשטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד".

איך דערמאָן זיך אין מײַנעם א געשפּרעך מיט פּערעץ מארקישן אַף דער זעלבער טעמע. דאָס איז געווען אין 1948 יאָר. מיר האָבן שפּאצירט אפּן ריגער פּליאזש פּאזע דעם בארויִקנדיקן ברעג פונעם באלטישן יאם. מארקיש איז געווען אין א באזונדערס מילדער שטימונג, קימאט צארט. זײַן באשטענדיקער ברויז האָט אין אים, קענטיק, דעמלט געדרימלט, וואָס האָט אזוי געשטימט מיטן רויִקן יאם-בילד בא אונדזערע פיס. מע האָט געזען, אז מארקיש רוט אָפּ מיט אלע זײַנע רעמאד פון זײַן אוווידעס-פּערעך-ארבעט איבער דער פערציקבויגנדיקער פּאָעמע „מילכאָמע", וועלכע האָט אים אזוי זעליש און פיזיש אויסגעמאטערט. ער האָט שוין געהאט דעמלט בא זיך די ערשטע אָפּגעדרוקטע עקזעמפּליארן. איז טאקע מיט דעם האָב איך מיר דערקלערט די סיבע, וואָס מארקיש, רײדנדיק וועגן ליטעראטור, קאָכט זיך נישט דאָס מאָל, ווי עס איז געווען זײַן שטייגער. ער האָט נאָר גוטמו-טיק איראָניזירט איבער די דיכטער, וואָס באריקאדירן זיך אין קליינעם לירישן זשאנער.

איך האָב געזען, אז ער לאָזט זיך ריידן, אז ער שטורעמט ניט אויף, האָב איך אים צווישן אנדערס געזאָגט, אז די קליינע לירישע ליד איז אמאָל יענץ געפערלעך אונטערוואסער-שיפל, וואָס קערט איבער א דרעדנאָוט... צום בײַשפּיל: געטעס „איבער אללען גיפּפעלן איזט רוע"... מארקיש האָט אופמערקזאם אויסגעהערט, און ניט בלויז ניט פּאָלעמיזירט, נאָר א פּארטראכטן שמייכל געטאָן, און באלד טאקע פארטרויליך מיר געזאָגט: „גוט, וואָס איך האָב שוין אראָפּגעוואָרפן פון זיך אָט דעם בארג", אָנווײַזנדיק דערבײַ אַף זײַן „מילכאָמע", וואָס ער האָט שוין אין א בוך-פּאָרם געהאלטן אונטערן אָרעם. „זאָגט נישט קיינעם, — האָט ער וויציק צוגעגעבן, — איך האָב גראָד בעדייע איצט אָנצושרײַבן א בוך ליריק". און מיטאמאָל פריילעך און מארקיש-שקאָציש: „איך וועל זיי ווײַזן, אונדזערע ליריקער, וואָס עס איז אזוינס ליריק!"
און דער קלוגער מארקיש האָט, אפּאָנעם, ניט פּארשטאנען אָדער קיין רעכענונג זיך ניט אָפּגעגעבן אין דעם מאָמענט, אז ער דאַרף ניט ווײַזן, ווײַל ער האָט שוין אייגנטלעך געוויזן, און אפילע אין זײַן עפּאָס.

נאָר דאָס איז שוין א טעמע פאר זיך: מארקיש דער ליריקער. אין געגעבענעם מאָמענט וויל איך בלויז אונטערשטרײַכן, אז מארקיש דער פּאָעט האָט אין יענער צײַט שטרענג פאנאנדערגעטיילט די זשאנרען ל י ר י ק און ע פּ אָ ס, געהאלטן, אז די לירישע ליד אנטפּלעקט די אינטימע וועלט פונעם יאָכיד און אז די פּאָעמע איז די קיילע פאר ברענענדיקער וואָר. נאָר צי איז עס טאקע — ניט בלויז לויט דער פאָרם, נאָר אויך לויטן טאָך — טאָמיד אזוי? צי איז עס ניט א צו שטרענגע צעגרענעצונג, א צו פּינקטלעכע פארטיילונג פון די פונקציעס צווישן ליד און פּאָעמע?

איך דאַרף אָבער מוידע זײַן, אז די ביידע זשאנרען, ווי איך וויל עס ניט אינערלעך אנערקענען, אונטערשיידן זיך דאָך צווישן זיך און אז די פּאָעמע איז אויך פארן אויסגעשפּראָכענעם ליריקער ביז גאָר וויכטיק און האָט פאר אים אמאָל אפילע א רעטנדיקע, דערלייזערישע באדײַטונג, וואָס קאָן אים ארויספירן פון א שווערן שעפערישן קריזיס.

דער גרויסער רוסישער ליריקער אלעקסאנדער בלאָק, וועלכער האָט פון איין זײַט געמאָלדן, אז פון וואָס ער זאָל ניט זינגען, אפילע ווען עס איז א ליבע-ליד, איז עס „אלץ וועגן רוסלאנד", האָט אליין, פון דער צווייטער זײַט, געשריבן אין א בריוו צו אנדריי ביעלי, אז דער דיכטער, האלטנדיק טײַער „דעם לירישן נעשאָמע-נינגן" (лирический лад души). איז דאָך מעכוייעוו צו צוימען „די לירישע צעלאָזנקײַט" (лирическую распущенность) דה., ווי מיר פארשטייען עס, איז מעכוייעוו צו צעברעכן דעם ענגן, דושנעם קישעף-קרײַז פון זײַן לירישן

„איך" און באהעפטן זיך מיט אלעמען, מיט דער וועלט, מיטן לאנד, מיטן פאָלק, מיט דער אים ארומרינגלענדיקער געזעלשאפט. אָט דאָס קלאָרע באוווסטזײַן און פיבערנדיקע געוויסן בלאָקס האָט אים טאקע געפירט צו זײַן באַרימטער „שטראָף" («Возмездие») און דערנאָך צו זײַן געניאַלער „צוועלף"(«Двенадцать») — צו זײַנע פּאָעמעס, אין וועלכע, אגעוו, מע קאָן ניט אזוי לײַכט אָפּטיילן דאָס לירישע פונעם עפּישן און דאָס עפּישע פונעם לירישן, ווי אויך דאָס יעבידישע פונעם קלאלישן.

אַף דערויף קאָן מען מיר ענטפערן, אז די פּאָעמע-פאָרם, וועלכע האָט זיך צעבליט אין סאָוועטישן פּעריאָד, שפּיגלט מיט זיך אָפּ א גאנץ אנדערע דערפאַרונג. פולשטענדיק מאסקים! מיר נעגירן ניט, כאָלילע, אָט די פּאָעמע-פאָרם און גיבן אָפּ די געהעריקע אנערקענונג אירע מײַסטערס אין דער פילשפּראַכיקער סאָוועטישער דיכטונג ביכלאַל און אין דער יידישער ביפראַט, אָנהייבנדיק פון כאריקס „מינסקער בלאָטעס" און ענדיקנדיק מיט מ. טייפס „דאָס געזאנג וועגן ברידער"[1], דער פּאָעמע וואָס איז אויסגעשמידט מיט א שטאַרקער האנט אין דער זעלבער זינגעוודיקער טראדיציע, נאָר פארהיט אין גרונט די טייפישע באלאדעסקישע אינטאָנאציע.

און דאָך איז א שמועס וועגן אונדזער פּאָעמע-זשאנער, וועגן זײַן באזונדערער גענוג קאָמפּליצירטער ספּעציפיק, זייער און זייער וויכטיק. א סאך, וואָס פאַלט צונויף מיט מײַנע געדאנקען וועגן אָט דער דיכטערישער פאָרם בא אונדז, האָב איך געטראָפן אין, לויט מײַן מיינונג, גאָר אן אינטערעסאנטער ארבעט „דער גרויסער פאָרם — א גרויסן אינהאלט" פון וו. איוואנאָסענקאָ אין זשורנאַל „דרוזשבא נאראָדאָוו" (נומער 8, 1961).

עס געפעלט מיר באזונדערס אין דעם אַרטיקל, כוץ דער טעאָרעטישער זײַט, אויך דעם אוטאָרס קאָנען קוקן דעם עמעס גלײַך אין די אויגן. איך ציטיר: „די דורכפאלן פון א סאך פּאָעמען, וואָס פּרוּוון שאפן גרויסע פּאָעטישע ווערק וועגן היינטצײַטיקײַט, איז שווער צו דערקלערן מיט צופעליקע סוביעקטיווע סיבעס. עס ווײַזט זיך אַרויס פאר ניט איבערצײַגנדיק דאָס פארופן זיך בלויז אַף דער באשטימענדיקער ראָליע פון טאלאנט און אינדיווידועלן קינסטלערישן דורכפאַל". און דער קריטיקער דערלויבט זיך דערפאר צו פרעגן: „צי נעמען די פּאָעטן בא דעם זשאנער אלץ, וואָס ער קאָן געבן און צי גיבן זיי זייערס דעם זשאנער — דער זשאנער „מאָנט" דאָך אויך זײַנס. עפּשער „פילן" מיר אים אָן ניט געלונגען?"

און נאָך א ציטאַט: „דעם אינהאלט פון א סאך אָנגעשריבענע פּאָעמעס קלאסיפיצירט מען בא אונדז אזוי, אז דאָס איז, אייגנטלעך, א פּאָעמע וועגן א באַרימטער מעלקערן, א פּאָעמע וועגן קאמף פאַרן טעכנישן פּראָגרעס, וועגן א נײַער בויונג אאוו. — דה. דעם באגריף א י נ ה א ל ט פארבײַט מען מיט דעם באגריף ל ע ב נ ס מ א ט ע ר י א ל". דער אוטאָר פון די ציטאַט וויל ניט, הייסט עס, אז פון דער פּאָעמע זאָל ארויסשטאַרצן, ווי איך וואָלט געזאָגט, די שפּיציקע ביינער פון דער פארצייכענונג — דאָס אָטשערקיסטישע. מע דאַרף דעריבער, מאכט ער דעם אויספיר, געפינען דעם אינהאלט, וואָס איז נעייגנט פארן הויכן פּאָעמע-סטיל. „גרויסער אינהאלט, זאָגט ער, דאָס איז די זשאנער-ספּעציפיק פון א גרויס פּאָעטיש ווערק, דאָס איז די איקערדיקע געזעצמעסיקײַט פונעם זשאנער, וועלכע מיר זוכן". ער האלט, אז די פּאָעמע ווערט באשטימט אלס אזעלכע נאָר דעמלט, ווען זי דריקט אויס דאָס מאסשטאבנע. „די „טויטע נעשאָמעס" פון גאָגאָלן, — זעצט ער פאָר זײַן געדאַנק, — איז א פּאָעמע ניט בלויז דערפאר, ווײַל אין איר הויזט בישכיינעס דער לירישער עלעמענט מיטן עפּישן, נאָר אויך דערפאר, וואָס אין דעם ווערק קומט צום אויסדרוק די היסטאָרישע עפּאָכע. מאַיאקאָווסקיס „כאָראָשאָ" — דאָס איז א גאנצע היסטאָרישע עפּאָכע. „ווײַט-נאָך-ווײַט" פון א. טווארדאָווסקין — אויך. דאָס מאסשטאבנע, דאָס „עפּישע" פ ו נ ע ם א י נ ה א ל ט (אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ש.) איז דער הויפּט-צייכן פון אלע בעסערע פּאָעמעס, געשאפענע פון די סאָוועטישע דיכטער — לירישע, ליריש-עפּישע און אנדערע. די פּאָעמע ציט זיך צום גרויסן, אומפארגענגלעכן, עבכן".

אינטערעסאנט איז זײַן באהאנדלען, אין שײַכעס מיט דער גרויסער פאָרם, אויך די פּאָעמע פון האנדלונג, כאראקטער, פּסיכאָלאָגיע („וואַסילי טיאָרקין") און דעם ריין לירישן פּאָעמע-זשאנער.

מיר, אין דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג, קאָנען אויך געפינען בא אירע בעסטע פאָרשטייער אָט די ביידע פאָרמען פון דער פּאָעמע און קאָנען אויך ריידן וועגן אייניקע גרויסע דערפאָלגן אַף דעם געביט. די ראַמען פון מײַן אַרטיקל דערלויבן מיר ניט קאָנקרעט אָפּשטעלן זיך אַף זיי. איך קאָן אָבער נישט ניט דערמאָנען פאר א שעדעווער, לויט מײַן מיינונג, דעם „טויט פונעם באלעגוף" פון פּ. מארקיש אלס מוסטער פון א פּאָעמע פון סוזשעט, פּסיכאָלאָגיע, כאראַקטער. אין אָט דער פּאָעמע האָבן מיר ניט בלויז מענדעלעס מאָנומענטאלישקײַט אין גראָטעסק, נאָר אויך פון גאָגאָלס און שטשעדרינס פאַנטאַסטישן רעאַליזם.

נאָר אין דער קונסט, ווי אין לעבן, איז ניט שײַעך פעסטשטעלן פעסטע, זיך ניט ברעכנדיקע קאַנאָנען אונטערן שווערן שטראָם-דרוק פונעם קעסיידער-פליסנדיקן נײַעם, וואָס מאָדעלירט, פארענדערט, גיט צו, בארײַכערט סײַ דעם אינהאלט און סײַ די פאָרם. עפּעס האָב איך דאָס געפיל, אז ניט בלויז דער לירישער זשאנער, ווי יעדער זעט עס שוין, נאָר אויך דער עפּישער, נעמט שוין בא אונדז ארײַן אין זיך אויך נײַע עלעמענטן, וואָס זײַנען דער אויסדרוק טאקע פון

1 זע „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 1.

אונדזער שטורמיש-שעפערישער הײַנטצײַטיקײַט. איך האָב שוין פון לאַנג געוווּסט, אַז ניט נאָר די טאָגטעגלעכע פאַקטאָלאָגיע קאָן זײַן די לײַוונט פאַר אַן עפּיש-דיכטעריש ווערק. פאַר מיר איז דעריבער דערפרייענדיק דאָס לאַכלוטן אייגענע, וואָס עס טראָגט אַרײַן אין דער יידישער סאָוועטישער פּאָעמע הירש אָשעראָוויטש, לעמאָשל. ער איז קאָנקרעט און פילאָסאָפיש, הײַנטצײַטיק ניט בלויז אין זײַן אַטאָם-פּאָעמע, נאָר אויך אין זײַן „ספּאַרטאַקוס", וועגן וועלכער, האָגאָם מיר קענען זי בלויז פון קסאַוויאַד, זאָל מיר דערלויבט זײַן דאָ, אין דער אָפענער „טריבונע פון שרײַבער", צו סיגנאַליזירן, ווי וועגן א באַדײַטנדיק ווערק אין אונדזער דיכטונג, נעמענדיק אָף זיך אַליין דערווײַל די גאַנצע אַכרײַעס פאַרן געזאָגטן.

איך מיין, אַז אָט די פּאָעמע איז א פולקומער ענטפער אָף דער פאָדערונג: „דער גרויסער פאָרם — א גרויסן אינהאַלט". איך מערק אָפּ איר פּאָליפאָנישע אינערלעכע אָרקעסטרירונג, ניט בלויז דעם אַראָמאַט, נאָר קאָנקרעטע שילדערונג פון עפּאָכע, האַנדלונג, כאַראַקטער, לײַדנשאַפט און פּסיכאָלאָגיע — סײַ פונעם העלד און סײַ פון דער מאַסע. די פעטע פאַרבן-פּאַליטרע האַרמאָניזירט מיטן געצנדינערישן, רויבעריש-זאַטן שטייגער און גײַסט פון דער רוימישער אימפּעריע, דאָס איבערופן זיך פון אָט דער היסטאָרישער עפּאָפּיי מיט דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקײַט פון אונדזער צײַט שרײַט אַרויס פון דעם אָנגעזעטיקטן אונטערטעקסט, וואָס איז, ווי באַוווּסט, אין אייניקע פאַלן ווירקזאַמער, ווי די אויבנופיקע רעמאָזים, מיטן פינגער צײַגנדיקע אָנדײַטונגען, וועלכע לייגן זיך, ווי לאַטעס, אָף א שטרענג-קינסטלעריש אויסגעהאַלטן געוועב, וואָס נייטיקט זיך ניט אין דעם.

מיך נעמט נאָך אין אָשעראָוויטשעס פּאָעמעס דאָס געדראַנגלעכע, וואָס איז פּ ר אָ ב ל ע מ אַ ט י ק און דערמאָנט אין א געוויסער מאָס אין דער ראַציאָנאַל-לײַדנשאַפטלעכער אויפקלערערישער דיכטונג פון בערטאָלד ברעכט. אָט דערפאַר טאַקע, אַפּאָנעם, ווירקן אָשעראָוויטשעס פּאָעמעס ווי דראַמאַטורגיע, אין וועלכער עס קומט צום אויסדרוק דאָס דראַמאַטישע אָן מעלאָדראַמע. ער שטייט טאַקע אָף דער שוועל פון דער שוין לאַנג געגאַרטער דראַמאַטישער פּאָעמע (אין קלאַסישן זין פון וואָרט), וועלכע אונדזער קריטיק וואָלט באַדאַרפט אָנהייבן אַרויסרופן בא די פּאָעטן. זי האָט שוין איצט דערויף אַלע רעכט.

איך האַלט פאַר נייטיק צו באַמערקן, אַז איך רוף דאָ אָן דיכטער-נעמען נאָר אין ענגער פאַרבינדונג מיט די טעזיסן, וועלכע איך שטעל אָף דעם אָרט אַרויס. בכלל, וויל איך דערקלערן, בין איך א טרײַער אָנהענגער פון אונדזער גאַנצער הײַנטיקער דיכטונג, אין וועלכער איך זע און פיל א סך פרישקײַט, אייגנאַרט, טעמפּעראַמענטפולן וווּקס-אימפּעט, פילטענערדיקײַט בא איר אייגנהײַטלעכן געיאַרשנטן יידיש-סאָוועטישן דערעך און מיט איר אייגענעם שטערן איבערן קאָפּ... איז לאָמיר אָנהייבן זי וועגן אָף די גערעכטיקײַט- און שיינקײַט-שאָלן פון ניט געפעלשטער קריטיק, ווי זי פאַרדינט עס שוין.

אָפּשליסנדיק דאָס געזאָגטע אין באַצוג צו אונדזער פּאָעזיע, ווילט זיך צוגעבן, אַז כוץ די אַלע אַנדערע אידייִש-קינסטלערישע הייכן, צו וועלכע אונדזער קריטיק דאַרף זי ריכטן, איז פאַראַן אויך די פאַר איר אַלס מוסטער-בלײַבנדיקע הייך פון אירע רישוינים, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אַרײַן מיט זײַנעם א פּערז, מיט זײַנער א פּאָעטישער שלאָג-שורע אין פאָלקס-זיקאָרן.

נעמענדיק אין אַכט דאָס קענטיקע רײַך-פּאָטענציעלע, וואָס עס פאַרמאָגט אונדזער הײַנטיקע דיכטונג, ווילט זיך מיר נאָך, אַז מע זאָל זי רופן צו שטײַגערונג פון בילדערישקײַט, ווי אויך צו הייבן די טעמפּעראַטור פון דער לײַדנשאַפט און צו העכערן דעם אינטעלעקטועלן ניוואָ. דאָס וועט אויך שטימען מיטן גײַסט פון דער ערשטער מעכטיקער פּלעיאַדע פון דער יידישער סאָוועטישער פּאָעזיע.

* * *

עס איז גוט, וואָס שוין אין די ערשטע נומערן פון אונדזער זשורנאַל האָט די רעדאַקציע אָפּגעגעבן פּלאַץ ע. פאַלקאָוויטשעס אינטערעסאַנטער אַרבעט „אָפּשײַ פאַרן לאָשן". איך מיין אָבער, אַז אין דער דאָזיקער וויכטיקער פראַגע דאַרף האָבן א וואָרט ניט בלויז דער לינגוויסט, דער גראַמאַטיקער, נאָר אויך אונדזער ליטעראַטור-קריטיק.

הערט אָף טשיקאַווע, וואָס בעלינסקי שרײַבט וועגן שפּראַך.

„די שפּראַך בא גאָגאָלן צייכנט זיך ניט אויס מיט קיין טויטער ריכטיקײַט, און אָף איר איז לײַכט אָנצופאַלן די גראַמאַטיקערס און די קאָרעקטאָרס, וואָס האַלטן ש פּ ר א ך און ס ט י ל פאַר איינס און דאָס זעלבע, ניט זײַענדיק כוישעד, אַז צווישן שפּראַך און סטיל איז דער זעלבער מעהאַלעך, וואָס מע קאָן אים נישט אויסמעסטן, ווי צווישן דער טויטער מעכאַנישער ריכטיקער צייכענונג פון א טאַלאַנטלאָזן אַקאַדעמישן שמירער (מאַליאַר) און דעם לעבעדיקן אָריגינעלן סטיל פון א געניאַלן מאָלער".

אַזוי האָט בעלינסקי בעשײַטעט פּאָלעמיזירט מיטן גראַמאַטיקער גרעטש. צווישן אונדז און ע. פאַלקאָוויטשן איז ניטאָ קיין אָרט פאַר אַזא פּאָלעמיק, ווײַל אונדזער לינגוויסט האָט גראָד גערעדט וועגן שפּראַך ניט בלויז פון גראַמאַטיקאַלישן, נאָר אויך פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, באַזירנדיק זיך אָף אונדזערע קלאַסיקער. דאָס פאַרגרינגערט אונדזער קריטיק פאַרזעצן אָט דאָס געשפּרעך, אים אויסברייטערן און אים איבערטראָגן אין הײַנט, אָף אונדז אַליין. עס מוז אומבאַדינגט אויסגעפאָרשט ווערן, ווי האַלטן מיר הײַנט צו טאָג אין פּראַט פון שפּראַך, אַרויסגייענדיק פון ריין-קינסטלערישן שטאַנדפּונקט. דאָס

הייסט צי לעבט פֿון גרייטן, בלויז פֿון יערושע, דער הײַנטיקער דאָר ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, צי ברענגט ער מיט זיך אויך נײַע ריידפּלאַסטן, ווי דאָס האָט געטאָן קימאַט יעדער איינער פֿון די גרונטלייגערס פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור? מיר שטייען אַף אַן אָרט, צי מיר זײַנען אין באַוועגונג? מיר זײַנען נאָוואַטאָריש, צי הינטערשטעליק מיט אונדזער ייִדיש-דיכטערישן לשון? דאָס איז אַ פֿראַגע, וואָס מע קאָן זי אויך ניט אויסמײַדן, רײדנדיק וועגן אונדזער הײַנטיקער ליטעראַטור. איר אַלגעמײן-קינסטלערישן ניוואָ זעען מיר דאָך אַמבעסטן אין שפּיגל פֿון דער שפּראַך. שפּראַך, פֿאַרשטאַנען אין בעלינסקיס זין.

* * *

און צום סאָף — די פֿראַגע פֿון אַזאַ ליטעראַריש-קינסטלערישן זשאַנער, ווי פּאָרטרעט. מיר האָבן אים געהאַט בײַ דאָברושינען, גורשטיינען און אויסלענדערן. דאָס איז אַ זשאַנער, וואָס לויט זײַן ספּעציפֿיק מילדערט ער אין אַ געווויסן זין די האַרבע מידאַס-האַדין-אַטמאָספֿער פֿון פּעדאַנטישער קריטיק, האַגאַם ווײַט פֿון דעם, וואָס מע רופֿט אָן „לאַקירונג", אָדער פֿאַרשענערונגס-פּודער...

ווילט זיך מיט באַפֿרידיקונג פֿעסטשטעלן, אַז דער קריטיקער מוישע נאָטאָוויטש זעצט פֿאָר אָט דעם נוסעך מיט זײַן פּאָרטרעט „מייער ווינער", געצייכנטן מיט קאָמפּעטענץ און מיט דער פּיִעטעט פֿון אַ דאַנקבאַרן טאַלמיד. דאָס שטערט אים ניט אויך אַ ביסל אַ פּאָלעמיזיר צו טאָן מיט זײַן רעבן אין שײַכעס מיט מענדעלעס מויכערספֿאָרים. אין באַצוג צו דעם וויל איך בלויז באַמערקן, אַז אונדזער קריטיק האָט נאָך הײַנט וואָס צו זאָגן אויך עפּעס נײַס אפֿילע בענעגייע אונדזער קלאַסיק, וועלכע איז אַזוי טיף און מיט אַזויפֿיל ליבשאַפֿט צעאַקערט געוואָרן פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור-פֿאָרשונג.

לעמאָשל, עס איז שוין די רעכטע צײַט צו רעווידירן דעם זיך-אײַנגעבירגערטן שמאָלן קוק אַף י.-ל. פּערעצן, וואָס ווערט נאָך אַלץ אַרײַנגעקוועטשט אין די דאַלעדאַמעס פֿון זײַנע „קלאָץ-געשיכטן", רעדוצירט הלויז צו זײַנע רעאַליסטישע דערציילונגען, וועלכע, בײַ דעם גאַנצן אייגנאַרטיקן פּערעציש סטיל, בײַ דעם נײַעם אינהאַלט און נײַער פֿאָרם, שעפּן זיי דאָך נישט אויס די גרויסע קינסטלערישע פּערזענלעכקײַט, וואָס פּערעץ שטעלט מיט זיך פֿאָר.

אַוואַדע איז פּערעץ אַ קאָמפּליצירטע פּראָבלעם אין אונדזער ליטעראַטור, נאָר מע דאַרף זיך מוטיק נעמען צו איר. איך הער ניט איין מאָל זאָגן: סימבאָליזם. די רוסיש-סאָוועטישע ליטעראַטור-פֿאָרשונג שרעקט זיך שוין ניט פֿאַר אָט דעם „שעד". דענקענדיק געשיכטלעך, געפֿינט זי דעם שליסל אויך צום סימבאָליזם פֿון אַ. בלאָק און פֿון אויך ווייניקער באַדײַטנדיקע פֿון אים פּאָעטן און גיסט ניט אויס פֿון דער מולטער דאָס וואַסער מיטן קינד צוזאַמען. פֿאַר פּערעצעס מיסטיק איז אויך ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן. עס האָט נאָך ליטוואַקאָוו געזאָגט: „פּערעץ איז צו ראַציאָנאַליסטיש פֿאַר מיסטיק". און דעריקער: מע קאָן זיך מער ניט מאַכן אַזוי לאַנג ניט ווייסנדיק, אַז פּערעץ בײַ זײַן גאַנצער פֿראַגמענטאַרישקײַט און ניט פֿילער רעאַליזירונג אַלס קינסטלער, איבערהויפּט ווען מע שטעלט אים אַנטקעגן שאָלעם-אַליכעמען, איז דאָך געבליבן אַ ווירקנדיקער פֿאַקטאָר, עפּשער אין זין פֿון אָנרעגונג דער גרעסטער צווישן אונדזערע קלאַסיקער. ווער פֿון אונדזערע טיפֿערע לייענער קאָן ניט אופֿדעקן פּערעצעס האַשפּאָע אויך אַף דעם פֿיל גליקלעכערן פֿון אים אַלס קינסטלער שאָלעם-אַליכעמען? דער אַנטאַגאָניזם זייערער איז דאָך געווען מערער אַף דער אויבערפֿלאַך, ווי אין דער טיף!

איך האָב אַמאָל אין אַן אַרטיקל וועגן פּערעצן געשריבן, אַז ער איז דער אַראָפּגעלאָזענער דיכטערישער קנויל, וואָס מיר הערן ניט אוף אים פֿאַנאַנדערצווויקלען און קימען ניט צו זײַן סאָף. ווי גרויס איז דעריבער געווען מײַן איבעראַשונג, ווען איך האָב מיך אָנגעשטויסן בײַ ליטוואַקאָוון אַף אַזוינע שורעס: „בײַ פּערעצן זײַנען פֿאַראַן אַ סאַך סאָפֿן און אַ סאַך אָנהייבן, — נאָר זײַנע סאָפֿן זײַנען נאָך דורך אַנדערע אַדהײעם ניט פֿאַרענדיקט און זײַנע אָנהייבן ווערן זייער ווייניק פֿאָרגעזעצט". אינעם צווייטן טייל פֿון זײַן זאַץ האָט ליטוואַקאָוו געהאַט אַ גרויסן טאָעס. צי עס האָט אים ווידער פֿאַרפֿירט זײַן פּאָלעמיסטישע נאַטור? ווײַל מע דאַרף מוידע זײַן, אַז בײַ אַלע זײַנע, ליטוואַקאָווס, באַוואָרענישן — סײַ פֿון אידעאָלאָגישן און סײַ פֿון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט — ווערט ער גוואַלדיק פֿאַרכאַפּט פֿון דעם איבעראַשנדיקן, פֿון דעם צויבער, וואָס ער זעט אין פּערעצעס העכן אינטעלעקטועלער און העכן קינסטלערישער אויסטערלישער פֿיגור.

אַ גרינטלעכער אַנאַליז פֿון דער מאָדערנער ייִדישער דיכטונג (און צי דען נאָר דיכטונג?) וואָלט באַשטימט געוויזן, אַז פּערעצעס בלוט פֿליסט אין די ווערק פֿון אַלע באַדײַטנדיקע ייִדישע פּאָעטן. זײַנע סאָפֿן ווערן פֿאַרענדיקט, און זײַנע אָנהייבן ווערן פֿאָרגעזעצט... קאָנען מיר זיך נאָך דעם דערלויבן, אַז פֿאַרן סאָוועטישן, נאָך קולטור- און קונסט-דאָרשטיקן לייענער זאָל בלײַבן אויסגעלאָשן די גרויסע שײַן פֿון פּערעצעס טורעם, לאָזנדיק דאָרט ברענען נאָר איין פֿענצטערל מיט פֿאַר פּערעצן צו אַ קליין ליכטל?!

פֿאָרזעצנדיק ריידן פֿון יערושע, דאַרף מען אויך באַגריסן דעם פֿאַקט, וואָס אונדזער קריטיק האָט שוין אָנגעהויבן אַ נײַעם שמועס וועגן בערגעלסאָנען. איך האָב אין זײַן רעמעניקס גוט דורכגעטראַכטע גרעסערע אַרבעט, וואָס איז מיר נאָענט מיט אייניקע אירע טעזיסן — זײַן פֿאָרוואָרט צו בערגעלסאָנס באַנד דערציילונגען, ווי אויך ריווקע רובינס וואַרעמער, מיט ליבע אָנגעשריבענער רעצענזיע אַף אָט דעם בודן[1]. דאָס,

1 זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 2.

וואָס זיי באטראכטן בערגעלסאָנען פון פארשיידענע צוויי קוק-ווינקלען, קאָן זײַן אן אָנהייב פון אן אינטערעסאנטער דיסקוסיע ארום בערגעלסאָנען, וועלכער, ווי יעדער גרויסער שרײַבער, לאָזט אין זיך אנטפּלעקן אלץ נײַע אספּעקטן. אזא דיסקוסיע וועגן בערגעלסאָנען און אויך וועגן אונדזער צווייטן גרויסן קינסטלער, וועגן דעם ניסטער — אָט די צוויי שיינע אָוועס פון אונדזער פּראָזע — וואָלט געוועזן זייער באפרוכפּערנדיק פארן שעפערישן וווּקס פון אונדזערע הײַנטיקע פּראָזאיקער, ניט געקוקט אף זייער נאטירלעכן דראנג צו עמאנציפּירן זיך. ווײַל אויך אף אונדזער איצטיקן דאָר פּראָזע-שרײַבער, ווי אף אונדזערע הײַנטיקע דיכטער, גילט דאָס זעלבע דיאלעקטישע געזעץ, אז טראדיציע און נאָוואטאָרישקײַט שליסן זיך ניט אויס קעגנזײַטיק.

דאָס אָפּמערקן באלד אין צווייטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד“[1] דאָס נײַ-קוואליטאטיווע, וואָס גען ברענגט אין זײַן דערציילונג, פארעפנטלעכטער אין ערשטן נומער, איז דער בעסטער באווײַז, אז אונדזער קריטיק באציט זיך מיט וואכער אויפמערקזאמקײַט צו די נײַע שריט פון אונדזער פּראָזע, וועגן וועלכער עס דארף זיך נאָך פאנאנדערוויקלען א גרויסער שמועס.

וואָס מע קאָן, דאכט זיך, שוין זאָגן איז, אז מיר באנוגענען זיך ניט בלויז מיט שטייגערפּסיכאָלאָגיע און מאָלערישקײַט. בא אונדזער פּראָזע, וועלכע האָט פארמאָגט (זאָל נאָכאמאָל דערמאָנט ווערן) בערגעלסאָנען און ניסטערן, מאָנען מיר דעם טיפן אונטערגרונט פון געשילדערטן בילד און דעם הויכן הימל פון די ביידע קינסטלער.

דאָ דארפן מיר וואָס פריִער אויך הערן דאָס וואָרט פון אונדזערע עלטערע פּראָזע-מײַסטערס. מיר האָבן זיי צווישן אונדז.

* * *

דאָס ביז אהער געזאָגטע שעפּט ניט אויס פולשטענדיק מײַן אינערלעכן מאָנאָלאָג, געווענדט צו אונדזער קריטיק. עס וואָלט אוואדע נייטיק געווען צו פארפירן מיט איר א געשפּרעך אויך וועגן דער פּראָבלעם פון יידישן מאָטיוו און וועגן נאציאָנאלער באגרענעצונג, ווי אויך ריידן וועגן אונדזער הײַנטיקער שטעלונג צום יידישן און ניט-יידישן ליטעראטור-קינסטלערישן אויסלאנד, און מיקאָלשקיין וועגן דעם, ווי וויכטיק עס איז, אז מיר אליין זאָלן אויך שרײַבן וועגן דער פילשפּראכיקער סאָוועטישער ליטעראטור בעראָש מיט דער גרויסער רוסישער. ווײַל נאָר אזוי וועלן מיר האָבן כוץ דער אָביעקטיווער דערקענטעניש פונעם מאטעריאל אויך איר סוביעקטיווע אָפּשפּיגלונג אין אונדזער קולטור-באוווסטזײַן.

אָט די, און אויך אלע נאָענטע צו זיי פראגן, מוזן ערשט געשטעלט ווערן. אָבער איך האָב שוין נישט קיין רעכט צו פארנעמען אזויפיל פּלאַץ פאר איין מאָל. איך אנטשולדיק מיך דעריבער פאר מײַן אריכעס און קום צום סאָף פּאָסעק.

עס לעבט אין מיר פאר דער לעצטער צײַט א גרויסע בענקשאפט נאָך א נײַער פּאָעטישער פּערזענלעכקײַט. איך האָב געפּרוּווט אפילע אויסדריקן אָט די שטימונג אין א ליד. זאָל מיר דערלויבט זײַן צו ברענגען דאָ איר אָנהייב:

באטאָג און באנאכט,
באנאכט און באטאָג,
איך רייד און איך זאָג,
איך זאָג און איך רייד:
זאָל קומען דער יונגער פּאָעט,
און ווי מע אנטדעקט א פּלאנעט,
א נאָך ניט באנאָמענטן שטערן, —
ער אונדזערער דיכטער זאָל ווערן!

איך בענק אויך אין דער שטיל נאָך א יונגן פּראָזאיקער מיט אלע שוין בוילעטע פּאָסטעמקעס פון א גרויסן קינסטלער. און עס ווילט זיך אויך דערזען אין דער קריטיק א פּאָנעם-כאראָשעם מיט בעלינסקישע שטריכן. ביז אָבער ער וועט קומען, דארפן מיר, אז האנט-בא-האנט זאָלן אונדזערע עלטערע און יינגערע קריטיקער בילדן פאר אונדז זײַן „בימקוים“. און מיר, די ניט-געשווירענע קריטיקער, מיר, דיכטער און בעלעטריסטן, זײַנען אויך מעכויעוו זיי צו העלפן לויט אונדזערע קויכעס דאָ, אף די אונדז אָפּגעגעבענע שפּאלטן אין דער טריבונע פון אונדזער טריבונע, אין וועלכער מיר האָבן אלע א מעגלעכקײַט ארויסצוזאָגן זיך אומיטלבאר, אין דער פאָרם פון א דיסקוסיע, וועלכע מוז פארפאָלגן נאָר איין אָביעקטיוון און העכערן איבער אונדז אלעמען ציל: די גרויסע אינטערעסן פון אונדזער ליטעראטור.

.1961

[1] מ. נאָטאָוויטש. צו נײַע אידייִש-קינסטלערישע הייכן.

# כראָניק

## באם דענקמאָל קאַרל מאַרקסן

אין צענטער פון מאָסקווע, אפן סווערדלאָוו-פּלאַץ, דאָרטן, וווּ לענין האָט אין 1920 געלייגט דעם פונדאַמענט-שטיין פאַר א דענקמאָל קאַרל מאַרקסן, איז אין איינעם פון די לעצטע טעג פונעם XXII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר פייערלעך אַנטהילט געוואָרן אָט דער פּרעכטיקער מאָנו-מענט.




די אַרבעטנדיקע פון מאָסקווע, צוזאַמען מיט די דעלעגאַטן פונעם צוזאַמענפאָר און מיט די פאָרשטייער פון די ברידערלעכע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, זײַנען געקומען צום דענקמאָל אָפּגעבן כּבֿוד דעם פירער און לערער פונעם אַלוועלט-לעכן אַרבעטער-קלאַס, דעם גרונטלייגער פונעם וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם. אין יענעם שיינעם האַרבסט-טאָג האָבן אַף דעם מיטינג דורכגע-קלונגען כאַווער נ. ס. כרושטשאָווס גלענצנדע ווערטער: „דער דאָזיקער דענקמאָל וועט שטענ-דיק זײַן א סימבאָל פון טרײַהייט פון אונדזער פּאַרטיי און פאָלק צו די הייליקע פּרינציפּן פונעם רעוואָליוציאָנערן מאַרקסיזם און פּראָ-לעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם“.

דער XXII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט אָנגענו-מען די נײַע פּראָגראַם פון דער רומפולער לעניני-שער פּאַרטיי, די פּראָגראַם פון אויסבויען די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט. עס איז שוין ניט ווײַט דער טאָג, ווען אַף דער גאַנצער פּלאַנעטע אונדזערער וועט הערשן פרידן, אַרבעט, פרײַ-הייט, גלײַכהייט, ברידערלעכקייט און גליק פאַר אַלע פעלקער.

דעלעגאַט פונעם XXII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, גענעראַל-לייטענאַנט, צוויי מאָל העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

## אין צענטראַלן ליטעראַטן-הויז

אינעם מאָסקווער צענטראַלן ליטעראַטן-הויז ווערט געפירט א גרויסע און אינטערעסאַנטע אַרבעט. אָפּט קומען בא אונדז פאָר באַגעגענישן מיט אָנגעזעענע געלערנטע און מיט פאָרגעשרי-טענע אַרבעטער און קאָלווירטניקעס.

אינעם ליטעראַטן-הויז ווערן אָרגאַניזירט שעפערישע אָוונטן. בלויז פאַר דער לעצטער צײַט זײַנען אָפּגעמערקט געוואָרן די יובילייען פון טאַ-ראַס שעווטשענקאָ, לעוו טאָלסטאָי, מאַקסים גאָרקי און שאָלעם-אַליי‌כעם. עס זײַנען פאָר-געקומען אויך אָוונטן וועגן דער שאַפונג פון א גרויסער צאָל סאָוועטישע שרײַבער, אײַנגע-שלאָסן די ייִדישע שרײַבער פּערעץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, אָשער שוואַרצמאַן.

קימאַט יעדע וואָך ווערן בא אונדז דורכגע-פירט באַגעגענישן מיט טוער פון טעאַטער און קינאָ, מיט קינסטלער, מוזיקאַנטן, אַרכי-טעקטאָרן.

דאָס מאָסקווער צענטראַלע ליטעראַטן-הויז האָט דעראָבערט ברייטע פּאָפּולערקייט ניט בלויז צווישן די שרײַבער, נאָר אויך בא די לייענער.

דירעקטאָר פון צענטראַלן ליטעראַטן-הויז

## אין דער רוסישער שפּראַך

הײַנטיקס יאָר האָט דער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“ אַרויסגעגעבן העכער הונדערט ביכער אין דער איבערזעצונג פון דרײַסיק שפּראַכן, דערין פון אוקראַיִניש — 21 ביכער, פון לעטיש — 9, פון ייִדיש — 8, פון ווײַסרוסיש — 7, פון ליטוויש, עסטאָניש און אַזערבײַדזשאַניש — צו 5 ביכער, פון אַרמעניש, קירגיזיש און קאַבאַרדיניש — צו 3 ביכער.

דער פּלאַן אַפן יאָר 1962 זעט פאָר נאָך 107 אַזעלכע אויסגאַבעס. אַזוי, צום בײַשפּיל, וועלן פון אוקראַיִניש איבערגעזעצט ווערן 28 ביכער, פון ייִדיש — 11, פון אַזערבײַדזשאַניש און גרוזיניש — צו 6 ביכער אאַוו.

פאַר די לעצטע פינף-זעקס יאָר האָט אונדזער פאַרלאַג אַרויסגעלאָזט אין רוסיש בא זיבעציק זאַמלונגען פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער. אין 1961 יאָר האָבן די לייענער באַקומען ביכער פון ש. גאָדינער, נ. זאַבאַרע, א. קאַהאַן, י. ראַבין, א. ווערגעליס, א. פּלאַטנער, ש. דריז און י. קאָטליאַר. אין קומענדיקן יאָר וועלן דערשײַנען די ווערק פון ז.ווענדראָוו, ש. האַלקין, י. שרײַבמאַן, ט. גען, מ. גרוביאַן, ה. אָשעראָוויטש, כ. ווײַנערמאַן, ר. באַליאַסנע, אי. באָרוכאָוויטש, י. דרוקער, כ. זילבערמאַן.

פאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר פון פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“.

## לאָמיר זינגען נײַע לידער!

דאָס 1961 יאָר האָט זיך אָנגעהויבן בא מיר מיט קאָנצערטן אין מאָסקווע. דערנאָך בין איך מיט א נײַער פּראָגראַם אַרויסגעפאָרן קיין סיביר און אַפן ווײַטן מיזרעך (נאָוואָסיבירסק, אירקוטסק, קעמעראָוואָ, כאַבאַראָווסק, ביראָבידזשאַן אאַ.). שפּעטער — לעטלאַנד, מאָלדאַוויע, אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד, ליטע.

איך טרעט איצט אַרויס אין דער באַגלייטונג פון א מוזיקאַלישן אַנסאַמבל, וואָס באַשטייט פון נײַן מענטשן. מיט דערפאָלג נעמט אָנטייל אין די קאָנצערטן מאַרגאַריטע פּאָלאָנסקאַיאַ. זי לייענט ווערק פון סאָוועטישע שרײַבער און פון די קלאַסיקער. די פּראָגראַם, מיט וועלכער איך טרעט איצט אַרויס, באַשטייט קימאַט אינגאַנצן פון נײַע לידער, וואָס זײַנען געשאַפן פון די קאָמפּאָזיטאָרן לייב פּולווער, זינאָווי קאָמפּאַנייעץ, יאַן פרענקעל, לייב קאַהאַן אאַ.

איך זינג לידער וועגן דער הײַנטצײַטיקײַט, וועגן קאַמף פאַר שאָלעם, וועגן אונדזער סאָוועטישן לעבן. אויך די ייִדישע פאָלקסליד איז ברייט פאָרגעשטעלט אין מײַן רעפּערטואַר.

געזאַנג דאַרף ווירקן ווי עמעסע דיכטונג, דערגיין צום האַרצן, וואַרעמען, פאַרשאַפן פרייד. די ליד דאַרף לײַכט זיך פאַרגעדענקען. אַף יעדן קאָנצערט באַקום איך פיל צעטעלעך, וו מע בעט מיך, איך זאָל זינגען באַליבטע לידער. פאַרשיידענע שטעט — פאַרשיידענע צעטעלעך, פאַרשיידענע באַקאָשעס. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן די צושויער מערסטנטייל געבעטן, איך זאָל זינגען פאָלקסלידער: „וואַרנעטשקעס“, „די מעכוטענעסטע“ אאַ. איצט אָבער בעט מען נײַע לידער. דאָס פרייט מיך.

לאַורעאַט פון דעם אַלרוסלענדישן קאָנקורס פון עסטראַדע-אַרטיסטן.

## אין דער לענין-ביבליאָטעק

די ביבליאָטעק אַף לענינס נאָמען איז איינע פון די גרעסטע קולטור-אינסטיטוציעס אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד. העכער צוואַנציק מיליאָן ביכער, זשורנאַלן און צײַטונגס-קאָמפּלעקטן זײַנען דאָ צונויפגעזאַמלט. יעדן טאָג ווערן דערלאַנגט טויזנטער בענדער אין די צאָלרײַכע לייען-זאַלן.

אין אָט דער גרויסער ביכער-וועלט פאַרנעמען א בעקאָוועדיק אָרט די ליטעראַטורן פון די פעלקער פון פּסס״ר, דערין אויך די ייִדישע. פאַר די יאָרן סאָוועטנמאַכט זײַנען די פאָנדן פונעם ייִדישן בוך אויסגעוואַקסן אין פינף מאָל און דערגרייכן איצט מער פון זיבעציק טויזנט בענדער. די ביבליאָטעק פאַרמאָגט סײַ ווערק, וואָס זײַנען געשאַפן געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן צוריק, סײַ די ביכער, וואָס זײַנען אַרויס בא אונדז און אין אויסלאַנד האַיאָר.

די לייענער פונעם ייִדישן בוך אין דער לענין-ביבליאָטעק — דאָס זײַנען אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, קולטור-טוער און וויסנשאַפטלער — מענטשן פון אַלע פּראָפעסיעס.

וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פון דער ביבליאָטעק אַף לענינס נאָמען.

## אלץ — לעשעם דעם מענטשן

אף דער אלפארבאנדישער קינסטלערישער אויסשטעלונג פון דעם יאר 1961, געווידמעט דעם XXII פארטיי-צוזאמענפאר, האבן אונדזערע קינסטלער ארויסגעשטעלט באַ דרײַ טויזנט ווערק.

די אויסשטעלונג דריקט אמבוילעטסטן אויס דעם פילנאציאנאלן כאראקטער פון אונדזער סאָוועטישער קונסט. אף איר זײַנען פארגעשטעלט אלע רעפובליקן פונעם סאָוועטנפארבאנד. מיט זייערע ארבעטן זײַנען פארטראטן קינסטלער פון קאלערליי נאציאנאליטעטן, דערין אויך ניט ווייניק יידן. מיר, א מענטשן פונעם עלטערן דאר, פרייט באזונדערס שטארק דאס, וואס באַנאנד מיט דערפארענע, בארימטע קונסט-מײַסטערס, זעען מיר אף דער אויסשטעלונג א גרויסע צאל יונגע טאלאנטפולע קינסטלער, וואס האבן מיט זיך געבראכט צאפלדיקע פרישקײַט, טעמפעראמענט און טיפן געפיל פאר דער צײַט.

„אלץ — לעשעם דעם מענטשן, פארן וויילזײַן פונעם מענטשן!“ — דעם דאזיקן נאָבעלן ציל ווארפן אונטער זייער שאפונג די סאָוועטישע קינסטלער.

י. טשײקאוו

סקולפטאר, פארדינסטפולער קונסט-טוער פון רספסר.

## א בריוו פון טעל-אוויוו

...מיט געציילטע טעג צוריק איז אין טעל-אוויוו, אין קולטור-קלוב „אחוה“ („ברידערלעכקײַט“) פארגעקומען א פײַערלעכער אוונט, געווידמעט דעם ערשטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד“. דער אוונט איז דורך אין א געהויבענער שטימונג. הונדערטער מענטשן האבן אופגענומען מיט פרייד דאס דערשײַנען פון דער טריבונע פון די סאָוועטישע יידישע שרײַבער.

איך פערזענלעך באגריס אײַך הארציק נישט בלויז אלס רעדאקציע-מיטגליד פון „פרײַ ישראל“, נאָר אלס איינער פון די, וואס האבן געהאט די זכיע צו שטיין באַ דעם וויגעלע פון דעם אנטיפאשיסטישן בלאק אין ווארשעווער געטאָ צוזאמען מיט די אומפארגעסלעכע אנטיפאשיסטישע קעמפער, די פלאמיקע קאָמוניסטן יוסף לעווארטאָווסקי, אנדזשעי שמידט און צימערמאן-מערעטיק. שפעטער איז מיר אויסגעקומען צו שטיין באַ דער אָנפירונג פון דער יידישער אונטערערדישער אנטיפאשיסטישער באוועגונג אין געטאָ און אף דער „ארישער“ זײַט און רעפרעזענטירן די יידישע קעמפער אין דעם רעוואָלוציאָנערן פּוילישן אונטערערדישן פּארלאמענט („קראַיאָווא ראדא נאראָדאָווא“). אין דער קאמפּס- און רעטונגס-טעטיקײַט האָט אונדז צוגעגעבן מוט און גלויבן דער העלדישער קאמף פון די סאָוועטישע פעלקער קעגן דער טײַוולאָנישער היטלעריסטישער מילכאָמע-מאשין. נישט אומזיסט איז איינער פון די הויפּט-לאָזונגען פון די געטאָ-קעמפער און אונטערערדישע טוער געווען דער זיג באַ דער וואָלגע.




קיין שום אנטיסאָוועטישע העץ-קאמפּאניע פון די רעאקציאָנערע קויכעס אין יסראָעל און אין אנדערע לענדער וועט נישט אויסמעקן באַ מיליאָנען יידן דאס באוווסטזײַן, אז אויב מיר לעבן, האבן מיר דאס צו פארדאנקען דעם היסטאָרישן זיג פונעם ראטנפארבאנד און פון דער העלדישער סאָוועטישער ארמיי איבער די נאציסטישע פעלקער-מערדער.

איך גריס הארציק די גאנצע יידיש-סאָוועטישע שרײַבער-מישפּאָכע!

אײַער

ד"ר א. בערמאן

## אין עטלעכע שורעס

◇ אין די טעג פונעם XXII פארטיי-צוזאמענפאר האבן די רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ באזוכט די געסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון יסראָעל די כאַווײרים ש. מיקונים און מ. ווילנער.

אין אן אויספירלעכן שמועס זײַנען בארירט געוואָרן שעפערישע פראגן, וואס האבן א שײַכעס סײַ צו דער ארבעט פון די פּראָגרעסיווע שרײַבער פון יסראָעל, סײַ צו די פּערספּעקטיוון און אופגאבן פון „סאָוועטיש היימלאנד“.

◇ באַ צוויי וואכן האט פארבראכט אין סאָוועטנפארבאנד אלס גאסט פונעם פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער און פון דער רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ דער הויפּט-רעדאקטאָר פון דער פאריזער פּראָגרעסיווער צײַטונג „נײַע פּרעסע“ ג. קעניג.

# א באראטונג וועגן דער ייִדישער ליד

וואָס פאָדערט זיך, קעדיי גרינטלעך פארבעסערן דעם אידייִש-קינסטלערישן ניוואָ פונעם רעפּערטואר פון די סאָוועטישע ייִדישע זינגער?

דער דאָזיקער וויכטיקער און אקטועלער פראגע איז געווען געווידמעט די באראטונג אין רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“, אף וועלכער עס זײַנען בײַגעווען קאָמפּאָזיטאָרן, ארטיסטן, רעזשיסערן, שרײַבער, ליטעראטור-קריטיקער, מוזיק-פאָרשער.

אין זײַן ארײַנפיר-וואָרט האָט דער הויפּט-רעדאקטאָר פונעם זשורנאל ארן ווערגעליס געזאָגט:

— אונדזער זשורנאל איז נאָך זייער יונג, מיר האָבן ערשט ארויסגעלאָזט צוויי נומערן „סאָוועטיש היימלאנד“, דאָך האלטן מיר פאר נייטיק שוין איצט אָנהייבן אן ערנסטן שמועס וועגן דער ייִדישער ליד, וועגן צושטאנד פונעם רעפּערטואר.

צום באדויערן, איז אין די פראגן פון רעפּערטואר נאָך בא אונדז ניטאָ קיין פולע קלאָרקייט. אייניקע כאווײַרים האלטן, אז מע דארף זינגען פון דער בינע נאָר פאָלקסלידער, אנדערע, פארקערט, זאָגן זיך ארויס בלויז פאר היינטצײַטיקער טעמאטיק. לויט אונדזער מיינונג לײַדן ביידע שטאנדפּונקטן פון איינזײַטיקייט. די עכטע פאָלקסליד, וואָס דריקט אויס אין פּאָשעטע ווערטער און אין הארציקע מעלאָדיעס די ליידן און פריידן פונעם פאָלק, דערגרייכט צום הארצן פון יעדן סאָוועטישן מענטשן. אָבער באגלײַך מיט איר דארף פון דער בינע קלינגען די היינטצײַטיקע ליד, וואָס באזינגט אונדזער נײַ לעבן, אונדזער סאָוועטיש היימלאנד. דאָס וויכטיקסטע איז: ניט דערלאָזן אין דער ליד קיין פעלשונג — ניט אינעם וואָרט, ניט אין דער מוזיק. קויכעס צו שאפן די היינטצײַטיקע ייִדישע ליד האָבן מיר. פאראן בא אונדז גענוג טאלאנטפולע דיכטער און באגאבטע קאָמפּאָזיטאָרן.

„סאָוועטיש היימלאנד“ וועט מיט אלע מעגלעכקײַטן מיטהעלפן צו שאפן דעם נײַעם רעפּערטואר. אין 1962 האָבן מיר בעדייע קימאט אין יעדן נומער פון זשורנאל דרוקן זינגלידער און מוזיק צו זיי.

די פּראָבלעמען פון דער ייִדישער ליד האָבן ארויסגערופן אף דער באראטונג א לעבהאפטיקן מיינונג-אויסטויש.

באגריסנדיק די איניציאטיוו פון דער רעדאקציע, האָט דער פאָלקס-ארטיסט פון דער רעפּובליק לייב פולווער באטאָנט, אז די שעפערישע מיטארבעט פון די קאָמפּאָזיטאָרן און פּאָעטן וועט אָן שום ספק ברענגען צו גוטע רעזולטאטן. אייניקע ארטיסטן זינגען אָפט לידער, וואָס זײַנען צופעליק ארײַנגעפאלן צו זיי אין די הענט. דאָס פארמינערט די קוואליטעט פון די קאָנצערטן.

— איך האָב מײַן גאנץ לעבן געווידמעט דער ייִדישער מוזיק, — האָט געזאָגט לייב פולווער, — איך שרײַב אויך איצט א סאך לידער צום זינגען. כ'וועל מיט פרייד זיך באטייליקן אין דער באנײַונג פון אונדזער רעפּערטואר.

— איר ווייסט מיסטאמע, — האָט אין זײַן ארויסטרעטונג דערציילט נאָכעם אויסלענדער, — אז דער באוווּסטער סאָוועטישער קאָמפּאָזיטאָר מ. מילנער האָט געשטאמט פון דעם שטעטל ראקיטנע. ער פלעגט ליב האָבן דערציילן, וויאזוי עס האָט אויסגעזען ראקיטנע אמאָליקע יאָרן. אָבער שרײַבנדיק מוזיק, האָט ער געזען פאר די אויגן ניט דאָס פארגאנגענע שטעטל, נאָר ראקיטנע אין איר גאנג, אין איר באנײַונג. וויאזוי האָט ער עס דערזען? דורך לייב קוויטקאָס לידער, וואָס ער האָט איבערגעלייגט אף מוזיק. קוויטקאָ און מילנער — א באלערעוודיקער בײַשפּיל, וויאזוי עס דארף געשאפן ווערן די נײַע ליד.

צי האָבן מיר איצט אזעלכע היינטצײַטיקע לידער, אין וועלכע עס זאָל קלינגען די שטים פונעם נײַעם מענטשן, דאָס ברויזנדיקע לעבן, וואָס האָט צעבראָכן אלע צוימען פונעם ייִדישן טכום?

אזעלכע לידער זײַנען פאראן, אָבער דעם וועג צו דער בינע האָבן זיי נאָך ניט געפונען. איך בין איבערצײַגט, אז אונדזער באראטונג וועט זײַן אן אָנהייב פון דערנענטערן דעם עכט-קינסטלערישן ליטערארישן טעקסט צו דער אָריגינעלער היינטצײַטיקער מוזיק.

— די סאָוועטישע ייִדישע פּאָעזיע, — זאָגט מאָטל גרוביאן, — איז פייִק צוזאמען מיט די קאָמפּאָזיטאָרן שאפן קאָלאָריטפולע לידער, אף וועלכע עס ווארט דער צושויער. ער מערקט אָפּ, אז אייניקע זינגער האלטן זיך בא א פאלשער מיינונג, אז פאר דער עסטראדע טויגן קלוימערשט בלויז פּרימיטיווע טעקסטן, וועלכע ווערן געשאפן דורך אזויגערופענע „ספּעציאליסטן פון דער עסטראדע-ליד“.

— פארשטייט זיך, — זעצט פאָר מ. גרוביאן, — די עסטראדע פארמאָגט איר ספּעציפיק, אָבער שאפן דעם נײַעם רעפּערטואר דארפן עכטע דיכטער און עכטע מוזיקער.

מ. גרוביאן האָט דערציילט וועגן זײַן געמיינזאמער ארבעט מיט דער ארטיסטן אנע גוזיק, פאר וועלכער ער שרײַבט א ציקל לידער אף היינטצײַטיקע טעמעס.

וועגן די קאָנצערט-פּראָגראמען פון די ייִדישע ארטיסטן האָט גערעדט אווראָם גאָנטאר. ער לייגט פאָר זיך אָפּזאָגן פון אייניקע פאָלקלאָר-מאָטיוון, וועלכע זײַנען שוין פארעלטערט געוואָרן. ווי אף א פריידיקער דערשײַנונג, ווײַזט ער אָן אף דעם, וואָס יעדער ייִדישער זינגער גייט מיט זײַן אייגענעם שעפערישן וועג, בארײַכערנדיק די עסטראדע מיט פארשיידענע זשאנרען און אויסדרוק-מיטלען.

— אונדזער באראטונג, — מערקט אָפּ מוישע טייף, — וועט געוויס זײַן א פרוכטבארע. נײַע טעמעס, נײַע מאָטיוון — דאָס איז די צענטראלע פראגע פאר די ייִדישע ארטיסטן, וועלכע

טרעטן אוף אף דער עסטראַדע. זיי דאַרפֿן ווערן פּראָפּאַגאַנדיסטן פֿון אַלדאָס נײַע. מיר דוכט, לעמאָשל, אַז די ליד פֿונעם טאַלאַנטפֿולן דיכטער י. לערנער „הער שוין אוף צו וויינען...", וואָס איז אָפּגעדרוקט אינעם ערשטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד", איז אין טאָך גענומען אַן ענטפֿער אף דער גאַנץ גרויסער צאָל פּסעוודאָנאַציאָנאַלע לידער, וואָס פֿאַרבלאָנדזשען נאָך, צום באַדויערן, אף אונדזער בינע.

— קימאַט דרײַסיק קאָמפּאָזיטאָרן, — דערציילט זינאָווי קאָמפּאַנייעץ, — שרײַבן מוזיק פֿאַר ייִדישע זינגער. ז. קאָמפּאַנייעץ רופֿט אָן אַ צאָל ווערק אף ייִדישע טעמעס, וועלכע עס האָבן געשאַפֿן די אָנגעזעענע רוסישע סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש, טיכאָן כרעניקאָוו, יורי שאַפּאָרין. ער האָט אויך מיטגעטיילט, אַז לויט דער איניציאַטיוו פֿון דמיטרי שאָסטאַקאָוויטשן ווערט איצט צוגעגרייט צום דרוק אַ גרויסע זאַמלונג פֿון די בעסטע ייִדישע לידער און ראָמאַנסן.

אַ באַזונדערן אינטערעס צו דער באַנײַונג פֿונעם ייִדישן רעפּערטואַר האָבן אויסגעדריקט אין זייערע אַרויסטרעטונגען די אַרטיסטן אַנע גוזיק, עמיל האָראָוויץ, זינאָווי שולמאַן, מיכאַיל טשײַקאָווסקי. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט אַ ריי טענות סײַ צו די דיכטער, סײַ צו די קאָמפּאָזיטאָרן. עס איז דאָ, ווער עס זאָל זינגען, עס איז דאָ פֿאַר וועמען צו זינגען. מיר דאַרפֿן טאָן אַלץ, אַז עס זאָלן זײַן וואָס מער גוטע, פֿרייִדיקע לידער, — אַזוי האָט פֿאַרסאַכאַקלט איר רעדע אַנע גוזיק.

— מײַן מאַטע איז אַ שמיד אין הײַסין, — דערציילט עמיל האָראָוויץ, — איך האָב פֿאַרגעדענקט זײַנס אַ וואָרט: „אַ גוט פֿערד דאַרף ניט קיין בײַטש, אַ גוטע ליד דאַרף ניט קיין טײַטש". אונדזער צושויער האָט ליב אַ גוטע ליד, אַ קאַמפֿס-ליד, אַ ליד, וואָס ווערט געזונגען מיטן גאַנצן האַרצן. די ייִדישע קאָנצערטן גייען אומעטום דורך מיט גרויס דערפֿאָלג. באַזונדערס זײַנען געפֿעלן אונדזערע נײַע לידער וועגן שאָלעם, פֿעלקער-פֿרײַנטשאַפֿט, וועגן היימלאַנד, מע האָט ליב לירישע לידער, שטייגער-לידער.

וועגן די מאָסמיטלען צו באַנײַען דעם רעפּערטואַר פֿון די ייִדישע עסטראַדע-אַרטיסטן און זינגער האָבן גערעדט ע. לויטער, י. ליובאָמירסקי, י. קערלער, ש. גאָרדאָן, מ. ליפּשיץ, וו. שאַינסקי און די טוערן פֿון דער אַלרוסלענדישער גאַסטראָל- און קאָנצערט-פֿאַראייניקונג נעטאַ ראָי.

דער שעף-רעדאַקטאָר פֿון דער וואַרשעווער ייִדישער צײַטונג „פֿאָלקס-שטימע" הירש סמאָליאַר, וועלכער איז געווען צוגאַסט אין מאָסקווע, איז אַרויסגעטראָטן אף דער באַראַטונג מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט דערציילט, ווי פּאָפּולער און באַליבט עס איז די סאָוועטישע ייִדישע ליד אין דער פּוילישער פֿאָלקס-רעפּובליק. ער האָט אויסגעדריקט אַ ווונטש, אַז די טוער פֿון דער סאָוועטישער קונסט זאָלן כאַוועריש מיטהעלפֿן די ייִדישע כאָר-קאָלעקטיוון פֿון פּוילן אין שאַפֿן אַ נײַעם, אינטערעסאַנטן רעפּערטואַר.

שליסנדיק די באַראַטונג, האָט אַ. ווערגעליס דערקלערט, אַז די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" וועט סיסטעמאַטיש דורכפֿירן אַזעלכע צוזאַמענטרעפֿן פֿון פּאָעטן, זינגער און קאָמפּאָזיטאָרן. ער האָט אויסגעדריקט די זיכערקײַט, אַז גאָר אינגיכן וועלן מיר דערהערן די נײַע לידער, וואָס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אויך דורך די אָנטיילנעמער פֿון דעם הײַנטיקן צוזאַמענטרעף.

---

**«СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД» («СОВЕТСКАЯ РОДИНА»)**

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

**ИЗДАТЕЛЬСТВО «СОВЕТСКИЙ ПИСАТЕЛЬ»**

Главный редактор **А. Вергелис**

Редколлегия: **А. Гонтарь, Г. Добин, Б. Миллер, Н. Ойслендер, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай**

Ответственный секретарь **М. Лев**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б. 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42

Художественный и технический редактор **И. Шустер**

Корректор **Б. Гершман**

Подписано к печати 14/XII 1961 г. Тираж 25.000 экз. Формат бумаги 70×108 1/16. Печ. л. 8 (10.96). Уч.-изд. л. 11.73. Бум. л. 4+вкладка 1/8 л. Цена 50 коп. Зак. 3128

Московская типография № 3 «Искра революции» Мосгорсовнархоза.



דער אָקטיאַבער-ווינט.

בילד פון קינסטלער מ. דעוויאַטאָוו.



א ווינטער־טאָג אין בראַטסק.

פאָטאָ פון מ. מינייעוו.

אין דעם ליטעראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל

# „סאָוועטיש היימלאַנד״

נומ. 1 פאַרן 1962

הייבן מיר אָן דרוקן אַ נײַעם ראָמאַן
פון עליע שעכטמאַן

# „ערעוו"

עס וועלן אויך פאַרעפנטלעכט ווערן דערציילונגען און פאַרציי־כענונגען פון ז. ווענדראָוו, מוישע אַלטמאַן, נויעך לוריע, נאָטאַן זאַבאַרע, שירע גאָרשמאַן, העשל ראַבינקאָוו, אויזער האָלדעס.

די פּאָעזיע וועט זײַן פאַרגעשטעלט מיט קאַפּיטלען פון פּערעץ מאַרקישעס פּאָעמע „יערושע״, מיט לידער פון כאַנע ווײַנערמאַן, ראָכל בוימוואַל, מאָטל גרוביאַן, מענדל ליפשיץ, כאַנע לעווין, דאָוויד בראָמבערג אאַ.

מיט ליטעראַריש־קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועלן אַרויסטרעטן נאָכעם אויסלענדער, הירש רעמעניק און כאַים מעלאַמוד.

די אַבאָנירונג אויפן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״ נעמען אָן די קאָנטאָרן פון „סאָיוזפּעטשאַט״.

דער זשורנאַל דערשײַנט 6 מאָל אין יאָר.

אַבאָניר־פּרײַז — 3 רובל א יאָר.
פּרײַז פון איין נומער — 50 קאָפּ.

Цена 50 коп.

# Советиш Геймланд

## «СОВЕТСКАЯ РОДИНА»

В НОМЕРЕ